# טרוימערס פונ׳ם געטאָ

פון
ישראל זאַנגוויל

איבערזעצט פון ענגליש פון
מאַרק שווייד

צווייטער באַנד

פאַרלאַג מ. יאַנקאָוויטש
181 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק
1929

# מימון דער נאַר און נתן דער חכם

## I

צופרידענע בערלינער בירגער אין זייערע זונטאָגדיגע קליידער זיינען מאַסענווייז געגאַנגען דורך דעם ראָזענטאַלער טויער אין דער קילקייט פונ'ם אָווענט אין אויגוסט אויף זייער געוועגליכען שפּאַציר אין דער אומגעגענט: זייער ווייניג האָבען פאַרפעלט צו באַמער־קען די ליגענדיגע געשטאַלט פון אַ יונגענמאַן אין שמאַטעס, מיט אַ לאַנגער ברודיגער באָרד, ווי ער האָט געקלאָגט און אויסטערליש געקרומט זיך נאָנט פאַר'ן טויער: נאָך ווייניגער האָבען נאָכגע־פרעגט וואָס עס טוט אים וויי.

ער האָט געענטפערט אין אַ מאָדנעם געמיש פון זשאַרגאָנען, און האָט אינגאַנצען פאַרשטעלט דעם זין פון זיינע רייד מיט שטיק־לעך לשון קודש, אידיש, פּויליש, רוסיש, און האָט עס נאָך דאָ און דאָרט איבערגעריסען מיט אַ פאַרשטיקטען קרעכצען און זיפצען. איין גוטע נשמה נאָך דער אַנדערער האָבען זיך הילפלאָז אָפּגעקערט. די דיקע מגילה פון לשון קודש'דיגער שריפט וואָס דאָס טונקעלע, אָפּגעלאָזענע באַשעפעניש האָט פעסטגעהאַלטען אין זיין האַנט איז נאָך ברודיגער געוואָרען פון טרערען. די זעלנער אויף דער וואַך האָבען אים באַטראַכט מיט פּראָפעסיאָנעלער פאַרהאַרטעוועטקייט.

בלויז דאָס האַרץ פון דעם קרומענדיגען קאַליקע אַליין האָט גע־וואוסט זיין אייגענע ביטערקייט, בלויז די טרערען־געבלענדטע אוי־גען האָבען געזען דאָס דערבאַרימליכע בילד ווי אַ נויטבאַדערפטי־גער איד קעמפט פאַר בילדונג. ווייל, אויפגעצויגען אין אַן ענ־גען גלויבען, האָט ער גע'חלומ'ט דעם חלום פון וויסען. וויסען — וויסען — איז געווען די ליידענשאַפט וואָס האָט אים פאַרצערט: צו פאַרשטיין דעם זין פון לעבען און דעם אורשפּרונג פון זאַכען.

ער האָט זיך ווידער געזען אַלס קינד אין פּוילען, אין צייטען

פון פארהעלטניסמעסיגער שפע, אנגעטאן אין זיין אטלעסען אנצוגעל, ווי ער האט איבערראשט זיין טאטען מיט א קשיא ביי דער סאמע ערשטער שורה פון תנ"ך, וואס ער האט אנגעהויבען לערנען מיט אים ווען ער איז זעקס יאר אלט געווארען, און פון וואס זיין מח האט דערנאך נישט איינמאל באקומען אנגעריסען אן אויער. ער האט זיך דערמאנט זיינע ערשטע באמיאונגען נאכצומאכען מיט קרייד אדער ווייכער קויל די האלץ־שניטען פון פייגעל אדער בלע־טער וואס ער האט גליקליכערווייז געפונען אויף שער־בלעטער פון אויסגעטריקענטע ספרים. ווי ער פלעגט זיך פאר'גנב'ענען אין דעם נישט־באוואוינטען, פוסטען פריצישען הויז און נאכצייכענען די פיגורען פון די טעפיכער, שטייענדיג אין מיטען ווינטער א האלב־געפרוירענער, דאס פאפיר אין איין האנט, די בלייפעדער אין דער אנדערער. און ווען אט דער קינסטלערישער ענטוזיאזם איז שטרענג כאטש מיט באוואונדערונג אפגעשטעלט געווארען דורך זיין פאטער, וועלכער האט בדעה געהאט צו דערציען א רב, ווי אזוי ער האט די טרוקענע פלפולים פון דער גמרא — וואס האבען אזוי געלאנג־ווייליגט א קינד וואס איז נישט געווען פאראינטערעסירט אין גט'ן אדער אין וויפיל ווייסע האר א רויטע קו האט געמעגט האבען — זיך פארלייכטערט דורך דעם וואס ער פלעגט זיך פאר'גנב'ענען ביי־נאכט און איבערקוקען אן אוצר העברייאישע ספרים וועגען וויסענ־שאפט און געשיכטע, וואס ער האט אנטדעקט אין אן אלטער שאפע אין זיין טאטענס חדר. אין דעם חדר אריין, וואס איז אויך געווען דאס שלאפצימער אין וועלכען דאס קינד איז געשלאפען מיט זיין באבען, האבען זיך דעם יונגענמאנ'ס געדאנקען אומגעקערט מיט א טרויעריגער ביטערקייט, און ביים בילד פון דער אומשולדיגער קליי־נער געשטאלט איינגעבויגען איבער די פארשטויבטע ספרים ביים פלעמעלדיגען פייערליכט אין דער שטילקייט פון דער נאכט, האט זיך דאס בינטעל שמאטעס נאך קאנוואולסיווער געהויבען און גע־זונקען. ווי ליב ער האט געהאט צוצולייגען פריש האלץ נאכדעם ווי זיין באבע איז שוין געגאנגען אין בעט אריין, און זיך פאר־מעסטען איבער דער אסטראנאמישער אפהאנדלונג, און נישט צו־הערען זיך וואס עס האט געמורמעלט די אלטע פרוי וועלכע איז גע־לעגען אין קעלט ווייל זי האט זיך גענויטיגט אין אים. א, דאס

איינזאַמע אינגעלע איז טאַקע געווען אין הימעל, געשפּאַנט איבער די הימלישע קרייזען — און בגנבה, וואָס דאָס האָט עס נאָך זיסער געמאַכט. אָבער דאָס אָרמבאַנד־רייפעל וואָס ער האָט זיך אַזוי קונציג געמאַכט פון געפלאָכטענע ריטלעך האָט אים פאַרראַטען: זיין באָבע, אַ דערשראָקענע איבער דעם קינד׳ס אינטערעס אין אָט די מיסטישע געפלעכטען, האָט אויסגעגעבען דעם סוד וועגען דעם כשופ׳דיגען אינסטרומענט צו זיין פאָטער. אַנדערע עפּיזאָדען פון זיין לאַנג יאַנגניש נאָך וויסען — וואס איז אפילו נישט אָפּגעהאַל־טען געוואָרען דורך לערער וואָס האָבען אים געשמיסען, וואָס איז בלויז לייכט אָפּגעלענקט געוואָרען דורך זיין חתונה צו עלף יאָר — זיינען אים דורכגעגאַנגען אין קאָפּ. וואָס פאַר אַן אומאויסשפּרעכ־ליכע אַנטציקונג עס האָט אין אים אויפגערייצט דאָס ערשטע לער־נען דעם רמב״ם, דעם „מורה נבוכים״, וואס האָט גע־געבען דעם אמת׳דיג פאַרווירטען יונגנמאַן אורזאַכען פאַר דער אי־דישער אייפּריגקייט, וועלכע האָבען אים באַלויכטען. ווי חשוב עס איז ביי אים געווען דער גרויסער מיטעלאַלטערליכער דענקער, וואָס ער האָט אים באַטראַכט אַלס דעם אידעאַל פון דער מענשהייט, דעם באַגייסטערסטען פון אַלע לערער. האָט ער דען זיין אייגענעם נאָ־מען נישט געענדערט אויף מימון צו געשטאַלטען זיין לעבען לויט דעם רבינ׳ס, אפילו איצט האָט ער בשעת אַ נסיון געהאַט אַ שבועה: „איך שווער ביים כבוד וואָס איך בין שולדיג מיין גרוי־סען רבי׳ן, רבי משה בן מימון, דאָס נישט צו טון״.

אָבער אפילו דער רמב״ם האָט נישט געקענט איינשטילען זיין דורשט. דער רמב״ם איז געווען אַן אריסטאָטעלער און דער יונגער־מאַן וועט ליבערשט טרינקען פונ׳ם הויפּט קוואַל. ער איז געגאַנגען צופוס הונדערט און פופציג מייל צו זען אַן אַלט ספר אויף לשון קודש וועגען דער אריסטאָטעלישער פילאָזאָפיע. אָבער לשון קודש איז נישט גענוג געווען. דאָס גרויסע קיניגרייך פון וויסענשאַפט, פון וועלכען ער האָט געהאַט אַ טונקעלע אַנונג, מוז ליגען אין אַנ־דערע שפּראַכען. אָבער לערנען אַן אַנדערע שפּראַך איז געווען טריף פאַר אַ אידען, און לערנען אַ אידען אַן אַנדער שפּראַך איז געווען טריף פאַר אַ גוי.

אזוי ווי ער האָט שוין איצטער לייכט פאַרשטאַנען דייטשע און לאַטייניש ביכער, האָט ער שוין פון לאַנג פאַרגעסען זיינע ערשטע פיינליכע שריט: אין זיין גסיסה האָבען זיי זיך אומגעקערט חוזק צו מאַכען פון אים. ער האָט זיך אויסגעלערענט אָט די אַלפאַבעטען פון גרויסע לשון קודש'דיגע ספרים, אין וועל־כע ער האָט באַמערקט אַז נאָכדעם ווי דרוקערס האָבען פאַרנוצט די אותיות פונ'ם אלף־בית צו באַצייכענען זייערע בויגענס, האָבען זיי אָנגעהויבען אַנדערע, פרעמדע אלף בית'ן. ווי געפרייט ער האָט עס זיך ווען ער האָט אויסגעפונען, אַז דורך דעם וואָס ער האָט געקענט אידיש, האָט ער געקענט ארויסגראָבען דעם טייטש פון אַ פּאָר צור־ר׳סענע בלעטלעך פון אַן אַלט דייטש ביכעל וואס ער האָט ערגעץ צופעליג באַקומען.

דאָס בילד פונ'ם קרעטשמער'ס הייזעל, אין וועלכען ער איז אַמאָל געוועזען דער לערער פון דער משפחה, איז אים פּלוצלונג אריינגעפלויגען אין קאָפּ — ער האָט זיך געזען ווי ער האָט אויסגע־טייטשט אַ צוריסענעם חומש צו האַלב־נאַקעטע קינדער הינטער אַן אויוועז אין אַ פאַררויכערטער שטוב פול מיט פויערים, וואס זיינען געזעסען אויף דער ערד און געזשלאָקעט בראָנפען, אָדער ווי שכור'ע רוסישע זעלנער זיינען פּלוצלונג אנגעקומען און האָבען צוהאַקט די בעטען אדער געוואָרפען גלעזער דעם קרעטשמער און זיין ווייב אין פנים אריין. אָרעמע פוילישע אידען, פאַרשאָלטען מיט אָרעמקייט און טיראַניי! וועמען האָט מען געקענט עפּעס פאַרוואַרפען פאַר טרייסטען זיך מיט שנאַפּס אין אַזאַ שטוב? אַ חוץ דעם, ווען אַ מענש האָט באַקומען באַצאָלט בלויז פינף טאָלער, האָט ער זיך געמעגט אַליין מכבד זיין מיט אַ שנעפּסעל אָדער צוויי. און דער־נאָך איז אים געקומען אין זכרון אַן אַנדער איין־שטוביגע היים, אין וועלכער אַ יונגערמאַן מיט זיינע אויגען און האָר איז געזעסען אַ גאַנצע נאַכט איבער קבלה־ספרים וואס דאָס איז געוועזען זייער אומבאַקוועם פאַר דעם רבי'ן וועלכער האָט נישט לאַנג צוריק חתונה געהאַט, און וועלכער האָט איינגעשטימט צו לערנען מיט אים קבלה. ווייל דאָס איז געוועזען זיין קבלה צ״יט, ווען ער האָט גע'חלומ'ט פון השבעות און כשוף און פון ווערען אַ בעל שם. אַ חוזק־שמייכעל האָט געציטערט אין זיינע מויל־ווינקלען ווען ער האָט זיך דערמאָנט

ווי דער אָרעמער רבי און זיין שיין ווייב, האָבען אים נאָך פּרוכט־לאָזע אָנצוהערענישען געבאָרגט עטליכע טייערע ספרים פּטור צו ווערען פון זיין אויפזיצען גאַנצע נעכט, און דער שמייכעל האָט זיך פאַרהאַלטען אביסעל לענגער ווען ער האָט זיך דערמאָנט זיינע איי־גענע אומזיסטע פּרוּאווען צו באַצווינגען דאָס אומנאַטירליכע דורך קבלה־פסוקים אדער ניגונים וואָס ער האָט זיך שפּעטער אויסגע־לערענט פון די חסידים.

יא, ער האָט פריי אויסגעפונען אז די אַלע קבלה סודות זיינען בלויז געווען אַ פריוו וויסענשאַפטליך אויסצוטייטשען דאָס לעבען, פאַרשלייערט אין מעשות און משלים. נאָר וואָס מער ער האָט דערקלערט אז קבלה איז שכל'דיג, אַלץ מער האָט ער אויפגערעגט די אָרטיגע מקובלים, וועלכע האָבען זיך אָפּגעזאָגט פון צו האָבען זייער „געטליך וויסען" פאַרטייטשט בלויז אלס „שכל". און, אז אנטווישטער האָט ער זיך אויף אזא אופן צוריקגענומען צו „מענש־ליכער וויסענשאַפט", און זיך אוועקגעלאָזט אין מיטען ווינטער צו באָרגען אַלטע ביכער וועגען אָפּטיק און פיזיק, און האָט זיך געמאכט מער שונאים דורך זיין אויפדרינגליכער וויסענשאַפט פון וואַנען טוי איז געקומען און פון וואַנען בליצען האָבען זיך גענומען. ערשט ווען ער האָט זיך אונטערגענומען — מיט'ן כח פון אַנאַטאָמישע טאַבעלען און אַ מעדיציניש ווערטערבוך — צו היילען מענשען, האָט ער אויסגעפונען ווי ווייניג ער ווייסט, און ער האָט דערגרייכט דאָס, אז ער האָט זיך בלויז אויסגעהיילט פון זיין אייגענער איינ־רעדעניש. און דעמאָלס האָט עס דייטשלאַנד אויפגעלויכטען אין זיין פאַנטאַזיע, אַ גרויס וואונדערליך לאַנד, וואו עס האָט געוואוינט דער אמת, און אידישקייט איז געווען פרייער, ברייטער. יא, ער וועט פאָרען קיין דייטשלאַנד און וועט שטודירען מעדיצין און וועט אנטלויפען פון דער שטיקענדיגער אַטמאָספערע.

זיינע זיפצען, וואָס האָבען זיך ביסלאַכווייז איינגעשטילט, האָבען זיך אויפסניי אָנגעהויבען ווען ער האָט זיך דערמאָנט אָן דער שרעק־ליכער רייזע. ערשטענס, די רייזע־קאָסטען קיין קעניגסבערג, וואָס אַ פרומער סוחר האָט אים געגעבען: דאָן די רייזע אויף דער שיף קיין שטעטין, פאַר וועלכער עס האָבען באַצאָלט די יונגע אידישע סטודענטען, וועלכע האָבען אָנגעהויבען מיט אָפּלאַכען פון זיין לעבער־

ליבען אקצענט ווען ער האט געלייענט מענדעלסאָנ׳ס פעידאָן — די ליטעראַרישע סענסאַציע פונ׳ם טאָג, וועלכע האט געפּלעפט די וואָל־טעריאַנער—זיינען געווען ווי פון א דונער געשלאָגען פון זיין מאָמענ־טאַנער איבערזעצונג פון דעם ווערק אין א פיינעם העברעאיש, און האָבען אים אַלע אין איין קול געראַטען צו פאָרען קיין בערלין. אָ, אָבער וואָס פאר א רייזע! די געגענ־ווינטען, וואָס האָבען פאַרצויגען די רייזע אויף פינף וואָכען אַנשטאָט צוויי, דער איינציגער אַנדערער פּאַסאַזשיר אַן אַלטע פרוי, וואָס האָט זיך געטרייסט מיט זינגען גע־בעט־לידער, זיין אייגענער דיאַלעקט און דער פּאָמעראַנער דייטש פון דער מאַנשאַפט, וואָס האָט זיך מיט אים געגענזייטיג נישט פארשטאַנען, זיין געלעגער פון עטליכע אָנגעשטאָפּ־טע זעק, קיינמאָל קיין וואַרים עסען נישט, און מער־סטענטיילס די ים־קראַנקהייט. און דערנאָך, ווען ער איז שוין א זיכערער אַראָפּ פון שיף, אָן א פעניג, אדער אפילו א גאַנצע קעשענע צו האַלטען א פעניג, האָט ער אָנגעהויבען צו געהן צו פוס קיין פראַנקפורט. אָ, דאָס דערשלאָגענע געפיל פון האָפנונגסלאָזיגקייט, וואָס האָט אים געמאַכט זיך אַראָפּלאָזען אונטער א לינדענבוים אין אַן אויסברוך פון טרערען! פאַרוואָס האָט ער ווידער אָנגעהויבען האָפען, פאַרוואָס האָט ער ווייטער דורכגעמאַכט זיין וועג קיין בערלין, ווען אַזא גורל האָט געוואַרט אויף אים ווען עס איז אים צוגעטיילט גע־וואָרען אַזא אויפנאַם? מען זאָל אים אַלס שלעפּער און שווינדלער נישט אַריינלאָזען, אַז זיינע ברידער־אידען זאָלען אים אָפּשטויסען, מען זאָל אים אַרויסיאָגען פון זיין גע׳חלומ׳טער שטאָט דורך דעם אויפזעער פונ׳ם אידישען טויער־הויז!

וויי! וויי! האָט דאָס געזאָלט זיין דער סוף פון זיין לאַנגער האָפענונג? מיט א וואָך צוריק איז ער געווען אַזוי גליקליך. נאָכדעם ווי ער האָט זיך געשיידט מיט זיין לעצטען באַזיץ, אַן אייזערן לעפעלע, פאַר א גלאָז זויער ביר, איז ער געקומען אין א שטאָט אַריין, וואו זיין סמיכות הרבנות — וואָס דאָס צו דערגרייכען איז ביי אים געווען א קינדערשפּיל — האָט אים פאַרשאַפט דעם פולשטענדיגען כבוד, וואָס איז אים געקומען לויט זיין שטאַנד, נישט קוקענדיג אויף זיינע שמאַטעס. מען האָט דעם שלעפּער געגעבען דאָס ערשטע אָרט אין שול, און דער רייכער פּרעזידענט האָט אים פאַרבעטען אויף שבת און אים

אוועקגעזעצט צווישען זיך און זיין טאָכטער, א שיינע בתולה פון צוועלף, שיין געקליידט. דורך זיין וויינגלאָז האָט אים די צוקונפט אויסגעזען ראָזע, און זיינע למדנ'ישע רייד האָבען ענטפערדיג גע־גליט, אָבער ער איז נישט געווען צו שכור נישט צו זען ווי דאָס מיידעל האָט אָנגעהויבען צו פארקרימען דאָס פנים, און ער איז פלוצלינג פארשטומט געוואָרען פון חרפּה ווען ער האָט באגריפען די אורזאך. ליגען אויף דעם שטרוי פון קרעטשמע־שטאַלען אין קליידער וואס מען האָט זיבען וואָכען נישט איבערגעביטען, רעקאָמענדירט נישט אפילו א רב צו א צערטליך מיידעל. דאָס גוטע מזל איז איבערגעריסען גע־וואָרען, און פון דאמאָלסט אָן האָט דער געלערענטער שלעפּער גאָר־נישט געוואוסט חוץ דערנידעריגונג און הונגער.

דער ציטער פון באגייסטערונג ווען ער האָט דערזען דאָס טויער פון בערלין איז גיך אוועק ווען ער האָט אנטדעקט, אז ער מוז וואוינען אין דעם אָרעם הויז וואָס די אידען האָבען דאָרט אויפגעבויט, ביז די גבאים וועלען אים אונטערזוכען. און דאָרט האָט ער זיך געוואָלגערט א גאנצען טאָג מיט די קראנקע און קאַליקעס און מיט דעם אומריינעם המון, ביז דער אָווענט האָט געבראַכט די גבאים און זיין וויסטען סוף — מען האָט אים פראָסט אָפּגעזאָגט די דערלויבניש אריינצוקומען אין שטאָט אריין און שטודירען מעדיצין.

פאַרוואָס? פאַרוואָס? וואָס האָבען זיי געהאַט צו אים? צווישען זיינע ספּאַזמען האָט ער זיך געפרעגט די קשיא. און פלוצלינג, ווען ער האָט געהאַלטען אין מיטען דערקלערען זיין צרה צו א נייעם פארבייגייער, איז אים איינגעפאַלען דער ענטפער און האָט זיין אויס־טייטשונג נאָך מער צוטומעלט. יאָ, עס האָט געמוזט זיין דער וואָלף אין רבנ'ישע קליידער, צו וועלכען ער האָט יענעם פרימאָרגען גערעדט אין דעם אָרעמויז! דער צדיק מיט דער רויטער באָרד וואס האָט זיך מיט אזא רחמנות איינגעהערט צו דער געשיכטע פון זיין לעבען אין פּוילען, זיין רייזע אהער. ער האָט אזוי קלוג פארשטאַנען זיין פאר־טייטשונג אויף דעם גרויסען מאַימאָנידעס, דעם „מורה נבוכים". דער געמיינער שפּיאָן, דער נידעריגער מסור! ער האָט דערציילט די פאַנאַטיקער פון שטאָט וועגען דעם ניי־אָנגעקומענעמ'ס אפּיקורסישע געדאנקען. זיי האָבען אים אויסגעשטויסען, ווי מען שטויסט אויס א מגפה.

דאָס איז אַלזאָ די פּרייז אַטמאָספערע, דאָס ברייטערע אידענטום נאָך וועלכען ער האָט געבענקט. די שטאָט, וואָס האָט שטאָלצירט מיט דעם ווייט־בארימטען משה מענדעלסאָן, דעם פאָרבילד פון חכמה און טאָלעראַנץ, איז געווען אזוי קליינליך אזוי ווי די רבנים־פארפעס־טעטע שטעטלאך, וואָס ער האָט זייער שטויב פון זיך אָראָפּגעטריי־סעלט. אַ ווילדער כעס געגען די אידען און דעם מענדעלסאָן האָט אים אויפגעטרייסעלט. דאָס איז, הייסט עס, אַלץ וואָס ער האָט געוואונען מיט דעם פאַרלאָזען זיין ווייב און קינדער, כדי צו קענען נאָכגיין בלויז דעם אמת!

אפשר איז אין דעם געלעגען זיין שטראָף. אָבער ניין! ער איז נישט שולדיג געווען אין דעם וואָס מען האָט אים אָנגעזאָטעלט מיט אַ משפחה. ווען מען האָט חתונה געהאט צו עלף יאָר, האָט מען עס מיט דער גרעסטער חכמה נישט געקענט אויסטייטשען אַלס אַ טואונג מיט׳ן אייגענעם ווילען. ער האָט זיך דערמאָנט די לאַנגע, געמיינע, סענסאַציאָנעלע חתונה־קאָמעדיע, פון וועלכער ער איז געווען דער קרבן. די געוואלטיגע קאָנקורענץ צווישען די עלטערען פון טעכטער אריינ־צוקריגען פאַר אָן איידעם אַזאַ באַרימטען עלוי, וואָס האָט געקענט רעדען וועגען גאָט־זאַכען אזוי פאַרדרייט, ווי אַ איד מיט אַ גראָער באָרד. זיין אייגענע אינגלישע נייגונג צו פּעסעלע׳ן, דעם רייכען ארענ־דאר׳ס טאָכטער, איז גראָב באזייטיגט געוואָרען, ווען איר שוועסטער איז אראָפּגעפאלען אין אַ קעלער און האָט צובראָכען אַ פוס. שלמה מוז חתונה האָבען מיט דער קאַליקע טאָכטער, איז דער אַרענדאַר באַשטאַנען פאַר דעם עלוי׳ס פאָטער, וועלכער האָט פונקט אזוי פאר־עקשנ׳ט געענטפערט: „ניין, איך וויל די שוועסטער מיט די גלייכע פיס".

דער אָרעמער יונגערמאַן האָט זיך אויפס׳ניי געקרומט ביים גע־דאנק פון זיין פאָטער׳ס עקשנות. אמת, רחל האָט אונטערגעהונקען, אָבער ווי ער האָט מיט יאָרען שפּעטער, ווען ער איז געווען אַ שטילער מלמד אין איר משפחה, אויסגעפונען, אז זי איז געווען אַ ליבליך באַ־שעפעניש, און אזוי ווי איר טאַטע האָט פאָרגעלייגט צו מאַכען אים פאַר אַ גלייכען יורש צו זיין גרויס פאַרמעגן, וואָלט ער געווען איינ־געאָרדענט אויפ׳ן לעבען אין רחבות און תורה. אָבער ניין! זיין טאַטע האָט דוקא געוואָלט פּעסעלע׳ן, און דערפאַר איז ער, שלמה,

פאַרבעטלערט געוואָרען דורך זיין טאַטענ׳ס אויסקלייבערישער עקשנות קעגען אַן אויסגעלענקטען פוס.

אָבער, ווי, ווי דאָס שלימזל האָט אים פאַרפאָלגט! אָט איז געוועזן דער גביר און למדן פון שמילאָוויטש, וואָס ער האָט זיך פאַר־ליבט אין זיין גוטען נאָמען, און געוואָלט אים פאַר אַן איידעם דורך אַ בריף, איידער ער האָט אים אפילו ווען עס איז געזען. וואָס פאַר אַ טיפען בריף זיין פאָטער האָט עס צוריק־געשריבען אַלס ענטפער, אַ געמיש פון שורות פון תנ״ך און גמרא־פסוקים. די באַדינגונג איינ־צואוויליגען איז געוועזן פיין דערמאָנט פון „שיר השירים״: „דו, שלמה, מוזט האָבען טויזענט זילבערשטיק, און די וואָס האַלטען די פרוכטען דערפון צוויי הונדערט!״ אַ נדן פון טויזענט גולדען פאַר דעם חתן, און צוויי הונדערט פאַר דעם פאָטער! מען האָט אָנגענומען די תנאים, דער פאָטער האָט געמאַכט די נסיעה קיין שמילאָוויטש, האָט געזען זיין שנור און האָט געשריבען די תנאים. די צוויי הונדערט גולדען פאַר אים אַליין האָט מען אים גלייך אויסגעצאָלט, און ער איז אפילו באַשטאַנען אויף פיר הונדערט.

אומזיסט. „אָט איז אייער בריף״, האָט דער למדן גע׳טענה׳ט, „איהר האָט בלויז פאַרלאַנגט צוויי הונדערט״.

„אמת״, האָט ער געענטפערט, „אָבער דאָס איז בלויז געוועזן בדי נישט קאַליע צו מאַכען דעם שיינעם פסוק״.

מיט וואָס פאַר אַ שמחה ער האָט עס זיך אומגעקערט אהיים מיט די פיר הונדערט גולדען פאַר זיך, די חתן־מתנות פאַר זיין שלמה־לען — אַ שוואַרץ סאַמעטען קאַפּעל מיט גאָלדענע טאַשמעס, אַ תנ״ך איינגעבונדען אין גרינעם סאַמעט מיט אַ זילבערן שלעסעל, און נאָך אַזעלכע זאַכען.

דער האַרץ־צובראָכענער שלעפּער האָט געזען דאָס אומשולדיגע אינגעל, וואָס איז אַמאָל געוועזן ער, ווי ער איז פאַר׳גנב׳עט אַרומגע־גאַנגען אין זיין סאַמעטען קאַפּעל און איבערגע׳חזר׳ט די דרשה, וואָס ער האָט באַדאַרפט האַלטען ביים חופה־טיש, און שמעקענדיג די לע־קעכען און איינגעמאַכטסען וואָס זיין מאַמע האָט צוגעגרייט פאַר דער סעודה, ווען די פאָטשט האָט געבראַכט די נייס, אַז די כלה איז פלוצלינג געשטאָרבען פון פּאָקען.

בשעת מעשה האָט ער פונקט אַזוי וויינינג געטרויערט נאָך זיין

אומגעזעענער כלה ווי זיין פאָטער, וועלכער האָט געמאַכט דורך זיין זון פיר הונדערט גולדען אויף אַ בכבוד'יגען וועג, און קען איצט האָפען צו מאַכען נאָך פיר הונדערט. „דאָס קאַפּעל און דער תנ"ך מיט'ן זילבערנעם שלעסעל זיינען שוין מיין", האָט דאָס קינד צו זיך אַליין געזאָגט, „און אַ כלה וועט מיר אויך לאַנג נישט פעלען, און מיין חופּה־דרשה קען איך נאָך נוצען". בלויז די מאַמע האָט מען נישט געקענט טרייסטען, ווייל לעקעכען און איינגעמאַכטסען קענען קאַליע ווערען, באַזונדערס ווען עס איז נישטאָ קיין אָרט וואו זיי צו באַהאַלטען, אַז דער אַנטוישטער חתן זאָל נישט אָנפאַלען אויף זיי. ערשט איצט האָט דער אָרימער מימון פאַרשטאַנען, ווי עס האָט אים געפעלט די אַמאָ־ליגע גרינגקייט אין לעבען! ווייל ער איז צום סוף אַריינגעפאַלען אין די הענט פון אַן אַלמנה פון נעסוויג, מיט אַ שענק הינטער דער שטאָט און אַן איינציגער טאָכטער. זי איז בלויז געווען נישקשה'דיג פאַר־מעגליך, אָבער זי האָט געהאַט אומגעוויינליכע אַמביציע, און האָט זיך דערוועגט צו חלום'ען וועגען אָט דעם באַרימטען וואונדערקינד פאַר איר שרה'ן. אַן אָפּזאָג האָט זי נישט אָפּגעשראָקען, און זי האָט נישט אויפגעהערט צו שדכנ'ען איר טאָכטער, ביז זי האָט, נאָך דעם ווי זי האָט אויספּראָבירט יעדען סאָרט קונץ און מאַנעווורע און ליגען, יעדעם געוועער פון געזעץ און אומגעזעצליכקייט, סוף כל סוף אַהיימגעבראַכט דעם אומווילינגען חתן. מיט וואָסערע געוויסענלאָזע מאַנעוורעס זי האָט אים אַרויסגעריסען פון זיין לעצטער געלעגענהייט צו עשירות, ווען אַ רייכער סוחר, וואָס האָט צום שלימזל איבערגענעכטיגט אין איר קרעטשמע און האָט איר באַוויזען אַ תנאים, דורך וועלכע זיין טאָכטער איז געוואָרען דעם באַרימטען שלמה'ס כלה, האָט זי אים געפּאָכעט פאַר'ן פּנים מיט אַ פריערינגע תנאים! אַזוי ווי דעם אינ־געל'ס מוטער איז אַרום דער צייט געשטאָרבען, האָט זיך די אַלמנה נישט אָפּגעשטעלט אַרויסצוקריגען פון געריכט אַ באַשלאָג אויפ'ן מת, וואָס האָט די קבורה אָפּגעהאַלטען, ביז דער פאַל איז דערליידיגט געוואָרען. אומזיסט האָט דער רייכער סוחר אין מיטען דער נאַכט אַריינגע'גנב'עט דעם חתן צו זיך אין דער קאָטש, מען האָט דאָס אינגעל נאָכגעיאָגט און געכאַפּט, צו פירען אַ לעבען פון שטענדיגער קריגעריי מיט זיין שוויגער, און זיך איבערוואַרפען מיט טעלער ביים עסען. צו ווערען אַ מלמד אין ווייטע מקומות, און נאָכדעם ווי ער האָט נאָך אַ

פאַרלויף פון יאָרען געהאַט עטליכע קינדער, איז ער אַוועקגעפאָרען אַלץ ווייטער און ווייטער, און איז ענדליך אינגאַנצען פאַרשוואונדען איבער דער גרעניץ.

אָרעמע שרה! ער האָט איצט געטראַכט וועגען איר מיט צערט־ליכקייט. אַ גאַנץ וואוילע מויד, רירעוודיג און שכל'דיג, כאָטש מיט אַ ביסעל פון איר מאַמע'ס עקשנות. קיין צווייפעל נישט, אַז זי איז נאָך אַלץ דער אַלמנה'ס רעכטע האַנט אין שענק. אָ, ווי שיין זי איז געווען יענעם טאָג ווען דער שכור'ער הראַביע ראַדזשיוויל, האָט ביי זיינע משוגע'נע שטיק אין קרעטשמע, געקוקט אויף איר מיט גלוסטיגע אויגען: „ווירקליך אַ שיינע פּאַניענקע! נאָר זי דאַרף קריגען אַ ווייס העמדעל". ביי דעם איינפאַל האָבען די ניכטערערע איידעללייט פון זיין חברה איר געגעבען אָנצוהערעניש, אַז זי זאָל זיך אָפּטראָגען פון וועג.

איצט, אין זיין פאַרצווייפלונג, האָט זיך דער פאַרלוירענער פּיל־גרים פון וויסענשאַפט מיט בענקשאַפט געווענדט צו איר בילד, האָט מיט שוואַכקייט געוויינט איבער די מיילען וואָס האָבען אים אָפּגע־טיילט פון אַלע די וואָס האָבען אים ליב געהאַט. ווי אַזוי איז דוד אויפגעוואַקסען — זיין קורטשאַווער בכור, דאָס קינד פון זיין פער־צענטען יאָר? ער מוז שוין זיין אַ יאָר צען, און אין עטליכע יאָר אַרום וועט ער שוין זיין בר־מצוה. אַ כוואַליע פון זיין אייגענער אַמאָ־ליגער פרומקייט איז אים באַפאַלען און געבראַכט אַ לייכטען ריח פון יום־טוב'דיגע כלים און ווייטע ווידערקולות פון שול־ניגונים. נאָר, נאָר, נישט צו זיין צופרידען מיט דעם אמת, וואָס האָט צופרידענגע־שטעלט זיינע אָבות, נישט צו רוען אויף דער ברוסט פון דעם ווייב וואָס גאָט האָט אים געגעבען. אפילו זיין שווינער איז פאַרצווינגען געוואָרען מיט איידעלערע פאַרבען דורך דעם נעפּל פון טרערען. זי האָט אים ענדליך אָפּגעשעצט, האָט געקעמפט פאַר אים מיט די ציין און מיט די נעגעל, ווען אָט די גראָבע בערלינער! — ער האָט פאַר־מאַכט זיינע פויסטען פאַר כעס: די גאַנצע קראַפט פון דעם אומ־רעכט איז אים אויפס'ניי קלאָר געוואָרען. זיינע הענט האָבען גע־גליט, אַ ווייטאָג האָט אים כסדר געשלאָגען אין קאָפּ אריין. ער האָט זיך ווידער פאַרטראַכט וועגען הראַביע ראַדזשיוויל אין יענעם טאָג אין

שענק. ער האָט געזען, ווי דער קאַפּריזנער הערשער האָט מאַרשירט, מיט דעם גאַנצען פּאָמפּ פון מלחמה, צו באַזוכען אַ דאָרף, וואָס איז געווען קוים פיר מייל ווייט פון זיין רעזידענץ. צו ערשט זיינע באַטאַ־ליאָנען פון אינפאַנטעריע, אַרטילעריע און קאַוואַלעריע, דערנאָך זיין לייבגוואַרדיע פון וואָלונטירען פון דער אָרעמער אַריסטאָקראַטיע, דער־נאָך זיינע קיך־וואַגאָנען, דערנאָך זיינע אָרקעסטערען, דערנאָך זיין קעניגליכע קאַרעטע אין וועלכער ער האָט געשנאָרכט, אַן איבער־וועלטיגטער פון דעם אונגאַרישען ווייַן, און צום סוף זיין צוג פון לאַקייען. דערנאָך האָט ער געזען ווי מען האָט זיין דערלויכטענע מאַיעסטעט אַנידערגעוואָרפען אויף זיין שוויגער׳ס ברודיג בעט, אין די שטיוועל און אין די שפּאָרען. ווייל זיינע איידעללייט האָבען, פאַרבייפאָרענדיג די קרעטשמע, געטראַכט, אַז די בעסטע זאַך וואָלט געווען ווען מען זאָל אים לאָזען זיך באַקוועמער אויסשלאָפען. אַן אַרומגערינגעלטער פון לאַקייען און פאַזשען און נעגערס האָט ער דאָ געשנאָרכט אַ גאַנצע נאַכט, אין דער צייט וואָס די כוואַטסקע אַלמנה האָט זיך ווי געוויינליך געקאָכט אירע מאַלצייטען און געהאַקט האָלץ אין דער אייגענער שטוב. און דאָ, אין אַ פאַררויכערטער שענק, מיט אויסגעהאַקטע פענסטער, און באַלקענס וואָס זיינען אונטערגעהאַלטען פון נישט געהובעלטע פּניאַקעס, אויף אַ בעט וואָס האָט געשוויבעלט פון וואַנצען — האָט זיך דער כראַביע אויפגעכאַפּט, און אויף דאָס מינדסטע נישט איבעראַשט. ווען מען האָט אים די זאַך דערקלערט, האָט ער באַפוילען זיינע באַדינטע צוצוגרייטען אַ באַנקעט גלייך אויפ׳ן אָרט.

דעם אָרימען מימונ׳ס פּאָרטריקענט מויל האָט איצט געוואַסערט ווען ער האָט געטראַכט וועגען דעם משוגע׳נעם וואַקכאַנאַלישען באַנקעט פון זעלטענע וויינען און מאכלים, צו וועלכען גראַפען און פּריצים האָבען זיך אוועקגעזעצט אויף די שמוציגע בענק פון דער שענק. מען האָט זיך פאַרוועט אויסצולייידיגען בעכערס צום קלאַנג פון האַרמאַטען, און די ריכטער וועלכע האָבען צוגע׳פסקנ׳ט דעם פרייז דעם כראַביע, זיינען פון אים באַשאָנקען געוואָרען מיט מאַיאָנטקעס, וואָס האָבען אַנטהאַלטען הונדערטער פּויערים. מימון האָט אָנגעהויבען אויסצו־שרייען, נאָכמאַכענדיג די האַרמאַטען, אין זיין פאַנטאַזיע איז ער ווילד אָנגעפאַלען אויף אַ שול, אַזוי ווי ער האָט אַמאָל געזען דעם כראַביע

טאָן, און האָט צוהאַקט און צובראָכען אַלץ, צוריסען די ספרי תורות פונ'ם אָרון קודש און געטראָטען אויף זיי. יאָ, זיי האָבען עס פאַר־דינט די טרוסיגע צבוע־'קעס. נידער מיט דעם געזעץ, כאַפּט דער שוואַרץ־יאָר די רבנים. אַ־אַ־אַ! ער וואָלט צוריבען די תפילין אונ־טער זיינע קנאַפּעל — אַזוי. און אַזוי! און —

די זעלנער האָבען פאַרשטאַנען, אַז ער איז אין אַ שרעקליכען פיבער, האָבען זיי צוגערופען דעם אידישען אויפזעער, וועלכער האָט אים צוריק אַוועקגעטראָגען אין אָרעמהויז אריין.

.2

מימון האָט אויפגעוואַכט צומאָרגענס אין דער פרי מיט אַ קלאָרען און רירעוודיגען קאָפּ, און ער האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז ער איז קראַנק. „אַ דאַנק דעם רבונו של עולם", האָט ער מיט שמחה גע־טראַכט, „איצט וועל איך דאָ בלייבען עטליכע טעג, און נישט נאָר וועל איך אין דער צייט עסען, נאָר איך קען נאָך אפילו האָפען צו ווירקען אויף אימעצען פון די גוטהאַרציגע באַזוכער, אַז ער זאָל מיך באַשיצען. אפשר ווען איך וואָלט געקענט באַוויייזען צו שיקען אַ בריף צו הער מענדעלסאָנ'ען, וואָלט ער זיך איינגעשטעלט פאַר מיר, ווייל אַ תלמיד חכם דאַרף אַלע מאָל רחמנות האָבען אויף אַ תלמיד חכם".

אָט די ראָזע דערוואַרטונגען זיינען גראָב פאַרטונקלט געוואָרען: דער אויפזעער האָט אָנגעטאַפּט מימונ'ס פּולס און זיין שטערען, און נאָכדעם ווי ער האָט אים דערלאַנגט זיין פאַרטייטש אויף דעם „מורה נבוכים", האָט ער אים העפליך אַרויסבאַגלייט פאַר'ן טויער. מימון האָט זיך מיט קיין וואָרט נישט אַנטקעגענגעשטעלט, ער איז געווען ווי פאַראַליזירט.

„וואָס איצט, אַ, פירער פון די פאַרפירטע?" האָט ער אויסגע־שריען, און האָט מיט אַ שטייניגען בליק איבערגעקוקט זיין אומגליק־ליכען מאַנוסקריפּט. „אַ, משה בן מימון, דו, ביי וועמען איך האָב אַזוי אָפּט געשוואוירען, קענסטו מיר איצטער העלפען? זע, מיינע קעשענעס זיינען אַזוי ליידיג ווי די קעפּ פון דיינע געגנערס".

ער האָט אויסגעקערט זיינע קעשענעס, און זע! עטליכע זילבער־שטיק זיינען אַרויסגעפאַלען און האָבען זיך פריילאַך געקאַלערט אי־

בער'ן טראַטואַר. „אַ נס!" האָט ער געשריען. דאַן האָט ער זיך דערמאָנט, אַז די גבאים האָבען אים אָוועקגעשיקט מיט זיי, און ווייל ער איז געווען אַזוי איבערוועלטיגט פון זיין משפט, האָט ער זיי מעכאַניש אָוועקגעלייגט. יאַ, מען האָט אים באַהאַנדעלט ווי אַ פשוט'ן בעטלער. אַ לייכטער רויטל פון חרפה האָט באַפאַרבט זיינע האָריגע באַקען ביי דעם געדאַנק. אמת, ער האָט אָנגענומען גאַסטפריינטליכ־קייט פון פרעמדע, אָבער דאָס איז אים אַלס רבי געקומען, אַזוי ווי די פרייע רייזע קיין קעניגסבערג און שטעטין זיינען געווען אַן אויסדרוק פון אַנערקענונג פאַר זיין געלערנטקייט. אינגאַנצען צו שנאָרריי איז ער קיינמאָל נישט געזונקען. ער האָט געדראָט מיט זיין פויסט צו דער שטאָט. ער וועט נאָך דאָס געלט אַ שלײדער טאָן זיי אין פנים אַריין — אַמאָל. מיט דער שבועה האָט ער צוריק אַריינגעלייגט דאָס געלט אין קעשענע, האָט זיך פאַרקירעוועט אין דער ערשטער גאַס וואָס ער האָט אָנגעטראָפען, און האָט זיך אינגאַנצען פאַרלאָזט אויף זיין מזל. עס האָט אים הנאה געטאָן, וואָס אין דער אָרעמער קרעטשמע, אין וועלכער ער איז אַריין זיך אונטערלענען דאָס האַרץ, האָט ער באַגעגענט אַ איד, וואָס איז אויך געגאַנגען אין שמאַטעס אַזוי ווי ער.

מימון האָט זיך ביי אים נאָכגעפרעגט וועגען די וועגען און וואָר־הין זיי פירען, און ער איז איבערראַשט געווען אויסצוגעפינען, אַז זיין פריינט איז געווען אַ פראָפעסיאָנעלער שנאָרער.

„און דו ביזט דען נישט?" האָט אים דער בעטלער געפרעגט, אויך מיט איבערראַשונג.

„אודאי נישט!" האָט מימון בייז אויסגעשריען.

„אַזאַ פאַרשווענדונג פון גוטע שמאַטעס!" האָט דער בעטלער אויסגערופען.

„אַזאַ פאַרשווענדונג פון געזונטע מוסקלען", האָט מימון גע־ענטפערט. ווייל דער בעטלער איז געווען אַ גרויסער שטאַרקער יונג און געזונט ווי אַן אייזען. „ווען איך וואָלט געהאַט דיינע אַקסלען, וואָלט איך מיין קאָפּ געהאַלטען העכער אויף זיי".

דער שנאָרער האָט אַ צי געטאָן די אַקסלען. „בלויז נאַראָנים אַרבעטען. וואָס האָט דיר אַרבעט געבראַכט? שמאַטעס. דו הויבסט אָן מיט אַרבעט און ענדיגסט מיט שמאַטעס. איך הויב אָן מיט שמאַ־טעס און ענדיג מיט מאָלצייטען".

„אָבער האָסטו נישט קיין שום זעלבסט־רעספּעקט?" האָט מימון אויסגערופן אין דערשטוינונג. „קיין מאָראַל? קיין אמונה?"

„איך האָב אַזוי פיל אמונה ווי יעדער שנאָרער אין דרויסען", האָט דער בעטלער געענטפערט און זיך אויסגעגלייכט. „איך האַלט שבת".

„יאָ, אודאי", האָט מימון מיט אַ שמייכעל געזאָגט. „אונזערע חכמים זאָגען, בעסער האַלט דיין שבת פאַר אַ וואָכענטאָג איידער גיין בעטלען. דו זאָגסט: בעסער האַלט דיין וואָכענטאָג פאַר אַ שבת איידער זיין אָפּהענגיג אָן זיך אַליין". און פאַר זיך אַליין האָט ער געטראַכט: „דאָס איז זייער וויציג, איך מוז דאָס געדענקען צו דער־ציילען לפּידות'ן". ער האָט זיך געהייסען דערלאַנגען נאָך אַ גלאָז בראָנפען.

„יאָ, אָבער אַ סך פון אונזערע חכמים, דאַכט זיך מיר, זיינען אָפּהענגיג אָן זייערע ווייבער. איך באַגיי זיך אָן ווייבער. מוז איך מיך דערפאַר אויך באַגיין אָן פּרנסה?"

מימון איז געווען אַמוזירט און איבערראַשט. ער האָט אַוועק־געשטעלט זיין בראָנפען איידער ער האָט אים פאַרזוכט. „אָבער דער וואָס באַגייט זיך אָן אַ פרוי לעבט אין זינד. עס איז דעם מאַנ'ס פליכט פאַרצופלאַנצען דעם קומענדיגען דור, צו גרינדען אַ היים, ווייל וואָס איז דען ציוויליזאַציע ווען נישט היים, און וואָס איז היים ווען נישט אמונה?" דער וואַנדערער האָט גערעדט אין אַן ערנסטען טאָן. ער האָט פאַרגעסען זיינע אייגענע זינד פון אויסמיידונג אין דער קלאָר־קייט מיט וועלכער זיין אינטעלעקט האָט געזען די רעכטע זאַך.

„אָ, דו ביזט פון יענעם סאָרט פּרעדיגער", האָט זיך דער שנאָרער אָנגערופען. עס פאַלט מיר איין, אַז מירביידע וואָלטען געקענט צו־זאַמען טאָן עפּעס בעסערס ווי קריגען זיך. וואָס זאָגט איר וועגען אַ שותפות?"

„אין בעטלען?"

„וואָס אַנדערש קען איך פאָרשלאָגען? איר זענט אַ נייער מענש אין לאַנד, איר קענט נישט די וועגען, איר האָט נישט קיין געלט".

„אַנטשולדיגט! איך האָב נאָך אַ טאָלער".

„ניין, איר האָט נישט. דאָס צאָלט מיר אויס פאַר דעם שותפות".

דאָס האָט דעם מעטאַפיזישען מימון געקיצעלט. „אָבער וואָס געווין איך פאַר מיין טאָלער?"

„מיין ערפאַרונג".

„אָבער אויב אַזוי, געווינט איר גאָרנישט פון מיין שותפות".

„קודם כל אַ טאָלער. דאַן, פאַרשטייט איר, וועט אייער געלע־רענטקייט אין מאַראָל ציען, ווען מיר וועלען אויספעלען פּסוקים. אין קליינע דערפער וועלען מיר גיין צוזאַמען און באַשאַפען אַן איינדרוק פון ווייט־פאַרשפּרייטער נויט. מיר וועלען רעדען וועגען דעם, אַז אונזער שטאָט איז אַוועק מיט'ן פייער, אַז מען פאַרפאָלגט אונז, וועגען וואָס איר ווילט. איין בעטלער קען זיין אַ ליגנער. צוויי צוזאַמען זיינען מאַרטירער".

„בעטעלט איר אַלזאָ בלויז אין דערפער?"

„אָ, ניין. נאָר אין שטעט וועלען מיר זיך צוטיילען. איר וועט באַארבעטען איין האַלבע שטאָט, איך די אַנדערע. דערנאָך בייטען מיר זיך מיט די העלפטען, און מיר וועלען שוין זיין באַלאָדען מיט וויסען ווער עס זיינען די געבערס אין יעדער העלפט. דאָס מאַטערט אויס ווייניגער".

„און די געבערס דאַרפען צוויי מאָל געבען".

„זיי האָבען אַ טאָפּעלטע מצוה. צדקה באַשאַפט צדקה".

„דאָס איז אַ זעלטענער בחור", האָט מימון געטראַכט. „ווי לפּידות וואָלט עס הנאה געהאַט פון אים! און ער זאָגט דעם אמת. איך וויים גאָרנישט פונ'ם לאַנד. ווען איך וועל מיט אים אַ ביסעל אַרומ־פאָרען, קען איך מיך אַ סך אויסלערנען. און ער קען פון מיר אויך לערנען. ער האָט אַ גוטען קאָפּ אויף די פּלייצעס, און עס וועט מיר אפשר געלינגען אין אים איינצופּלאַנצען בעסערע באַגריפען פון פליכט און טוגענט. אויסער דעם, וואָס נאָך קען איך טאָן?" און קייקלענדיג אַזוי זיין טאָלער אין דער לופט, האָט ער אויסגערופען: „פּאַרטיג!"

דער בעטלער האָט די מטבע פלינק אַ כאַפּ געטאָן. „הער שענקער", האָט ער אַ זאָג געטאָן, „נאָך אַ גלאָז פון אייער אויסגעצייכענטען שנאַפּס!" און ווען ער האָט עס גענומען צו די ליפּען, האָט ער אַ זאָג געטאָן: „ברודער, דאָס טרינק איך פאַר אונזער שותפות".

„וואָס־זשע, און איך דאַרף נישט טרינקען?" האָט מימון אויס־גערופען, אַ געפאַלענער ביי זיך.

„נישט פריער ווי דו וועסט אויסבעטלען", האָט דער שנאָרער אונטערגעלאַכט. „דו האָסט געהאַט דיין ערשטע לעקציע. הער שענקער, נאָך אַ גלאָז פון אייער אויסגעצייכענטען שנאַפּס!"

און אַזוי האָט דער פילאָזאָף, וואס זיין מח האָט כסדר געדרייט און געפלאָכטען דעם אוניווערז און איִם צונומען אויף שטיק, אָנגעהויבען צו וואנדערען איבער דייטשלאנד מיט דעם בעטלער, וואָס זיינע געדאנקען זיינען געווען באגרענעצט מיט זיין פעטען בויך. זיי האָבען אויסגענוצט בלויז אַ קליינעם שטח, און מיט ווייניגער ערפאָלג ווי יעדער פון זיי האָט דערוואַרט. כאָטש פון צייט צו צייט האָבען זיי געהאַט גענוג, האָבען זיי אָבער קיינמאָל נישט געהאַט קיין אמת'דיגען מאָלצייט. און גאַנץ אָפט האָבען זיי זיך געמוזט באַגיין מיט פאַרשימעלט ברויט און וואַסער, און ליגען אויף אַלט שטרוי און אפילו אויף דער בלויזער ערד.

„דו שעלטסט נישט גענוג", האָט דער בעטלער אָפטמאָל פּראָטעסטירט.

„אָבער פאַרוואָס זאָל מען שעלטען אַ מענש דערפאַר וואָס ער זאָגט דיר אָפּ דיין פאַרלאַנג?" איז דער פילאָזאָף אַלץ באַשטאַנען אויף דאָס זייניגע. „אויסער דעם ווערט ער נאָך פאַרביטערט דערפאַר, און ער וועט נאָך גיכער אָפּזאָגען".

„ווער פאַרדאַמט, און פאַשטאָפּ דיין פילאָזאָפיע אין אַ פלעשעל!" האָט דער בעטלער אויסגעשריען. „ווי אָפט דאַרף איך דיר דערקלערען, אַז שעלטען ברענגט מענשען אריין אין שרעק".

„הויבט זיך גאַרנישט אָן", האָט מימון געמורמעלט אַ דערשראָקענער.

„ניין? וואָס איז רעליגיע, אויב נישט שרעק?"

„פאַלשע רעליגיע, אויב דו ווילסט. אָבער אמת'ע רעליגיע, ווי מימונידעס זאָגט, איז די דערגרייכונג פון פולקאָמענהייט דורך קענען גאָט און דורך נאָכטאָן זיינע טאַטען".

דאָך, ווען זיי האָבען געבעטעלט צוזאַמען, האָט מימון אַרויסגעבראַכט אַ מין שטום געקווענקעל, וואָס האָט געקענט אָנגענומען ווערען פאַר אַ בקשה אָדער אַ קללה. ווען ער האָט געבעטעלט אַליין, זיינען אַלע פיינע עצות וואָס ער האָט געלערענט פונ'ם שנאָרער, פאַרטרוקענט געוואָרען אויף זיין צונג. אָבער זיין שווייגען האָט מיט מער

רחמנות געבעטען ווי זיין רעדען. ווייל ער איז געווען באָרוועס און כמעט נאַקעט. און דאָך, נישט קוקענדיג אויף די אַלע אומגינסטיגע באַדינגונגען, האָט זיין מח אַליין אָנגעהאַלטען דאָס אומענדליכע פלעכ־טען און דרייען דעם אוניווערז. דער שאַרפער אַנאַליז פאַר וועלכען יאָרהונדערטער פון איבערגעשפּיצטקייט האָבען צוגעגרייט דעם פּוילישען איד'ס מח, און וועלכער איז איצט צום ערשטען מאָל וויסענשאַפטליך באַנוצט געוואָרען צו דערווירקליכער וועלט אַנשטאָט פאַנטאַסטיש צום תנ"ך. און קען זיין, אַז טאַקע דאַמאָלסט, ווען ער איז געלעגען אויף דער נאַקעטער ערד, האָט אים דאָס רעטעניש פון עקזיסטענץ, וואָס האָט אַזוי אַרויסרופענדיג געפינקעלט אין די שטערען — אַמשאַרפסטען געפייניגט.

אַזוי איז אַ האַלב יאָר פאַרביי. מימון האָט זיך נישט אויסגע־לערענט בעטלען, און דער בעטלער האָט זיך נישט אויסגעלערענט די מינדסטע מאָראַל. ווי אָפט דער פילאָזאָף האָט עס געבענקט נאָך זיין אַלטען פריינט לפידות — דעם קברנ'ס איידעם — איבערצושמועסען זאַכען מיט אים, אַנשטאָט מיט דעם מגושמ'דיגען אַרומשלעפּער. זיי זיינען געווען אויף גענוג גרויסע צרות אָט די צוויי, אָבער אָ! ווי אַנדערש זיי האָבען זייער לאַגע גענומען. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי פריילאַך לפידות האָט צוגעשפּילעט זיין אָפּגעריסענעם אַרבעל צו דער פּלייצע פון זיין ראָק, אויסרופענדיג: „זע איך נישט אויס ווי אַ שליאַכטשיץ?" און ווי ער האָט זיך ווידער באַרימט מיט די גרויסע לעכער אין זיינע שיך: „זיי קוועטשען מיר נישט אין די פינגער". ווי זיי פּלעגען זיך פאַרשטעלען פאַר ציניקער, ער און דעם קברנ'ס איידעם, אויפגראָבענדיג מיט אַן אומ'רחמנות'דיגער לאָפּעטע די הוילע ביינער פון מענשליכער טוגענט. אַזוי איבערצייגט ווי שול־גבאים האָבען אין צייט פון מגפות געזוכט די באַהאַלטענע חטאים פון דער קהילה, אַזוי האָבען די צוויי געשטרעבט אויפצודעקען די באַ־האַלטענע זינדיגקייט פון זעלבסטגענאַרטער רעכטפאַרטיגקייט.

„פאַלשער זעלבסט־אַנאַליז איז דער פונדאַמענט פון צופרידענ־הייט", לפידות האָט אין איין שיינעם טאָג געמאַכט דעם סך־הכל, ווען זיי זיינען געלעגען ביי דער שטאָט־וואַנט.

אויף וואָס מימון האָט געענטפערט: „אויב אַזוי, מיין פריינט, פאַרוואָס זשע זיינען מיר אַזוי צופרידען צו פאַר'משפּט'ן אַנדערע?

לאָמיר זיין גערעכט און משפט'ן זיך אַליין. אָבער דאָס הענקערישע לעבען וואָס מיר פירן, איז בלויז דער רעזולטאט פון פוילקייט, וועלכע מיר באַגלאַנצען מיט נאָכדענקערייען איבער דער פוסטקייט פון אַלע זאַכען. מיר זיינען צופרידען מיט אונזערע שמאַטעס. פאַרוואָס? ווייל מיר זיינען צו פויל צו פאַרדינען בעסער. מיר וואַרפען פאַר די אומגעבילדעטע, אַז זיי זיינען פוסטע מענשען, וואָס גיבען זיך בלויז אָפּ מיט די פאַרגעניגענס פון די חושים. פאַרוואָס? דערפאַר וואָס זיי זיינען נישט געבויט אַזוי ווי איך און דו און זיי לעבען דערפאַר אַנדערש. וואָס איז אונזער העכערקייט, ווען מיר פאָלגען בלויז נאָך אונזער נייגונג אַזוי ווי זיי פאָלגען נאָך זייערע? בלויז אין דעם פאַקט וואָס מיר זיינען מודה דעם דאָזיגען אמת פאַר זיך אַליין, אין דער צייט וואָס זיי טענה'ן אַז זיי האַנדלען, נישט צו באַפרידיגען זייערע באַזונדערע באַגערען, נאָר פאַר אַלעמענס נוצליכקייט".

„מיין פריינט", האָט לפידות געענטפערט, טיף גערירט, „דו ביזט פולשטענדיג גערעכט. אויב מיר קענען איצט נישט פאַרריכטען אונזערע פעלערען, לאָמיר זיך ווענען זיי נישט נאַרען, נאָר וויינינגסטענס האַלטען אָפען דעם וועג פאַר פאַרבעסערונג".

אַזוי האָבען זיי זיך איינער דעם אַנדערען צוגעגעבען מוט צו זען קלערער און צו לעבען פיינער. און פון אַזאַ חבר'שאַפט צו פאַלען צו דער חבר'שאַפט פון אַ שנאָרער! אָ, דאָס איז געווען אומערטרעגליך.

אָבער ער האָט עס אַריבערגעטראָגען, ביז דער הערבסט איז אָנגעקומען און געבראַכט מיט זיך די הייליגע צייט פון ראש השנה און יום כפור, און די לאַנגע קילע נעכט. און דאַמאָלסט האָט ער אָנגעהויבען צו פילען דעם ציטער פון גלויבען און קעלט.

ווען זיי האָבען זיך צוזאַמען געטוליעט אין הינטערהייזער, וואו דער בעטלער איז זיך רואיג געשלאָפען אין אַ גראָב העמד, און דער פילאָזאָף האָט געציטערט אין שמאַטעס, האָט מימון געזען זיין אראָפּקומעניש קלאָרער ווי שטענדיג. זיי האָבען איצט געווענדט זייערע טריט צו פוילען, און יעדער טאָג האָט מימון'ען געבראַכט נענטער צום באַפרייענדיגען איינפלוס פון פריהע זכרונות, און איינמאָל ווען ער איז געשלאָפען אינ'ם אידישען הקדש אין פויזען — וואו דער ממונה

האָט געמאַכט זיין פּרנסה בכבוד פון שניידעריי — האָט מימון ענד־ליך געפונען כח צו באַשליסען ביי זיך אָפּצוברעכען. ער וועט זיך וואַרפען פאַר דער טיר פון שול און וועט ענטוועדער דאָרט שטאַרבען, אָדער באַפרייט ווערען. ווען זיין חבר איז אויפגעשטאַנען און האָט אָנגעהויבען אויסצופּלאַנעווען די אַרבייט פאַר'ן טאָג, האָט ער פּעסט אַ זאָג געטאָן: „ניין, איך גיב אויף אונזער שותפות".

„אָבער ווי אַזוי וועסטו לעבען, דו לא יצלח?" האָט זיין דער־שטוינטער חבר געפרעגט. „דו קענסט דאָך אפילו נישט בעטלען".

„גאָט וועט העלפען", האָט מימון מיט בטחון געזאָגט.

„זאָל דיר גאָט העלפען!" האָט זיך דער בעטלער אָנגערופען.

מימון איז אוועק אין חדר אריין. דער מלמד איז געווען אוועק און אַ טומעלדיגע חברה אינגלאַך האָבען אויפגעהערט זייערע שפּילערייען אָדער זייער לערנען און גענומען פרעגען קשיות ביים שמאַטניק און חוזק מאַכען פון זיין ליטווישען אידיש, פון זיינע סינ'ס אָנשטאָט שינ'ס. דאָס האָט אים נישט אָפּגעשעמט, דער פילאָזאָף האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף זיינעם אַן אַלטען פריינט, אויף וועלכען ער האָט זיך ליידער דער־מאָנט, אַז ער איז אוועק קיין פּויזען צו זיין דער מזכיר ביים רב הכולל. די נייס, אַז דער רב הכולל האָט באַקומען אַן אַנדער שטעל און האָט מיט זיך מיטגענומען דעם מזכיר, האָט אים געבראַכט צו פאַרצוויי־לונג. אַ שטראַל פון האָפנונג האָט זיך דורכגעבראָכען ווען ער האָט אויסגעפונען, אַז זיין פריינט'ס אינגעל איז איבערגעלאָזען געוואָרען אין פּויזען מיט דאָקטאָר הירש יאַנאָוו, דעם נייעם רב הכולל.

און אפשר האָט דאָס אינגעל געקענט ברענגען אויסלייזונג. ער האָט דערקלערט דאָקטאָר הירש יאַנאָוו'ן, אַז אַ גרויסער למדן און צדיק איז אריינגעפאַלען אין אַ גרויסער נויט, און אין אַ רגע האָט דער גוטהאַרציגער מענש געשיקט נאָך מימונ'ען, האָט אויסגעפאָרשט זיין געלערנטקייט און איינגעפונען, אַז זי איז אָן גרונט, האָט צוגעשטימט צו זיין פאַרלאַנג צו פייערען די יום־טובים אין פּויזען, האָט אים גע־געבען געגנוג געלט אין קעשענע אריין—דער פאַרהאַרטעוועטער בעט־לער האָט עס אָנגענומען און איז אפילו נישט רויט געוואָרען — האָט אים פאַרבעטען צו עסען מיט אים יעדען שבת, און האָט מיט אים מיטגעשיקט דאָס אינגעל צו קריגען פאַר אים אַ בכבוד'יגע וואוינונג. ווען ער האָט פאַרלאָזט דאָס הויז יענעם נאָכמיטאָג, האָט מימון

נישט ווילענדיג געהערט די קווייטשענדיגע פאָרוואורפען פון דער רבי'צין.

„אָט האָסטו דיר! האָסט שוין ווידער פאַרשווענדט מיין פּרנסה־געלט אויף שלעפּערס און בעטלערס. מיר וועלען קיינמאָל נישט ארויס־קריכען פון אונזערע חובות".

„שאַ! שאַ!" האָט דער רבי איידעל געענטפערט. „אויב ער וועט דיך הערען, וועסטו ווי טאָן אַ גרויסען למדן. דאָס געלט האָט מען מיר געגעבען צו צוטיילען".

„די מעשה האָט שוין אַ באָרד" ,האָט די רבי'צין גיך צוריק־געענטפערט.

„ער איז אַ גרויסער צדיק", האָט דאָס אינגעל געזאָגט מימונ'ען אויפ'ן וועג. „ער פאַסט יעדען טאָג אין דער וואָך ביז די נאַכט פאַלט צו, און ער עסט נישט קיין פלייש חוץ שבת. זיין פאַרדינסט איז קליין, אָבער יעדער איינער האָט אים ליב. מען רופט אים חריף". מימון איז געווען איינשטימיג מיט דער אַלגעמיינער מיינונג. דע ר איידעלער אָפּגעצערטער צדיק האָט באַרירט אַלטע קוואַלען פון רעליגיעזע געפילען און האָט אים געבראַכט טרערען פון מער ווי דאַנקבאַרקייט אין די אויגען אריין.

זיין נשמה האָט אויף אַ רגע געפילט דעם רוף פון יענער אינער־ליכער וועלט, וואָס ישראל'ס הארץ האָט באַשאַפען, יענע שיינע וועלט פון צערטליכסטער ליבע און שטרענגסטען געזעץ, אין וועלכער דער קודשא ברוך הוא (וואָס ער האָט אויסגעוויילט ישראל צו פּרעדיגען קדושה צווישען די פעלקער), מיסטיש איינגעהילט אין טלית און תפילין טוט תפילה צו זיך אַליין: „זאָל עס זיין מיין ווילען, אַז מיין רחמנות זאָל בייקומען מיין צאָרן".

און ווי איבערראַשט ער איז געווען ווען ער האָט אויסגעפונען, אַז מען האָט אים באַשטאַט, נישט ערגעץ אין אַן אָרעמען בוידעם, נאָר אין דעם לערענצימער פון איינעם פון די ערשטע אידען פון שטאָט. דאָס העכסטע איז ערשט געקומען, ווען ער האָט דערלאַנגט דער בעל־הבית'טע עטליכע גראָשען און זי געבעטען, זי זאָל אים אָפּ־קאָכען אַ ביסעל גריץ אויף וועטשערע.

„ניין, ניין", האָט די בעל־הבית'טע געזאָגט מיט אַ שמייכעל, „דער רב הכולל האָט אונז נישט רעקאָמענדירט, אַז מיר זאָלען אייך

פארקויפען גריץ. מיין מאן און מיין זון זיינען ביידע למדנים, און אזוי לאנג ווי איר ווילט פארבלייבען אין פויזען, וועט עס זיין א פרייד פאר זיי ווען איר וועט אונז אנטאן דעם כבוד צו זיצען ביי אונ־זער טיש".

מימון האט קוים געקענט גלויבען זיינע אויערען. עס איז אבער געוועזן א רייכע וועטשערע און מען האט זי נישט געקענט צוריקווייזען. און נאכדעם האט מען אים געפירט אין א ריין בעט אריין! א, דער רייכער ווייטאג פון אויסשטרעקען זיך די צובראכענע ביינער אויף ווייכע פעדערען! די טוליענדיגע פרייד פון פיינשמעקענדיגע לייל־כער נאך א האלב יאר ארומוואלגערען זיך!

דאס איז געוועזן דאס העכסטע גליק אין זיין לעבען. ער איז נאך קיינמאל נישט געלעגען אין אזא כוואליע פון גליק, און ער וועט עס קיינמאל ווידער נישט האבען. פלאכקעפ מוזען פלאפלען, האט ער צו זיך אליין געזאגט, אבער וועלכעס פארגעניגען פונ'ם שכל קען זיך ווען עס איז פארגלייכען מיט דעם פארגעניגען פון די חושים? וואלט עס אים דען אפילו פארשאפט אזוי פיל פארגעניגען אויסצופירען זיין פריערען מימונ'ידישען אידעאל — די דערגרייכונג פון פאלקאמענ־הייט? און טראכטענדיג איבער דעם פראבלעם איז דער פילאזאף זיס איינגעשלאפען.

שפעט, זייער שפעט צומארגענס אין דער פרי האט ער זיך ארויס־געשעלעפט פון זיין זיס געלעגער און איז אוועק זען דעם רבי'ן, וועל־כער האט אים געלאזט רופען.

„אלזא, ווי געפעלט אייך אייער דירה?", האט אים דער איידעלער רבי געפרעגט.

מימון האט אויסגעבראכען אין טרערען. „איך בין געשלאפען אין א בעט", האט ער געקלאגט, „איך בין געשלאפען אין א בעט!"

צוויי טעג שפעטער, אנגעטאן — פון דער רבי'צינס פרנסה־געלט — אין זיינע פולשטענדיגע רבנ'ישע קליידער, מיט רייכע אונ־טערוועש, האט דער פארוואנדעלטער מימון, מיט א פרייליך פנים און א פרום אויסזען, זיך געשטעלט אין הקדש פאר ארעמע לייט, וואו דער שניידער מיט זיין ווייב, און זיין אמאליגער חבר, אלע וויסענדיג פון זיין מזל, האבען אים אפגעווארט מיט אומגעדולד. ווען זיי האבען אים דערזען, זיינען זיי אויסער זיך געווארען. די ארעמע מאמע האט

געגומען איר קינד אין די הענט אריין און מיט טרערען אין די אויגען האָט זי געבעטען דעם רבינ'ס ברכה. דער בעטעלער האָט אים געבעטען מחילה פאַר זיין רויער באהאנדלונג, און געבעטען אַ נדבה.

מימון האָט געבענשט דאָס קינד, און דעם בעטלער אָפּגעגעבען אַלץ וואָס ער האָט געהאַט אין קעשענע, און איז צוריקגעגאַנגען טיף גערירט.

דערווייל האָט זיך זיין נאָמען פאַרשפּרייט. אַלע למדנים פון שטאָט זיינען אים געקומען זען און איבערשמועסען תורה מיט אָט דעם גרויסען רבי'ן, וואָס איז דורכגעפאָרען. ער איז געוואָרען אַ לערער אין אַ רייכער משפחה. זיין קענטעניש האָט מען געהאַלטען פאַר איבערמענשליך, און אים אַליין פאַר כמעט געטליך. אַ צווייפעל, וואָס ער האָט אויסגעדריקט איבער דעם געזונט פון אַ קינד וואָס האָט אויסגעזען שווינדזיכטיג, האָט אים ביים קינד'ס טויט געבראַכט דעם כבוד פון אַ נביא. עס איז געווען נוצלאָז פאַר אים עס אָפּצולייקענען: אַ נייער נביא איז אויפגעשטאַנען ביי אידען.

אזוי זיינען צוויי גליקליכע יאָר פאַרביי — געגוג בכבוד'יג, סיידען מען זאָל דעם פילאָזאָפ'ס פאַרגעסליכקייט צו זיין משפחה רעכענען געגען אים. נאָר בּיסלאכווייז האָבען זיין אומרואיגער מח און קערפּער אָנגעהויבען מיד ווערען פון דער אבערגלויבישער אומגעבונג.

עס האָט אָנגעהויבען אויסרינען, אַז ער איז אַן אפיקורס. מען האָט באמערקט זיין זעלטען באווייזען זיך אין שול. מען האָט זיך שטיל געשושקעט איבער זיינע געוואַגטע ווערטלאַך. פאַרפאָלגונג האָט זיך אָנגעהויבען נעמען צום געווער.

מימונ'ס נאַכלעסיגקייט ווידער איז פאַרשאַרפט געוואָרען. ביים אריינגאַנג צום פאָלקס-זאָל אין פויזען איז פון אַלע מאָל געווען אַ הירשהאָרן אריינגעמויערט אין דער וואַנט, און פון אַלע מאָל אָן האָבען אויך די אידען געגלויבט, אַז ווער עס רירט אים אָן, דער שטאַרבט אויפ'ן אָרט. מימונ'ען, וועלכער האָט חוזק געמאַכט פון דעם, האָט מען באוואָרפען מיט מעשות אים צו איבערצייגען אין דעם. און פאַרביי־גייענדיג איינמאָל דעם הירשהאָרן, האָט ער אויסגערופען צו זיינע חברים: „איר פויזנער נאַראָנים, מיינט איר, אַז ווער עס רירט אָן דעם האָרן, דער שטאַרבט אויפ'ן אָרט? זעט, איך דערוועג מיך אים אָנצורירען".

זייערע אויגען, צושפּרייטע פון שרעק, האָבען נאָכגעפאָלגט זיין גאָטסלעסטערישע האַנט. זיי האָבען געוואוסט, אַז זיין קערפּער זאָל אומפאַלען. מימון איז זיך ווייטער געגאַנגען מיט אַ שמייכעל.

וואָס האָט ער זיי איבערצייגט? בלויז אַז ער איז געווען אַ פאַרהאַסטער אַפּיקורס, אַ פאַרשוואַכער פון היילינגקייטען.

דער פאַרוואונדעטער פאַנאַטיזם, וואָס האָט אים איצט באַשאַנדעט מיט זיין האַס, האָט אים אַרויסגערופען צו ענטפערען עקסצעסען. דאָס איבערבלייבאַכץ פון רעליגיע, וואָס האָט נאָך, געגען זיין ווילען, זיך געהאַלטען אָן זיין נשמה, האָט אים אויפגערייצט. וואָלט אים נישט אַ ווייטערדיגע אַנטוויקלונג באַפרייט פון דעם דרוק? זיין חלום פון בערלין האָט אויפגעלעבט. אמת, די היפּאָקריטסטווע האָט דאָרט אויך געבליט, אָבער די קולטור איז זיך געגאַנגען איר רואיגען וועג. מענדעלסאָנ'ס רום און איינפלוס האָבען געהאַלטען אין וואַקסען און זיינען איצט געווען אויפ'ן העכסטען פונקט, ווייל לעסינג האָט געשריבען „נתן דער חכם" און אין דעם שטורעם וואָס איז געקומען נאָך דער אויפפירונג, און נישט קוקענדיג אויף דעם וואָס דאָס שטיק און דער פאַרפאַסער זיינען אַריינגעלעגט געוואָרען אין חרם, אי אין קאַטוילישע, אי אין פּראָטעסטאַנטישע לענדער, האָבען די פאַנטאַסטישע קריסטליכע שונאים פון דעם דרייסטען פריילאַנץ נישט געקענט שרייען, אַז דער כאַראַקטער איז אוממעגליך.

ווייל דאָרט אין דער סאַמע הויפּטשטאָט האָט געלעבט דער חכם אליין, דער דוד צום דראַמאַטורג'ס יהונתן, דער מיטגליד פונ'ם קאַפּעהויז פון די געלערענטע, דער פריינט פון פּרינץ ליפּע־שאַומבערג, דעם קעניג'ס אייגענער באַשיצטער איד, וואָס לאַוואַטער איז כסדר באַשטאַנען אויף דעם, אַז יעדער פרענאָלאָגיסט אָן פאָראורטייל קען לעזען אין זיין פּנים די נשמה פון סאָקראַטעס'ן.

און ער, מיימון, וואָס ער איז נישט ווייניגער געבענשט מיט געניאַליטעט, וואָס האָט ער אויפגעטאָן, צו שלאָפען אַזוי לאַנג אויף די ווייכע בעטען פון פאָראורטייל און באַרבאַריזם, טויב צו יענעם פריהען רוף פון אמת, דעם יוגענטליכען חלום פון וויסען? יאָ, ער וועט צוריק גיין קיין בערלין, ער וועט אָפּטרייסלען פון זיך די קלעפּענדיגע נעפּלען

פונ'ם געטאָ, ער וועט זיין דער פיאָנער פון זיין פאָלקס באפרייאונג. זיינע בעלי־בתים זיינען כסדר געבליבען שטארקע פארערער פון זיין גייסט. אָבער נישט קוקענדיג אויף יעדען פראָטעסט האָט ער זיך אָפגעזעגענט מיט זיי, זיך פון זיין קליין אָפּשפאָרעניש געקויפט אַ זיץ אין דער פראנקפורטער פאָטשט און איז ארויסגעפאָרען קיין בערלין. קיין קאָמיטעטען פון בעטלער האָבען נישט אָפגעוואַרט דעם רייכען פאסאזשיר, און ווען די קאָטש איז דורכגעפאָרען דאָס ראָזענטאלער טויער, האָט דער בראוועגער שאַל פונ'ם האָרן געקלונגען מימונ'ען צו־זאמען ווי אַ טראָמפּייט פון זיג איבער בערלין און ווי אַן ארויסרוף צו אבערגלויבען און אומוויסענהייט.

.3

אָבער די פערד פון אבערגלויבען און אומוויסענהייט זיינען נאָך נישט געווען אויסגעשפאנט. די אידישע פאָליציייניקעס, כאָטש זיי האָבען דערלויבט קאָטש־איידעלייט ארונצוגיין און פארנעמען זייערע פלעצער וואו עס האָט זיך זיי געגלוסט, האָבען זיי אָבער נישט פאר־פעלט ארייַנצוקריכען אין זייערע געשעפטען צומאָרגענס, צוליב צוויי אורזאכען, פאר דער באשיצונג פון דער אידישער קהילה געגען צוויי־דייטיגע ארייַנדרינגער, און אין איינקלאנג מיט איר פאראנטוואָרט־ליכקייט צום שטאָט.

אין זיין באשיידענער וואוינונג אויפ'ן נייעם מארק, האָט מימון געמוזט אויסשטיין די פארדעכטיגע אויספאָרשונג פון דעם מורא'דיג־סטען פון די אַלע שפּיאָנען. עס איז פאר אים געווען אַ רעטעניש און עס האָט אים אויפגערייצט דער גלויבען, אַז ער האָט אים פריער ערגעץ געזען. „הפּנים קוקענדיג אויף מיר", ווי מימון האָט עס שפּע־טער דערלערט, „ווי אַ קאָמעט וואס קומט נענטער צו דער ערד דאָס צווייטע מאָל ווי דאָס ערשטע, און מאכט דערפאר די געפאר מער דראָענדיג".

פּלוצלינג האָט זיין פוקס־אויגיגער שפּיאָן דערזען אַ העברעאישע לאָגיק פון מימונידעס, מיט באמערקונגען פון מענדעלסאָנ'ען. „יאָ! יאָ!", האָט ער אויסגעשריען. „דאָס זיינען ביכער פאר מיר!" און מיט אַ סטראשענדיגען בליק אויף דעם פילאָזאָף האָט ער אַ זאָג געטאָן: „פּאק דיך, פּאק דיך ארוים פון בערלין אַזוי גיך ווי דו קענסט,

איבּ דו ווילסט נישט, אַז מען זאָל דיך אַרויספירען מיט׳ן גאַנצען כבוד".

מימון איז ווידער געווען אין אַ פאַרצווייפעלטער לאַגע. זיין געלט איז שוין געווען כמעט אויסגעשעפּט פון דער רייזע, און עס איז אים ווידער פאַרגעשטאַנען צו געפינען זיך פון דרויסען פון דעם ראָזענטאַלער טויער. אַלע זיינע צרות האָבען אים גאָרנישט געהאָלפען: ער האָט זיך כמעט געפונען צוריק דאָרט, וואו ער האָט אָנגעהויבען.

אָבער דאָס מזל איז גוט צו נאַראָנים. אין אַ לאַנדסמאַן, וואָס האָט זיך באַזעצט אין בערלין, האָט ער געפונען אַ באַשיצער. אַ חוץ האָבען אים אַנדערע פאַרערער פון טאַלאַנט און וויסען אויפגעהאַלטען מיט דירה און עסען. דער וועג איז איצט קלאָר געווען פאַר קולטור.

אַ צופאַל האָט באַשטימט דעם וועג וואוהין צו גיין. מימון האָט געראַטעוועט וואָלפ׳ס „מעטאַפיזיק" פון אַ פּוטערמאַן פאַר צוויי גראָשען. ער האָט געוואוסט, אַז וואָלף איז געווען דער ליבלינגס־פילאָזאָף פונ׳ם טאָג. מענדעלסאָן אַליין איז געווען באַגייסטערט פון אים — דער גרויסער ברודער־איד, מיט וועלכען ער קען נאָך אמאָל האָפען צו רעדען פּנים אל פּנים.

מימון איז געווען גליקליך מיט זיין נייעם אוצר — אַזאַ מאַטעמאַטישע אויסטייטשונג, אַזעלכע געדיכט צוזאַמענגעדריקטע סילאָגיזמען — ביז עס איז געקומען צו טעאָלאָגיע. „דער פּרינציפּ פון גענוגענדען שכל" — יאָ, דאָס איז געווען אַ וואונדערליכע אַנטדעקונג. אָבער האָט דאָס באַוויזען, אַז עס איז דאָ אַ גאָט? ניין, פאַר דעם איז נישט געווען גענוג שכל. און מימון האָט אויך נישט געקענט הארמאָניזירען אָט די נייע לערעם מיט זיין מיימונידעס אָדער זיין אריסטאָטעל. אַ גליקליכער געדאַנק! ער וועט פאַרשרייבען זיינע ספקות אין העברעאיש און ער וועט אַוועקשיקען דעם מאַנוסקריפּט צו הער מענדעלסאָן. אָן איבּעראַשטער פון דער האָפענונג זיך צו באַקענען מיט דעם גרויסען מאַן, האָט ער האַסטיג געשריבען און אַוועקגעשיקט דעם מאַנוסקריפּט.

ער האָט פאַרבראַכט אַ שלאָפלאָזע נאַכט.

וועט דער לייב פון בערלין גאָר זיך אומקוקען אויף אַן אומבאַקאַנטען פוילישען איד? מימון האָט לאַנג נישט באַדאַרפט טראַכטען. מענדעלסאָן האָט מיט דער צווייטער פּאָסט געענטפערט. ער האָט

צוגעגעבען די גערעכטיגקייט פון זיין קאָרעספּאָנדענט'ס ספקות, נאָר ער האָט אים געבעטען נישט צו זיין אנטוישט פון זיי, נאָר זיך ווייטער אָפּצוגעבען מיט זיינע שטודיען מיט נישט געמינערטער אייפריגקייט. אָ, שופט בישראל! באמת, א „נתן דער חכם".

אן אָנגעצונדענער מיט אזא דערמוטיגונג האָט זיך מימון א וואָרף געטאָן אויף א העברעאישער אָפּהאנדלונג, וואָס זאָל צוטרייסלען די אַלע טעטאָלאָגישע שפּינוועבען, וואָס זאָל דורך א פאר'עקשנ'טער ווי־סענשאפט פוןווירקליכקייט ארייננווארפען אין צווייפעל די יסודות פון אנטפּלעקטער און פון נאַטירליכער טעאָלאָגיע. דאָס איז געווען א גע־וואגטע זאך צו טאָן, ווייל צייט ער איז געקומען קיין בערלין און האָט געלייענט מער פון זיינע ביכער, האָט ער פארשטאנען, אז מענדעלסאָן האָט זיך נאָך געהאלטען אָן דער אָרטאָדאָקסישער אידישקייט. פאר מימונ'ען איז דאָס געווען א פּאראדאָקס, און ווען ער האָט דאָס צום ערשטען מאָל דערהערט, האָט ער פראָסט גע'טענה'ט, אז דאָס איז אוממעגליך. א מענש וואָס האָט זיך געקענט פארמעסטען מיט די שטארקסטע טשעמפּיאָנען פון קריסטענטום, וואָס זיין דייטשע פּראָזע איז געווען קלאסיש, וועלכער האָט געקענט פילאָזאָפירען אין סאָקראַ־טישען דיאַלאָג אויף פּלאטאָנ'ס שטייגער — אזא מאן א באשעפעניש פונ'ם געטאָ! מסתמא האָט ער גענומען זיין אידישקייט אויף עפּעס א פּלאטאָנישען שטייגער. עס איז געווען אוממעגליך זיך פאָרצו־שטעלען אים אַלס א בוכשטעבליכען שקלאַף פון די קליינינקע צערע־מאָניעס, ארומוויקלענדיג תפילין אויף זיין לינקער האנט, אָדער זיך שאָקלענדיג אין א טלית. יעדענפאלס דאָ — אין א לאָגישען קלאָרען העברעאיש — זיינען געווען מימונ'ס ספקות און קשיות. אויב מענדעלסאָן איז אויפריכטיג, זאָל ער זיי דערקלערען און פארדינען די ברכות פון אן אמת אידישער נשמה. אויב ער קען זיי נישט ענט־פערען, זאָל ער אויפגעבען זיין אָרטאָדאָקסיע, אָדער באווייזען ווערען אַלס א שווינדלער און צייט־שקלאַף. מיר האָבען ליב מענדעלסאָנ'ען, נאָר נאָך מער האָבען מיר ליב דעם אמת.

עס איז ווירקליך געווען עפּעס אין דעם גרויסען דייטש'ס האלטונג, וואָס האָט דעם פּוילישען איד אויפגערעגט. אין יענעמס האלטונג איז ווי געווען א פאָרוואורף פאר אים אַליין. בלויז א פלאכער דענקער,

האָט ער געפילט, קען קאָמבינירען קולטור און גייסטיגע באַקוועמליכקייט, שוין נישט רעדענדיג פון וועלטליכען ערפאָלג. ער האָט געלעזען דעם פיל־געלויבטען „פעדאָן”, וועלכען דאָס לוטעראנישע דייטשלאַנד האָט אויפגענומען אַלס אַ געגענקלאַפּ צו דער טרויעריג באַרימטער „בערלינער רעליגיע”, צוריקברענגענדיג דעם גלויבען צו אַ דערשלאָגענער וועלט, וואָס איז אויסגע'חוזק'ט געוואָרען פון אירע קריסטליכע האָפענונגען דורך די מאָדישע פראַנצויזישע סאַטיריקער און מאַטעריאַליסטען אונטער דער פאַרדאַרבליכער אינספּיראַציע פון וואָלטער'ן, וועלכען דייטשלאַנד'ס אייגענער פרידריך האָט דערהויבט אין זיין הויף. אָבער וואָס פאַר אַ טשיקאַווער איינפאַל דאָס איז פון אַ אידישען דענקער אָנצונעמען, אַז אונזערע האַנדלונגען אויף דער וועלט האָבען קיין שום זין ניט, סיידען מיר זיינען אומשטערבליך! האָט ער, מימון, ניט געפירט אזא גייסטיג־הויך לעבען אין דער יאגד נאָך דעם אמת, זיינע בריף צו לאַוואַטער'ן זיינען געווען גענוג שטאַרק, עס איז וואָלט דאָך שכל געווען אַ חלום, וואָס יופּיטער האָט אונז געשיקט, אַז מיר זאָלען פאַרגעסען אונזערע צרות. און מיר וואָלטען געווען ווי חיות, בלויז זוכען עסען און שטאַרבען. אומזין! שיינע רייד! אמת, זיינע בריף צו לאַוואַטער'ן זיינען געווען גענג שטאַרק, עס איז געווען מוט אין זיין עפענטליכען אָפּזאָגען זיך פון קריסטענטום, אַן אײדעלקייט אין זיין געפיל, וואָס ער האָט פאָרגעצויגען צו פאַרשעמען אַנטיסעמיטישען פאָראורטייל דורך כאראקטער איידער דורך דעבאַטען. ער, מימון, וואָלט עס בעסער פארשעמט דורך ביידען. אָבער דעם מענדעלסאָנ'ס „ירושלים”! קען מען דעם געדאַנק פון דעם בוך באמת אונטערשטיצען? אידישקייט האָט נישט געלעגט קיין יאָך אויף גלויבען, נאָר בלויז אויף אויפפירונג? איז נישט געווען קיין דאָגמע וואָס האָט צודרייט דעם שכל? בלויז אַן אַנטפּלעקטע געזעצגעבונג? אַ איד האָט געגעבען זיין לעבען צו דער תורה און זיין האַרץ צו דייטשלאַנד! אָדער פראַנקרייך, אָדער האָלאַנד, אָדער בראַזיל, ווי דער פאַל קען זיין? פּאַלעסטינע מוז פאַרגעסען ווערען. מילא, דאָס אַלץ איז געווען גענוג געוואַגט און קלוג, אָבער איז דאָס געווען מער ווי האַלבּוועגס זיך צו אַסימילירען מיט די פעלקער? יעדענפאַלס איז דאָ געווען אַ פּוילישען ברודער'ס אַרטילעריע צו באַגעגענען — מער טויטליך פון לאַוואַטער'ס אָדער פון די דומע קריסטען.

און ווידער, נאָר מיט פארשארפטער אנגסט, האָט ער אָפּגעוואַרט מענדעלסאָנ'ס ענטפער.

ער איז געקומען — אַן איינלאַדונג אויף דעם קומענדיגען שבת נאָכמיטאָג. אהאַ! די אויסערדיגע פעסטונג איז געשטורעמט. דער גרויסער מענש האָט אנערקענט אין אים אַ ווירדיגען שונא, אַ נשמה־ברודער. דאַנקבאַרקייט און אייטעלקייט האָבען געמאַכט דעם באַזוך פאַר אַן אנגענעמער דערוואַרטונג. וואָס פאַר אַ קאַמף פון שאַרפזין דאָס וועט זיין! ווי ער וועט עס קאָמאַנדעווען מיט זיינע שיינקלינגענדיגע עפּיגראַמען! ווען לפּידות וואָלט נאָר דאָרט געווען דאָס צו הערען!

ווען דער דינער האָט ברייט געעפענט די טיר פאַר אים, אַנטפּלעקענדיג פאַר אים אַ וואוינונג פון פּרעכטיגע צימערען און אַ פיינע געזעלשאַפט פון איידעללייט, מענער אין געפּודערטע פּאַרוקען און דאַמען אין עלעגאַנטע טואַלעטען, האָט מימון זיך אַ צי געטאָן צוריק אין אַ פּיינליכער איבערראַשונג. אַ הינטער־באַוואוסטזיין פון פאַרבלאָטיגטע שטיוועל און אַן אומגעלומפּערטער אויבערמאַנטעל, האָט זיך פּיינליך אויסגעמישט מיט דעם איינדרוק פון שיינע, פאַרפומירטע פּרויען און די קלאַפּעריי פון צונגען און קאַפּע־שאָלען. ער איז געשטאַנען צוגעוואָרצעלט צו דער שוועל אין אַ פּלוצליכען ביטערען באַגרייפען, אַז די גרויסע וועלט זאָרגט זיך גאָרנישט וועגען מעטאַפיזיק. גרינגקייט, פיינע מעבעל, אַן אָרט אין דער וועלט — דאָס זיינען די זאַכען וואָס רעכענען זיך. פאַרוואָס האָט אים זיין גאַנצע געניאַליטעט נישט געבראַכט קיין איינע פון די זאַכען? אָן ווייב, אָן קינד, אָן געלט, איז ער געווען אַן איינזאַמע נשמה, וואָס האָט געקעמפט מיט פּראָבלעמען. ווי אַזוי איז מענדעלסאָנ'ען געלונגען צו באַקומען אַלץ? ער האָט אָן שום צווייפעל געהאַט אַ בעסערען אָנהויב, אַ רייכען פאָטער, אַן אוניווערזיטעט־בילדונג. זיין צאָרן געגען דעם פאַרמעגליכען פילאָזאָף האָט זיך אויפסניי אָנגעצונדען. ער האָט זיך צוריקגעצויגען און פאַרמאַכט די טיר. אָבער מען האָט זי גלייך ווידער געעפענט פון אינעווייניג. אַ קליינער הויקער מיט פינקלענדיגע אויגען האָט זיך צוגעאיילט צו אים.

„הער מימון?”, האָט ער אַ פרעג געטאָן און אויסגעשטרעקט זיין האַנט מיט אַ גאַסטפריינטליכען שמייכעל.

אַ פאַרוואונדעטער האָט מימון אָן שום רייד אַריינגעלעגט זיין האַנט אין דער פריינטליכער האַנטפלאַך. איז דאָס אַלזאָ דער מענש, וועלכען ער האָט מקנא געווען. קיינער האָט אים קיינמאָל נישט געזאָגט, אַז „נתן דער חכם" האָט געהאַט אַזאַ אומגליק אויף זיך. בלויז אַלס אַ נשמה האָט ער אַפּעלירט צו דער פאַנטאַזיע פון דער וועלט. אַפילו וואולגאַרע פליאָטקעס האָבען געשוויגען וועגען זיין קערפּער. אָבער ווי די פאַרקריפּלונג מוז עס פאַרביטערען זיין ערפאָלג.

מענדעלסאָן האָט אים צוגערעדט אַריינצוגיין, און אים באַשאָטען מיט קאָמפּלימענטען פאַר זיין שרייבען: ער איז זייער גוט באַקאַנט מיט די האַלב־שעמעוודיגע, האַלב־אַגרעסיווע יונגע פּאָליאַקען, וואָס זייערע מוחות האָבען שיר געפּלאַצט פון אַפּיקורסישע אידעען און קראַנקע פאַנטאַזיעס. אָט די „ירושלים'ער ווערטער" האָבען אים פאַר'מיאוס'ט פאַר זיינע אָרטאָדאָקסישע ברידער, אָבער ווער זאָל אומגיין מיט זיי, אויב נישט ער, וואָס פאַרשטייט זיי, וואָס קען זיך מיט זיי איידעל אומגיין? דאָס וואָס איז פאַר מימונ'ען געווען אַ זעלטענער עפּיזאָד איז פאַר זיין באַגאַסטער געווען אַ טעגליכע ערפאַרונג.

מענדעלסאָן האָט צוגעפירט מימונ'ען צו אַ פענסטער: ער האָט אים געבראַכט דערפרישונגען — וואָס דער יונגערמאַן האָט אָן צערעמאָניעס פאַרשלונגען. ער האָט פאַרנאַכלעסיגט זיינע פיינע געסט, וואָס זייער אומאויפהערליכע פראַנצויזישע פּלאַפּלעריי האָט באַוויזען, אַז זיי זיינען פייאיג אָנצוגיין מיט זיך אליין, כדי אַריינצוקוקען אין דעם באַגאַבטען יונגעמאַנ'ס נשמה. ער האָט באַטראַכט יעדען נייעם מענש אַלס אַ קאָמפּליצירט שטיק מעכאַניזם, וואָס דער קלוגער מענש האָט באַדאַרפט פאַרשטיין און נישט אין כעס ווערען אויף דעם. נאָר נאָכדעם ווי מען האָט געכאַפּט דעם סוד פונ'ם מעכאַניזם, איז עס געווען אַ מענשענ'ס פליכט אים אויסצובעסערען לויט דעם מעכאַניזמ'ס אייגענע מעגליכקייטען.

„אייער אָפּהאַנדלונג ווייזט אַרויס אַן אויסערגעוויינליכע שאַרפזיניגקייט, הער מימון", האָט ער זיך אָנגערופען. „פאַרשטייט זיך, איר ליידט נאָך פון דער גמרא־מעטאָדע, אָדער בעסער געזאָגט, פון דעם וואָס איר האָט קיין מעטאָדע נישט. אבער איר האָט אַן אמת'ן אַריינבליק אין מעטאַפיזישע פּראָבלעמען. און דאָך האָט איר בלויז

געלייענט וואָלפ׳ן! איר זיינט נישט קיין „חמור נושא ספרים". ער האָט באנוצט דאָס העברעאישע שפּריכוואָרט צו מאכען דעם יונגענמאַן זיך פילען היימיש, און אַ האלבער שמייכעל האָט געשוועבט ארום זיינע סענסיטיווע ליפּען. אפילו זיין דייטש האָט אָנגענומען דעם חנ׳עוור־דיגען קאָליר פון זשארגאָן אין וואָרט און אקצענט, כאָטש צו דער־הרג׳ענען דעם זשארגאָן איז געווען איינער פון זיינע לעבענס־אידעאלען.

„ניין, הער מענדעלסאָן", האָט מימון באשיידען גענטפערט. „איר דארפט נישט פארגעסען דעם „מורה נבוכים". דאָס איז געווען די באגייסטערונג פון מיינע יונגע יאָרען!"

„טאקע?", האָט מענדעלסאָן מיט פרייד אויסגערופען. „און מיינע אויך! פאַקטיש זאָג איך די בערלינער, אז מימונידעס איז פאר־אנטוואָרטליך פאר מיין הויקער, און טייל גלויבען באמת, אז איך האָב אים באקומען פון זיצען געבויגען איבער אים".

דאָס וואָס ער האָט אזוי חנ׳עוודיג אָנגענומען זיין אומגליק, האָט גערירט דעם געפילפולען מימון און האָט אים מער געמאכט זיך פילען היימיש איידער אפילו די לויבגעזאנגען איבער זיין שרייבען און דאָס היימישע לשון. „אין מיין לאנד", האָט ער געזאָגט, „ווערט אַ פּול־קאָמענער קערפּער גערעכענט פאר דעם נאר פון דער משפּחה. מען גלויבט דאָרט, אז די פיינסטע נשמות ווילען בעסער וואוינען אין אומפולקאָמע דירות".

מענדעלסאָן האָט זיך לאכענדיג פארנויגט. „אַן אויסגעצייכענטער קאָמפּלימענט! אויף אַזאַ מין אופן וועט איר אין גיכען גלאנצען אין אונזער בערלינער פיינער געזעלשאפט. און ווי לאנג זיינט איר אוועק פון פוילען?"

„אָ! איך בין שוין אוועק פון פוילען מער ווי איין מאָל. איך וואָלט געהאט דעם כבוד און דאָס גליק זיך פריער צו באקענען מיט אייך, ווען מען וואָלט מיך מיט דריי יאָר צוריק נישט אָפּגעשטעלט ביים ראָזענטאלער טויער".

„ביים ראָזענטלאער טויער! ווען איך וואָלט עס נאָר געוואוסט!"

טרערען האָבען זיך געשטעלט אין מימונ׳ס אויגען — טרערען פון דאנקבארקייט, פון זעלבסט־רחמנות, פון באדויער פאר די פאר־לוירענע יאָרען. ער האָט געפילט, אז איצט איז ער אויף די פיס, און זיינע פיס זיינען געווען אויפ׳ן ריכטיגען וועג. ער האָט ענדליך

געפונען אַ מעכטיגען באַשיצער. „שטעלט אייך פאָר מיין אַנטוישונג", האָט ער מיט אַ ציטער געזאָגט, „נאָכדעם ווי איך האָב דורכגערייזט דעם לאַנגען וועג פון פוילען".

„יאָ, איך ווייס. מען האָט מיך אַליין שיר אָפּגעשטעלט ביים טויער", האָט מענדעלסאָן נאָכדענקליך געזאָגט.

„אייך?"

„יאָ, ווען איך בין געווען אַ אינגעל".

„זענט איר, הייסט עס, נישט קיין געבוירענער אין בערלין?"

„ניין, איך בין געבוירען געוואָרען אין דעסאַו. נישט אַזוי ווייט צו קריכען צופוס ווי פון פוילען. אָבער אַ געווג שוינער מהלך. עס האָט מיר גענומען פינף טעג — איך בין נישט אַזאַ ריז ווי איר, — און ווען עס וואָלט מיר נישט געלונגען אַרויסצושטאַמלען, אַז איך וויל מיך פאַרשרייבען צווישען דאָקטאָר פרענקעל'ס שילער, דעם נייעם רב הכולל פון שטאָדט, וואָלט דער וויסטער זשאַנדאַרם מיר פאַרקלאַפּט דאָס טויער פאַר'ן פּנים. מיין מזל איז געווען, וואָס פרענקעל איז געקומען פון דעסאַו און איז געהאַט געווען מיין לערער. איך געדענק ווי איך בין געשטאַנען אויף אַ בערגעל און געוויינט, ווען ער איז אַוועק־געפאַרען קיין בערלין, און ער האָט מיך גענומען אין זיינע אָרעמס און מיר געזאָגט, אַז איך וועל אויך אַמאָל פאָרען קיין בערלין. אַזוי אַז ווען איך בין אָנגעקומען, האָט ער זיך נישט געקענט העלפען און מיך געמוזט אויפנעמען".

„האָט איר אַלזאָ גאָרנישט געהאַט פון אייערע עלטערען?"

„בלויז אַ שיינע האַנטשריפט פון מיין פאָטער, וואָס דאָס האָט מיר געבראַכט אַרבעט איבערצושרייבען פאַר עטליכע גראָשען, די האַנטשריפט וואָס איז איצט אַ פרייד פאַר דרוקערם. ער איז געווען אַ סופר, דאַרפט איר וויסען, און האָט געשריבען ספרי תורות. אָבער ער האָט געוואָלט, אַז איך זאָל ווערען אַ הענדלער".

„אַ הענדלער!" האָט מימון אויסגערופען מיט צועפּענטע אויגען.

„יאָ. איר פאַרשטייט, געלט וואָלט דאָך גלייך אַריינגעקומען. איך האָב געהאַט אַ נישקשה'דיגען קאַמף אים איבערצוצייגען, אַז איך וועל בעסער מאַכען אַלס אַ רב. איך האָב מורא, אַז איך בין געווען זייער אַ ווילדער און אומגעדולדיגער בחור. ער האָט נישט אָנגעהויבען גלויבען אין מיין רבנ'ישער צוקונפט. און נאָך אַלעם איז ער געווען

גערעכט. ווייל איך האָב קיינמאָל ניט געהערט צו קיין געלערענטער חברה — אידיש אָדער גוי'איש".

„האָט איר, הייסט עס, געהאַט אַ שווערע צייט, ווען איר זיינט געקומען קיין בערלין?", האָט מימון מיט רחמנות געזאָגט.

מענדעלסאָנ'ס אויגען האָבען אויף אַ רגע געהאַט אַן אינערליכען בליק, דערנאָך האָט ער איידעל ציטירט: „ברויט מיט זאַלץ זאָלסטו עסען, וואַסער פון אַ מאָס זאָלסטו טרינקען, אויף דער האַרטער ערד זאָלסטו שלאָפען, און אַ לעבען פון אַנגסטען זאָלסטו לעבען, און זאָלסט אַרבעטען און לערנען די תורה!"

מימון האָט אויפגעציטערט ביי די ווערטער. דאָס פיינע מעבעל און די פיינע געזעלשאַפט זיינען פאַר אים פאַרשוואונדען, און ער האָט בלויז געזען די נשמה פון אַ חבר־אידעאַליסט, פאַר וועלכען די זאַכען זיינען בלויז געווען אומבאַמערקטער הינטערגרונט.

„אָ, יאָ", האָט מענדעלסאָן ווייטער גערעדט. „איר טראַכט, אַז איך זע נישט אויס ווי קיין מענש וואָס האָט אַמאָל געשניטען זיין ברויט אויף פענעצלאַך, כדי נישט אויפצועסען צופיל אין איין טאָג. מילא, טרייסט אייך מיט דעם געדאַנק, אַז אויף אייך וואַרט אויך אַ באַקוועמע היים אין בערלין".

דער אָרימער מימון האָט גע'גנב'עט אַ בליק אויף דער שיינער, בלוי־אויגיגער פרוי, וועלכע האָט אַזוי גראַציעז צוגעטיילט כיבוד אי־בער'ן סאַלאָן, און צוויי שיינענדיגע פריילינס אין פאַריזער טואַלעטען האָבען איר אַרויסגעהאָלפען, אַפנים אירע טעכטער — און ער האָט אַ קרעכץ געטאָן ביים געדאַנק פון זיין פויעריש ווייב און זיינע אומ־געלומפערטע קינדער אויפגעכאָוועט אין אַבערגלויבען: ער מוז זיכער געבען שרה'ן אַ גט.

„איך קען מיך נישט אָפנאַרען מיט אַזעלכע טאָג־חלומות", האָט ער האָפנונגסלאָז אַ זאָג געטאָן.

„וואַרט! וואַרט! אַזוי לאַנג ווי איר חלומ'ט נישט אייערע טעג אַוועק. דאָס איז די געפאַר מיט אייך, קלוגע, יונגע פּאָליאַקען, — איר זיינט אַזעלכע טרוימערס. אַלץ אין אונזער לעבען הענגט אָפּ פון באַשטענדיגקייט און געדולד. ווען מיר האָבען צום ערשטען מאָל באַשלאָסען — מיין ווייב פרומעט און איך — צו ווערען גאַסטפריינט־ליך, האָבען מיר באַדאַרפט ציילען די ראָזשינקעס מיט די מאַנדלען

פאר'ן כיבוד. איך פארשטייט, מיר האבען אנגעהויבען מיט בלויז א קליין הייזעל און א גארטען הינטער דער שטאדט, און אונזער הויפט־מעבעל איז באשטאנען — האט ער געזאגט און זיך צולאכט פון דער עראינערונג — פון צוואנציג פארצעלייענע מאלפעס, מענשענגרויס".

„צוואנציג פארצעלייענע מאלפעס?"

„יא, ווי יעדער אידישער חתן, האב איך געמוזט קויפען א צאל פארצעליי צו אונטערשטיצען די ארטיגע פאבריק, און דאס איז מיר אויסגעפאלען. א, מיין פריינט, וואס דארפען די אידען פון דייטש־לאנד ניט אונטערשטיצען! מיר האבען נאך אלץ די שטייערען, אבער דאס רשעות — און ער האט ווידער פארטרויליך געשמייכעלט ביים אידיש־העברעאישען ווארט — ווערט ווייניגער מיט יעדען טאג. וואס ווייסט איר, א איד האט דאך נישט געקענט גיין איבער די בערלינער גאסען, אז מען זאל אים נישט נאכשרייען און באליידיגען, און מיינע קליינע פלעגען מיך פרעגען: 'טאטע, איז עס א זינד צו זיין א איד?' איך דאנק דעם אויבערשטען, וואס ביים סוף פון מיינע טעג האב איך דערלעבט צו זען די אידישע פראגע דערהויבען צו א העכערער מדרגה".

„איך דארף בעסער א י ך דאנקען", האט מימון אויסגערופען מיט סקעפטישען ענטוזיאזם.

„מיר?", האט מענדעלסאן א זאג געטאן מיט דער נישט גע־מאכטער באשיידענקייט פון א מענש וואס זיין יעדער עפענטליכער אויסדרוק איז פון אים ארויסגעשלעפט געווארען דורך אויסערליכען דראנג, און ער האלט זיך דאך ביי זיין איינגעבוירענער שעמעוודיגקייט און ווייסט אליין נישט זיין אייגענעם איינפלוס. „ניין, ניין, דאס איז מאנטעסקיו, דאס איז דאהם, דאס איז מיין טייערער לעסינג. א רחמנות אויף אים. די קריסטליכע היפאקריטען האבען זיך איצט ארויפגעכאפט אויף אים ווי א מגפה פון שטעכיגע פליגען. איך ווינש מיר כמעט, הלואי וואלט ער בעסער נישט געשריבען „נתן דער חכם". עס טוט מיר הנאה צו טראכטען, אז איך האב אים נישט באאיינפלוסט דערצו. ניין, וואס ער האט אפילו געשריבען א פיעסע לטובת די אידען איידער מיר האבען זיך באקענט".

„ווי אזוי האט איר זיך באקענט מיט אים?"

„איך געדענק עס אפילו נישט. ער האט אלע מאל ליב געהאט אויסגעשטויסענע — אן אמת'ער קינסטלערישער טעמפעראמענט, וואס

האָט פאַרגעצויגען צו פאַרברענגען מיט שוישפּילער און זעלנער איידער מיט דעם ביר־טרינקענדיגען בערלינער מיטעלקלאַס. אָ, יאָ, מיר דאַכט זיך, אַז מיר האָבען זיך באַגעגענט ביי אַ שאַך־שפּיל. דאָן האָבען מיר צוזאַמען געשריבען אַן עסעי איבער פאָוס'ן. טייערער גאָטהאָלד! וואָס בין איך אים נישט שולדיג? מיין שטעלונג אין בערלין, מיין געפיל פאַר ליטעראַטור — ווייל מיר אידען האָבען אינגאַנצען דער־שטיקט אונזער ליבע פאַר דעם שיינעם און מיר זיינען געוואָרען טויט צו פּאָעזיע".

„אָבער וואָס איז אַ פּאָעט אַ חוץ אַ ליגנער?"

„אָ, מיין טייערער הער מימון, איר וועט אַרויסוואַקסען פון דעם. איך מוז אייך באַרגען האַמער'ן. אינטעלעקטועלע שפּעקולאַציע איז נישט אַלץ. וואָס אנבאַלאַנגט מיר, האָב איך קיינמאָל נישט באַ־דויערט, וואָס איך האָב אַ טייל פון מיין ליבע אוועקגענומען פון דער ווירדיגער מאַטראָנע פּילאָזאָפּיע, כדי צו באַשענקען מיט איר איר דינסטמויד בעלעטריסטיק. עס טוט מיר לייד, וואָס איך באַנוץ אַ פראַנצויזיש וואָרט, אָבער דאָס מאָל האָב איך נישט קיין בעסערס. איר שמייכעלט, וואָס איר זעט אַ איד וואָס איז מער דייטש ווי די דייטשען".

„ניין, איך שמייכעל דערפון, וואָס אַלץ אַרום קלינגט מיר פראַנ־צויזיש! איך דערמאָן מיך, אַז איך האָב געלייענט אין אייערע „פּילאָזאָפישע שמועסען" אייער אַפּעלירונג צו די דייטשען, נישט אויסצובייטען זייער אייגען גאָלד פאַר דעם פאַלשען גאָלד פון זייערע שכנים".

„יאָ, ,אָבער וואָס קען מען טאָן? עס איז אַ בערלינער מאַניע. און, איר ווייסט, דער קעניג אַליין... אונזערע אידישע מיידלאַך האָבען עס צוערשט אויפגעכאַפּט זיך דורכצושמועסען מיט די יונגע פראַנטען, וואָס זיינען געקומען צו זייערע טאַטעס באָרגען געלט, אָבער דער איינ־פלוס פון מיינע ליבע טעכטער — די שיינע דאָרט איז דאָראָטעאַ די עלטסטע, און די אַנדערע דאָרט. וואָס איז מער ענליך צו מיר, איז הענריעטע — זייער איינפלוס טוט אויף אַ סך געגענצואווירקען דער כוואַליע פון לייכטזיניגקייט און מאַטעריאַליזם. אָבער שטעלט אייך פאָר, אַז אימיצער זאָל נאָך איצט לייענען מיינע „פּילאָזאָפּישע שמו־עסען" — מיין לער־אַרבעט. איך האָב עס גאָרנישט אין זין געהאַט

צו דרוקען. איך האָב געבראַכט דעם מאַנוסקריפּט לעסינג׳ן און האָב באַמערקט מיט אַ שפּאַס, אַז איך קען אויך אַזוי שרייבען ווי שאַפּטס־בערי, דער ענגלענדער. און שטעלט אייך פאָר, דאָס נעכסטע מאָל וואָס מיר האָבען זיך באַגעגענט, האָט ער מיר דערלאַנגט די קאָרעקטורען. דער ליבער גאָטהאָלד״.

„איז עס אמת, אַז דער קעניג — ?״

„האָט געשיקט נאָך מיר קיין פּאָטסדאַם מיך אויסצוזידלען? איר האָט אין זינען אַן אַנדער זאַך. דאָס איז געווען אין מיינע ערשטע יאָרען״. ער האָט אַ שמייכעל געטאָן און גענומען רעדען שטילער. „איך האָב מיך דערוועגט צו געבען אָנצוהערעניש אין אַ רעצענזיע, אַז זיין מאַיעסטעט׳ס פראַנצויזישע לידער — און לאָמיך אייך זאָגען, עס פרייט מיך, וואָס ער האָט דערלעבט צו שרייבען טייל לידער געגען וואָלטער׳ן — זיינען נישט די פולקאָמענהייט. איך האָב געמיינט, אַז מיין מיינונג איז געווען אַזוי איינגעוויקעלט, אַז זיין מאַיעסטעט וועט זי נישט באַגרייפען. אָבער אַ בייזוויליגער הויפלינג, דער פּרעדיגער יוסטי, האָט מיך פאַרדאַמט אלס אַ איד, וואָס האָט פאַרוואָרפען יעדען רעספּעקט פאַר דער הייליגער פּערזענליכקייט פון זיין מאַיעסטעט. מען האָט מיך גערופען קיין סאַן־סוסי און — נאָך מיט אַ ביסעל רשעות — אום שבת. איך האָב אויסגעפירט צו זיין דאָרט און נישט מחלל שבת זיין״.

„האַלט ער יאָ שבת!״ האָט מימון אין דערשטוינונג אַ טראַכט געטאָן.

„אָבער איר קענט זיך לייכט פאָרשטעלען, אַז איך בין נישט געווען אַזוי גליקליך ווי אַ בער מיט האָניג. אָבער איך האָב גע׳טענה׳ט, אַז דער וואָס שרייבט לידער, דער שפּילט אין קעגלשפּיל, און דער וואָס שפּילט אין קעגלשפּיל, מעג ער זיין אַ מאַנאַרך אָדער אַ פּויער, מוז ער זיין צופרידען מיט דעם אורטייל פונ׳ם אינגעל וואָס גיט אַכטונג אויף די קעגלען.״

„און איר לעבט נאָך!״

„און אַ סך קענען דאָס נישט פאַרטראָגען. איך שטעל מיר פאָר, אַז זיין מאַיעסטעט האָט זיך געשעמט מיך צו באַשטראָפען פאַר די פראַנצויזישע ציניקער פון זיין הויף, און איך וויים פון אַ זיכערען קוואַל, אַז ערשט נאָכדעם ווי דער מאַרקיז ד׳אַרזשאַן איז דערשטוינט

געוואָרען אויסצוגעפינען, אַז די פּאָליציי האָט מיך יעדען מאָמענט געקענט ארויסטרייבען פון בערלין, האָט מיך דער קעניג געמאַכט פאַר זיין באַשיצטען איד. בין איך נאָך אַלעם דאָך עפּעס שולדיג די פּראַנצויזען. מיינע פריינט האָבען מיך שוין לאַנג צוגערעדט צו זוכען שוץ, נאָר איך האָב געדענקט, ווי איך דענק נאָך איצט, אַז מען דאַרף נישט בעטען קיין רעכט, וואָס יעדער אָרימסטער איד קען נישט האָבען, אָבער אַ קעניג׳ס געשאַנק־פערד דאַרף מען נישט קוקען אין די ציין אַריין. און איצט מוזט איר ווערען מיין באַשיצטער איד". מימונ׳ס הארץ האָט געקלאַפּט מיט דאַנקבאַרקייט. „און די פראַגע איז, וואָס האָט איר אין זינען צו טאָן אין בערלין? וואָס פאַר אַ קאַריערע דאַרף עס אייך ברענגען אַ שלאָס און אַ פּרינצעסין?"

„איך וויל שטודירען מעדיצין".

„גוט. דאָס איז די איינציגע פּראָפעסיע, וואָס אַ איד מעג דאָ אויפנעמען. כאָטש, איר מוזט וויסען, אַז וואָס פאַר אַ גרויסע פּראַק־טיק איר זאָלט נישט דערגרייכען — אפילו צווישען קריסטען — וועלען זיי קיינמאָל נישט דרוקען אייער נאָמען אין דער מעדיצינישער ליסטע. מיר דאַרפען אָבער דאַנקבאַר זיין פאַר קליינע טובות. אין פראַנק־פורט זיינען די אידישע דאָקטוירים באַגרעניצט אויף פיר, אין אַנדערע שטעט טאָר אינגאַנצען קיין אידישער דאָקטאָר נישט זיין. מיר מוזען אייך איבערגעבען צו דאָקטאָר הערצ׳ן — אָט דער מאַן דאָרט וואָס לאַכט אַזוי שטאַרק, מסתמא איבער איינעם פון זיינע אייגענע גוטע וויצען, — דאָס איז דאָקטאָר הערץ, און דאָס שיינע באַשעפעניש איז זיין ווייב הענריעטע, וועלכע גרינדעט אַ געטע־סאַלאָן. זי און מיינע טעכטער צושיידען זיך קיינמאָל נישט — אַ אידישע דרייאייניגקייט. און אַזוי, הער דאָקטאָר, שטרעק איך אייך אויס די הארציגע גראַטו־לירונג פון אַ בוכהאַלטער".

„אָבער איר זיינט דאָך נישט קיין בוכהאַלטער!"

„נישט איצט, אָבער אַלס אַזעלכער האָב איך אָנגעהויבען, אָדער בעסער געזאָגט, אין דעם בין איך אַריין, ווייל איך בין געווען אַ גמרא־מלמד אין דער פאַמיליע, ווען מיין טייערער הער בערנהארדט האָט עס מיר פאָרגעשלאָגען. און איך באַדויער עס נישט. ווייל עס האָט מיר איבערגעלאָזט גענוג צייט צו לערנען לאַטיין און גריכיש און מאַטע־מאַטיק, און עס האָט מיר ענדליך געבראַכט אַ שותפות. דאָך בין איך

אלע מאָל געווען א לויף־פערד באַלאָדען מיט א פּאַק, ליידער! איך מיין נישט מיין הויקער, אָבער די פאַבריק גנב׳עט נאָך אלץ ביי מיר א סך צייט און מי, און ווען איך זאָל נישט אויפשטיין פינף אזייגער — אָבער איר האָט מיך געמאַכט גאַנץ עגאָאיסטיש, די ענליכקייט פון אייערע יונגע יאָרען האָט עם אויפגערודערט דעם קוואל פון עראינער־רונגען. אָבער קומט! לאָמיך אייך פאָרשטעלען פאר מיין פרוי און מיין זון אברהם. אָ, זעט, מיין ליבע פרומעט רופט מיך שוין. זי איז מיד צו פירען דעם קאַמף איינע אליין. וואָלט איר זיך נישט געוואָלט באַקענען מיט מוסיע מיראַבאָ? אָדער לאָמיך אייך פאָר־שטעלען פאר וועסעלי׳ן — ער וועט מיט אייך רעדען העברעאיש. וועסעלי איז עס דער וואָס טוט די גאַנצע ארבעט, פאר וועלכער איך ווער געלויבט — ער איז דער, וואָס דערהויבט אונזערע ברידער, מיט וועלכע איך האָב נישט דאָס הארץ און נישט דעם מוט צו קעמפען. אָדער אָט איז ניקאָלאַי, דער גרינדער פון דער „ביבליאָטעק פאר שיינער קונסט", צו וועלכער, — האָט ער מיט א כיטרע שמייכעל צוגעגעבען, — איך האָף, איר וועט נאָך אויך ביישטייערען. אפשר וועט אייך פריילין ראַימאַרום באַקערען, די רייצענדיגע יונגע דאַמע, וואָס רעדט דאָרט מיט איר שוואָגער — ער איז א דענישער שטאַטסראַט. זי איז לעד־סינג׳ס בעסטער פריינט — ווי איך לעב, אָט קומט לעסינג אליין. איך בין זיכער, אז עס וועט אים זיין א פארגעניגען זיך צו באַקענען מיט אייך".

„ווייל ער האָט ליב אויסגעשטויסענע? ניין, ניין, נאָך נישט".

און מימון, וואָס זיין שטימונג איז אים ווידער פארטונקעלט געוואָרען, האָט זיך צוריקגעצויגען א דערשראָקענער פון די גרויסע נעמען. יאָ, ער איז א טרוימער און א נאַר, און מענדעלסאָן איז אודאי א חכם. אין זיין ביטערקייט האָט ער אפילו נישט געטרויט זיין אייגענער דיר־סערטאַציע, זיין אומקאָמפּראָמיסליכער לאָגיק, וואָס האָט צושטערט יעדע טעאָלאָגיע. מענדעלסאָן איז אפשר גערעכט: אפשר האָט ער באמת געלייזט דאָס אידישע פּראָבלעם. צו זיין א איד צווישען דייטשען און א דייטש צווישען אידען. צו פאַרייניגען דעם אלטען גלויבען מיט קולטור. צו האַלטען הויך דעם קאָפּ און זיך ארויסשטעלען אלס אן ערנהאַפטען עלעמענט אין דער נאַציע. איז אָט די קאַטוילישע געזעלשאַפט נישט קיין באַווייז, אזא אזא אידעאַל איז מעגליך?

גראָדער שכל! וואָס פאַר אַן אמת׳ע זעלבסט־אָפּשאַצונג און שאַרפ־זין עס ליגט אין דעם חכמ׳ס באַרימטען ענטפער צום חוצפּה׳דיגען דייטשען אָפיצער, וואָס האָט אים געפרעגט מיט וואָס פאַר א סחורה ער האַנדעלט. „מיט אַזאַ, וואָס איר דאַרפט, ווייט אויס, נויטיג — גראָדען שכל״. מימון האָט זיך אנגעשטרענגט צוצוהערען דעם שמועס. עס איז איבערגעגאַנגען אויף דייטש אונטער׳ן איינפלוס פון מענדעל־סאָנ׳ען, וועלכע האָט פון זיין שופט׳ס שטול קאָנטראָלירט דאָס גע־שפּרעך, מיט א וואונק פון אויג, מיט׳ן קאָפּ אָדער מיט דער האַנט. און ווען מ׳האָט אַפּעלירט צו אים, האָט ער געוויינליך באַוויזען, אַז ביידע צדדים האָבען זיך געקריגט איבער ווערטער, נישט זאַכען. מימון האָט באַמערקט פון זיין באַהאַלטענעם ווינקעל, אַז דער שמועס איז געוואָרען ערנסטער, צוזאַמענגעבונדענער, האָט באַרירט פּראָבלעמען. ער האָט געזען, אַז פאַר מענדעלסאָנ׳ען, פּונקט ווי פאַר אים, האָט קיין זאַך ווירקליך נישט עקזיסטירט חוץ די גרויסע פראַגען. לייכטע אונטער־ברעכונגען האָט דער חכם איגנאַנצען איגנאָרירט, און אויב די פּראַגע איז צוקראָכען געוואָרען אויף זאַכען וואָס האָבען נישט געהאַט צו טאָן מיט׳ן ענין, איז ער שטיל געבליבען. מימון האָט שטודירט דעם איידעלען בויג פון זיין שטערען, די פעסטע נאָז, די גרויסע ליפּען, אינ׳ם ליכט פון הער לאַוואַטער׳ס טעאָריעס. לעסינג האָט גערעדט ווייניג, ער האָט אויסגעזען ווי אַ צובראָכענער מענש. דאָס גלענצענדע לעבען פונ׳ם קולטור־קעמפער האָט געהאַלטען ביי אַ טונקעלען סוף — ווייב, קינד, געזונט, געלט, כמעט זיין נאָמען, פאַרגאַנגען: דער גרעסטער לוין פאַר אַ געניע.

ביי איין פּונקט האָט אַ דאַמע געוואָלט ציען די אויפמערקזאַמקייט אויף זיך דורך באַשולדיגען זיך אין פעלערען פון כאַראַקטער. אפילו מימון האָט פאַרשטאַנען אַז זי האָט געפישט נאָך קאָמפּלימענטען. אָבער מענדעלסאָן האָט איר ערנסט באַפוילען אויסצובעסערען אירע פעלערען, און מימון האָט געזען ווי לעסינג׳ס פאַרזאָרגטע אויגען האָבען צום ערשטען מאָל אויפגעלויכטען מיט אַ פונק פון הומאָר. דאַן האָט דער דיכטער, ווי מען וואָלט אים אויפגעוועקט צו עראינע־רונגען, אַרויסגענומען אַ פּאַפּיר: „איך האָב כמעט פאַרגעסען אייך צוריקצוגעבען קאַנט׳ס בריף״, האָט ער געזאָגט. „מען דאַרף אייך ווירקליך גראַטולירען״.

מענדעלסאָן איז רויט געוואָרען ווי א אינגעל, און האָט געוואָלט א כאַפּ טאָן דעם בריף, נאָר לעסינג איז אין שפּאַס צוגעשטאַנען אים איבערצולעזען פאַר דער געזעלשאַפט.

„איך באַטראַכט, אַז אין אייער „ירושלים" איז אייך געלונגען צו פאַראייניגען אונזער גלויבען מיט אַזאַ גראַד פרייהייט פון געוויסען, ווי מען האָט זיך קיינמאָל נישט געקענט פאָרשטעלען פאַר מעגליך, און מיט וואָס קיין אַנדער גלויבען קען זיך נישט באַרימען. איר האָט אין דער אייגענער צייט אַזוי גרינטליך און אַזוי קלאָר דעמאָנסטרירט די נויטווענדיגקייט פון פרייהייט פון געוויסען, אַז סוף כל סוף וועט אונזער קירך אויך געבראַכט ווערען צו באַטראַכטען ווי אַזוי צו באַזייטיגען פון זיך יעדע זאַך וואָס שטערט און דריקט דאָס געוויסען, וועלכעס וועט צום סוף פאַראייניגען אַלע מענשען אין זייער בליק אויף די הויפּט־פּונקטען פון רעליגיע".

א מורמעל פון באַשטעטיגונג איז דורכגעגאַנגען די געזעלשאַפט.

„אַזאַ בריף וואָלט מיך באַלוינט פאַר א סך מער פאַרדרוסען ווי מיינע שריפטען האָבען מיר געבראַכט", האָט מענדעלסאָן געזאָגט. „און א טראַכט צו טאָן", האָט ער לאַכענדיג געזאָגט, „אַז איך האָב אַמאָל געוואונען איבער קאַנט'ן א קאָנטעסט. א באַווייז פון דער קראַפט פון קלאָרען אויסדרוק איבער טיפען געדאַנק. און דאָס האָב איך צו פאַרדאַנקען אייער דערפרישונג, לעסינג".

דער דיכטער האָט געמאַכט א גרימאַסע. „איר באַשולדיגט מיך אין דערפרישען אויבערפלעכליקייט".

ס'איז געוואָרען א געלעכטער.

„ניין, איך האָב געמיינט, אַז איר האָט אוועקגעריסען די דערנער פון די רויזען פון פילאָזאָפיע! ווען קאַנט וואָלט נאָר געשריבען אַזוי ווי איר —"

„וואָלט ער זיך אַליין פאַרשטאַנען", האָט א בליץ געטאָן די שיינע העגריעטע הערץ.

„און פאַרלוירען זיינע שילער", האָט איר מאַן צוגעגעבען. „דאָס איז ווירקליך די אורזאַך, הער מענדעלסאָן, פאַרוואָס מיר פרומע אידען זיינען אַזוי אין כעס אויף אייער דייטשער איבערזעצונג פון דער ביבעל — איר מאַכט די ביבעל פאַרשטענדליך."

„יאָ, זיי האָבען געטאָן דאָס בעסטע צו פאַרקריפּלען זי", האָט

מענדעלסאָן אָפּגעזיפּצט. „אָבער דער צאָרן וואָס מיין איבערזעצונג רופט אַרויס צווישען די אַזויגערופענע קלוגע לייט פון אונזער צייט, איז דער בעסטער באַווייז, אַז זי איז נויטיג. ווען איך האָב צוערשט געטראַכט פון אַרויסברענגען אַן איינפאַכע ביבעל אין גוטען דייטש, האָב איך בלויז אין זינען געהאַט די נויט פון מיינע אייגענע קינדער, דערנאָך האָב איך מיר ערלויבט איינצורעדען, אַז עס וועט אפשר אויך גוט זיין פאַר דער מאַסע. איצטער זע איך, אַז מער פון אַלע דאַרפען זי די רבנים. אָבער יאָרהונדערטע פון פאַרקריפּעלטען דענקען האָבען זיי אָפּגעטויט פון די שיינקייטען פון דער ביבעל. זיי האָבען זי געלאָזט הינטער זיך אַלס עלעמענטאַר, ווען זיי האָבען זי נישט אַליין באַדעקט מיט פאַרפּלאָנטערנישען. פאַרפיינטע שלעכטע אויסטייטשונג איז אַלץ, אַ שיינער פסוק — גאָרנישט. און היינט די פאַרקריפּעלטע שפּראַך זייערע — וואָס קיין זאַך קען מער נישט פאַרקריפּלען אַ פאָלק. זיי האָבען דאָך באמת אַריינגעלעגט אַ הייליגקייט אין דעם אידיש־דייטש, און איך בין אַ וואָלף אין אַ שעפּסענער פעל דערפאַר, וואָס איך האָב אָוועקגעלעגט גוט דייטש מיט העברעאישע אותיות. אפילו די פראַנצויזישע אידען, זאָגט מיר סערף בער, האַלטען שלעכט דייטש פאַר הייליג. שוין נישט רעדענדיג פון עסטרייך".

„וואָרט, וואָרט!" האָט אַ נייגעריגער מענש זיך אָנגערופען, „די געזעצען פון קייזער יאָזעף וועלען דאָס אַלץ ענדערען. אויב די אידען פון ווין וועלען נאָר זיין געצוואונגען צו גיין אין שול אַריין און לערנען וויסענשאַפט, וועלען זיי ווערען אַ געערטער עלעמענט פון דער נאַציע".

מענדעלסאָן האָט געשאָקעלט מיט זיין וועלטליך־קלוגען קאָפּ. „נישט אַזוי שנעל, מיין ליבער וועסעלי, נישט אַזוי שנעל. אייער העברייאישע אָדע צום עסטרייכישען קייזער איז ריינע פּאָעזיע, נאָר איך האָב מורא, צו זעעריש אַלס געשיכטע. ווער ווייסט צי דאָס איז מער ווי אַ צייטווייליגער פּאָליטישער שריט?"

„און מיר פרומע אידען", האָט זיך דאָקטאָר הערץ אָנגערופען מיט אַ שמייכעל, „איר פאַרגעסט, הער וועסעלי, אַז אונז שולט מען נישט אַזוי גרינג. מיר האָבען קיינמאָל נישט פאַרגעבען אונזער מענ־דעלסאָנ'ען פאַר זאָגען, אַז אונזער ערליכער גלויבען האָט אָנגע־זאַמעלט שפּינוועבס. דאָס שפּינוועבס טאַקע האָבען מיר ליב, נישט דעם ווין".

„יאָ, געווים", האָט זיך מימון אַריינגעריסען, אַזוי פּאַראינטעד־רעסירט, אַז ער האָט פאַרגעסען זיין אייגענעם זשאַרגאָן, און זיינע קליידער אודאי. „ווען איך בין געווען אין פּוילען, בין איך פּיין אַריינגעקראָכען אין אַ בלאָטע, דורך דעם וואָס איך האָב אָנגעוויזען, אַז זיי דאַרפען זיך נישט ווענדען מיט די פּנים'ער צו מזרח ביים דאַווענען, ווייל ירושלים, וואָס לויט דער גמרא האָבען זיי עס זיך אַהין געווענדט, האָט נישט געקענט זיין מזרח פון אומעטום. פאַקטיש זיינען מיר געווען צפון־מערב, אַזוי אַז זיי האָבען זיך באַדאַרפט ווענדען" — זיינע גראָבע פינגער האָבען זיך אָנגעהויבען דרייען און זיין קול האָט אָנגענומען אַ גמרא־ניגון — „דרום־מזרח. איך האָב זיי געזאָגט, אַז עס איז געווען גרינג אין יעדער שטאָט אויסצורעכענען די פּינקטליכע ווענדונג, דורך ווינקלען און קרייזען —"

„דורך קיילעכאַרטיגער טריגאָנאָמעטריע, געווים", האָט מענדעל־סאָן ליבליך געזאָגט. מימון, וויסענדיג, אַז מען האָט אים קאָרע־גירט, איז ער רויט געוואָרען און האָט פּלוצלינג דערזען, אַז ער געפינט זיך אין צענטער פון באָאָבאַכטונג. זיין באַגאַסטער האָט גיך צוגע־געבען: „איר דערמאָנט מיך אין דעם האַס וואָס איך האָב אַרויס־גערופען, ווען איך האָב איינגעשטימט מיט דעם הערצאָג פון מעקלענ־בורג־שווערינגען'ס באַפעל, אַז מיר זאָלען נישט באַגראָבען אונזערע מתים פאַר'ן דריטען טאָג. און דאָס אפילו נישט קוקענדיג אויף מיינע באַווייזען פון דער גמרא! אוי, מיינע ליבע, ווען די רבנים וואָלטען נאָר אַזוי גרייט געווען צו באַגראָבען טויטע אידעען ווי טויטע קער־פּערס!" אַלע האָבען געשמייכעלט, נאָר מימון האָט זיך דרייסט אָנגערופען:

„איך מיין, אַז איר באַהאַנדעלט זיי וויים צו טאָלעראַנט".

„וואָס, הער מימון", און מענדעלסאָן האָט געשמייכעלט דעם האַלב־טרויעריגען שמייכעל פון'ם חכם, וועלכער האָט געזען די קאַפּ־ריזען פון'ם מענשליכען ספּעקטאַקל און זיך אַליין אַלס טייל פון אים, „וואָלט איר געוואָלט, אַז איך זאָל צוריקשטויסען אומטאָלעראַנץ דורך אומטאָלעראַנץ? איך וועל צוגעבען, אַז ווען איך בין געווען אין אייערע יאָרען — און געהאַט נאָך אפילו אַ הייסערען טעמפּעראַמענט — האָב איך געקענט ווערען אַ גוטער פאַרפאָלגער. אין יענע צייטען האָב איך געשריבען פאַר איינעם פון די מילדעסטע בלעטלאַך, „דער

מאַראַל־פּרעדיגער”, האָבען מיר חברה עם גערופען. נאָר דערפאַר, ווייל עס האָט נישט געשמעקט פון רעליגיע האָבען די פרומע לייט פון יעדען זייטעל ארויסגעשמעקט גאָטלאָזיגקייט. איך וואָלט געקענט שמייסען די דומקעפּ אָדער וויינען פון צרות. איצט זע איך, אז אומ־טאָלעראַנץ איז אַ באַווייז פון ערנסטקייט פונקט ווי פון דומהייט. מענשען דאַרפען טאַקע זיין אויף דער וואַך קעגען דעם מינדסטען רויען אָטעם אויף די בליטען פון דעם גלויבען וואָס זיי האַלטען טייער. די איינציגע קריטיק וואָס האָט נאָך די מאַכט מיך אויפצורעגען, איז די קריטיק פון די שרעקעדיגע, וואָס האָבען מורא, אַז ווען אַ איד קומט אַרויס מיט לשון, רופט ער אַרויס פאַרפאָלגונגען אויף זיך. אָבער וואָס אנבאַלאַנגט די איבעריגע, איז געגנערשאַפט דער שמעלץ־פּרואוו פון נייע אידעען. איך טו מיין חלק אין דער וועלט, און אַנדערע דאַרפען טאָן זייערס. אַזוי גיך ווי איך האָב איבערגעגעבען מיין אי־בערזעצונג צו פריינט דובנאָ אָפּצודרוקען, האָב איך מיך אָנגענומען מיט כח, האָב אויפגעהויבען מיינע אויגען צו די בערג און געווענדט דעם רוקען צו די פאַרפאָלגערס. דאָך פאַרדריסט עס מיך, וואָס גראַד דער רבי פון פויזען איז דער, וואָס לאָזט אַרויס די אַלטפרענקישע געוואַלטען געגען דעם טייטש־חומש פון משה פון דעסאַו, ווייל פאַר דעם תלמודיסט און מאַטעמאַטיקער הערש יאַנאָוו האָב איך דעם גרעסטען רעספּעקט. נישט אומזיסט רופט מען אים דער חריף און לויט איך הער איז ער באמת אַן אויסגעצייכענטער מענש”.

„אַ צדיק!”, האָט מימון מיט באַגייסטערונג אויסגעשריגען, ווידער פאַרגעסענדיג זיין שעמעוודיגקייט. זיין קול האָט געציטערט ווען ער האָט אויסגערופען אַ פייערדיג לויבגעזאַנג אויף זיין אַמאָליגען גוטסטטוער און האָט אים אויסגעמאָלען ווי ער האַלט ביים שטאַרבען אין די בעסטע יאָרען פון לעבען, אַן אויסגעמאַטערטער פון וואַכנעכט און תשובות. אין אַ ווידערגעפיל האָט אַ נייע אויפרודערונג פון צווייפעל אין דער מענדעלסאָנישער לייזונג גערייצט זיין נשמה. כאָטש ער האָט נאָר וואָס פאַרדאַמט די פאַנאַטיקער, האָט ער אָבער געפילט אַ מאָדנע סימפּאַטיע מיט דעם ליבליכען אַסקעט, וואָס האָט געפאַסט יעדען טאָג, וועלכער האָט אַלצאיינס געפייניגט זיינע פּסוקים און זיך, אָט דעם האָפנונגסלאָזען מיסטיקער, פאַר וועלכען עס האָט נישט געקענט זיין קיין בריק צום מאָדערנעם געדאַנק. דער גאַנצער פוילישער

איך אין אים האָט איראַציאָנאַל רעוואָלטירט נעגען דעם דייטשען ראַציאָנאַליזם. ניין, ניין, ניין, עס מוז זיין אַלץ אָדער גאָרנישט. מען האָט נישט געטאָרט אויפ'ן אָרט פון אידישען קאַטאָליציזם ברענגען אידישען פּראָטעסטאַנטיזם. די פּאַטעטישע פאַנאַטיקער, וואָס האָבען פאַרצווייפעלט געקעלעפּט צו דער פאַרגאַנגענהייט, האָבען געהאַט אַ טיפערען אינסטינקט, אַן אמת'ערע פּאַראויסזעאונג פון דער צוקונפט, איידער דער קולטורעלער פילאָזאָף.

„יאָ, דאָס וואָס איר דערציילט מיר פון הירש יאַנאָוו איז אין איינקלאַנג מיט אַלעם וואָס איך האָב געהערט", האָט מענדעלסאָן רואיג געזאָגט. „אָבער איך האָב צוטרוי אין דער צייט און אין דעם נייעם דור. איך וועל וועטען, אַז די איבערזעצונג וואָס איך האָב געמאַכט פאַר מיינע קינדער, וועלען זיינע קינדער לעזען".

מימון האָט צופעליג געקוקט איבער מענדעלסאָנ'ס אקסעל אויף זיינע חנ'עוודיגע טעכטער אין זייערע פאַריזער טואַלעטען. ער האָט געזען אַז זיי האָבען זיך איבערגעקוקט מיט אַ נייגעריגען בליק, וואָס האָט סקעפּטיש אויפגעהויבען זייערע ברעמען. אין אַן אויפבליצט פון איינזיכט האָט ער געכאַפּט זייער באַטייט. מענדעלסאָן האָט זוכענדיג אַן עפּיגראַם אריינגעבלאָנקעט אין אַ צווייפעלהאַפטער חכמה.

„די איבערזעצונג וואָס איך האָב געמאַכט פאַר מיינע קינדער, וועלען זיינע קינדער לעזען".

זיינע, אפשר.

אָבער מיינע אייגענע?

מימון האָט אויפגעציטערט מיט אַן אָנונג פון טראַגעדיע. אפשר זיין דיסערטאַציע וועלען מענדעלסאָנ'ס קינדער לייענען. ער האָט זיך פּלוצלינג דערמאָנט, אַז מענדעלסאָן האָט קיין וואָרט נישט געזאָגט וועגען דער צושמעטערענדיגער לאָגיק פון זיין דיסערטאַציע.

ווען ער האָט זיך געזעגענט, האָט ער די פראַגע געשטעלט גאַנץ אָפען: „וואָס האָט איר צו זאָגען וועגען מיינע ארגומענטען?"

„איר זענט איצט נישט אויפ'ן ריכטיגען וועג", האָט מענדעלסאָן געזאָגט, פריינטליך האַלטענדיג זיין האַנט, „אָבער דער וועג פון אייערע פאַרשונגען דאַרף נישט אָפּגעשטעלט ווערען. צווייפעל, ווי דעקאַרט ווייזט ריכטיג אָן, איז דער אָנהויב פון פילאָזאָפישער שפּעקולאַציע".

ער האָט געלאָזט דעם פוילישען פילאָזאָף אויף דער שוועל, אַ טיף געריגערטען דורך אַ געמיש פון געפילען.

.4

אָט די געמישטע באַציאונג פון מימון דעם נאַר צו נתן דעם חכם האָט אָנגעהאַלטען ביז דעם חכמ'ס טויט האָט אַריינגעוואָרפען בערלין אין טרויער, און דעם נאַר אין אומזיסטען באַדויער פאַר זיינע אָנפאַלען פון אומרעספּעקט צו איינעם, וואָס די גרויסע אויסענליניען פון זיין כאַראַקטער זיינען געשטאַנען אויף אייביג איינגעקריצט דורך דעם קריצמעסער פון טויט.

„וואָס פאַר אַ שאַנד, אָדער טרויער אַזוי ווייניג, פאַר אַ האַרץ וואָס איז אונז אַזוי ליב". — האָט ער געשריבען אין זיין אויטאָביאָגראַפיע.

צו אָפט איז ער אַרויס מיט זיין טעמפּעראַמענט — באַזונדערס ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען שפּינאָזאַ, — און ער האָט שיר נישט באַשולדיגט מענדעלסאָנ'ען אין אומערליכקייט. איז דער אמת נישט געוועזן דער העכסטער אידעאַל? און איז שפּינאָזאַ נישט געוועזן אַזוי אומאָפּלייקענבאַר ווי עקליד? וואָס! האָט דער עמאַנציפּירטער אינטעלעקט ווירקליך געקענט אָפּלייקענען דעם וואונדערליכען דענקער, וועלכער איז נאָך אַ יאָרהונדערט פון ביישפּיללאָזען פאַרוואורף, געוועזן דער אנערקענטען נביא פון גאָט פון דער צוקונפט, דער באַגייסטערער פון געטע'ן און אַלדעם בעסטען אין מאָדערנעם געדאַנק! אָבער ניין, מענדעלסאָן האָט זיך פאַר'עקשנ'ט געהאַלטען אין זיין אייגענער לעבענס סיסטעם, האָט קיינמאָל נישט צוגעגעבען, אַז זיין לאַנג גייסטיג גליק איז געוועזן געבויט אויף אַ ליגען. עס איז געוועזן זייער אומ'שכל'דיג און ערגערדיג פון אים, און זיין פאָרמולע צו פאַרענדיגען אַ דיסקוסיע, „מיר מוזען זיך האַלטען פעסט נישט אָן ווערטער, נאָר אָן די זאַכען וואָס זיי באַטייטען", האָט מען נאָך זיכער געקענט ענטפערען. ווי מאָדנע, אַז נאָכדעם ווי דער אומרואיגער מימון האָט אַליין אויפגעגעבען שפּינאָזאַ'ן, זאָלען דעם חכמ'ס לעצטע יאָרען האָבען געוועזן אַזוי פאַרוואָלקענט דורך דעם כלומר'שטען שפּינאָזאַאיזם פון זיין טייערען טויטען לעסינג.

אָבער אַצינד ווען דער חכם אַליין איז געוועזן טויט, האָט זיך דער נאַר דערמאָנט זיין אומענדליכע געדולד — נישט די געדולד פון בלוט־

לאזינקייט, נאר פון א ליידענשאפטליכער נשמה, וואס האט זיך אליין באזינגט — וואס איז נישט פארזויערט געווארען דורך א נאר'ס אנטוישענדיגער קאריערע, און אפילו נישט דורך זיינע אויסברוכען פון אויסגעלאסענקייט.

ווייל מימונ'ס לעבען האט נאך געהאט א סך ענדערונגען, נאר די פראפעסיע פון מעדיצין איז נישט אריין אין זיי. „איך פאדער פון יעדען מענשען מיט א געזונטען פארשטאנד, אז ער זאל זיך אליין אויסלערנען א פלאן פון טעטיגקייט", האט דער פילאזאף געזאגט, און האט אוועקגעוואנדערט קיין ברעסלוי, קיין אמסטערדאם, קיין פאטסדאם, אלס פאראזיט פון באשיצערס, א וואלוועלער שמירער פאר פארלעגערס, פאר רעוואלטירער פון מאנירען, דער גייסטרייכער און געערטער מעטאפיזיקער. ווען קאנט האט ערקלערט, אז ער איז געווען דער איינציגער פון זיינע קריטיקער, וואס האט פארשטאנען „די קריטיק פון ריינער פארנונפט", האט זיך מימון צוריקגעקערט קיין בערלין זיך אפצוגעבען מיט דער פילאזאפישער ארבעט, וואס האט אים שפעטער אוועקגעשטעלט אויף א באזונדערען בארג צווישען די קאנטיסטען. געטע און שילער האבען אים געמאכט קאמפלימענטען. בערלינער געזעלשאפט איז געווען ביי זיינע פיס. אבער ער איז געבליבען ביז'ן סוף הילפלאז און מאכטלאז, אומבאנעמליך און אומפירליך און נישט זעלטען ווען די קרעטשמעס וואס ער האט באזוכט זיינען געווען פארמאכט, האט ער בגילופינ'דיג געוואנדערט דורך די שלאפענדיגע גאסען, טראכטענדיג פון זעלבסטמארד, אדער דיסקוטירענדיג מעטאפיזיק מיט שטרענגע וועכטערס.

מיט זיין גאנצער מאטעמאטיק", האט א פריינט געזאגט וועגען אים, „ווייזט אויס, דענקט ער גארנישט וועגען דעם אונטערשיד צווישען פלום און מינום אין געלט־זאכען". „מענשען ווי דו לוינט זיך נישט צו העלפען", האט אן אנדערער געזאגט, שוין א מידער, ווען מימון האט געבעטען בלויז עטליכע קופער־גראשען. דאך איז ער אבער קיינמאל נישט אריינגעפאלען אין דעם בעטלער'ס אונטערטעניגקייט, ניין, ער איז נאך אפטמאל אליין געווען דער באשיצער פון עפעס אן ארעמערען נאכשלעפער, פאר וועלכען ער פלעגט מקריב זיין זיין לעצט גלאז ביר. דוי אין זיינע מאנירען, האט ער קיינמאל נישט געצויגען דאס היטעל, אדער זיך קאלטבלוטיג ארומגענומען מיט זיינע באקענטע.

און ער האָט קיין פּאַרוק נישט געטראָגען. בלויז ריינע פּאַרנונפּט דאַרף הערשען.

אזוי אָנגעטאָן אין אַן אַלץ־באַהאַלטענדיגען אויבערמאַנטעל, האָט מען דעם אומראַזירטען פילאָזאָף געקענט זען אין אַ קאַפע־הויז אָדער אויף אַ באַנק אין שענק, שרייבענדיג אין פרייע מאָמענטען זיינע טיפע עסייען איבער טראַנסצענדענטאַלער פילאָזאָפיע, און די בלעטער זיינען אַרומגעפלויגען און פאַרלוירען געגאַנגען, און די געדאַנקען אויך אזוי שלעכט אַראַנזשירט, ווייל די גמרא־מאַניר האָט נאָך אַלץ געקלעפּט צו זיינע דייטשע שריפטען און זיינע שמועסען, אזוי אַז זיין קערפּער האָט זיך ריטמיש געשאָקעלט, זיין גראָבער פינגער האָט געאַרבעט און זיין קול האָט אויסגעזונגען מיט אַ פרום געזאַנג די אידעען וואָס וואָלטען פּאַראַליזירט די תלמודישע שול. פּונקט אזוי ווען ער האָט פאַרלוירען אַ פּאַרטיע שאַך, אָדער ווען ער האָט זיך צוהיצט אין אַ ויכוח, איז זיין אַלטער אידיש־פּוילישער מוטער־זשאַרגאָן צוריקגעקומען צו אים. זיין אַלטען גלויבען האָט ער אינגאַנצען אויסגעטאָן פון זיך, אָבער אַ ניגון פון שול האָט אים נאָך אַלץ געקענט רירען ביז טרערען. טיילמאָל האָט מען אים געקענט זען אין טעאַטער, ווי ער האָט היסטעריש געוויינט ביי טראַגעדיעס, אָדער הויך און ברייט געלאַכט ביי קאָמעדיעס, ווייל ער האָט זיך שוין פון לאַנג אויסגעלערענט ליב צו האָבען האָמער'ן און די ליבליכע קונסטען, כאָטש אין אָנהויב פלעגט ער אַלץ טענה'ן, אַז קיין שטאַרקער ליטעראַרישער אויסדרוק קען בשום אופן נישט אַריבערשטייגען זיין שוויגער'ס קללות. כאָטש ער האָט זי קיינמאָל מער נישט געזען. זיין ווייב און עלטסטער זון האָבען אים נאָכגעשפּירט קיין ברעסלוי, אָבער זיי האָבען בלויז געזוכט ביי אים געלט און אַ גט. דאָס לעצטע האָט מימון נאָכגעגעבען נאָך אַ לענגאַלער פלאַפּלעריי. אָבער ער האָט נישט אויסגענוצט זיין פרייהייט. קיין אייגענע היים האָט ער קיינמאָל נישט געהאַט, אויסער טיילמאָל אַ בוידעם־שטוב, וואו ער האָט געאַרבעט ביי אַ הינקענדיגען טיש, — וואָס אונטער איין פוס איז געוויינליך געווען אונטערגעשפּאַרט אַ גרויס בוך, — אַרומגערינגעלט מיט קעץ און הינט, מיט וועלכע ער האָט זיך אַרומגערינגעלט פאַר אַ טרייסט. און אפילו ווען ער האָט געוואוינט אין אַן איידעלמאַנ'ס פּאַלאַץ, איז זיין אומגעבונג אויך נישט געווען ריינער. אין אַמסטערדאַם האָט ער די האָלענדער

געבראַכט צו פאַרצווייפלונג: אַפילו דייטשע בעל־הבית'טעס האָבען אים געמוזט מאַכען פאַרוואורף. אָבער דער חן פון זיין קאָנווערזאַציע, זיין פינקעלדיגער אינטעלעקט, האָבען אים אַלע מאָל ארומגערינגעלט מיט פריינט. און דאָס מזל וואָס איז גוט צו נאַראָנים, האָט אַכטונג געגעבען אויף זיינע לעצטע יאָרען, און האָט געשיקט זיין פאַרערער, גראַף קאַלקרויט, אַן אינטעלעקטועלען שלעזיער נאָבעלמאַן, אויסצוגראָבען אים פון זיין אומגליקליכער וואוינונג און ברענגען אים אין זיין אייגען שלאָס נעבען פריישטאַט.

ליגענדיג אויף זיין רייכען טויטענבעט אין דעם חושכ'דיגען נאָוועמבער פאַרנאַכט, שטאַרבענדיג ביי זעקס און פערציג פון אַ פאַרנאַכלעסיגטען לונגען־פעלער, האָט אַ ווירדיגער קאַטוילישער גלח געפרואווט אים צו ברענגען צו אַ מער קריסטליכען באַגריף.

„וואָס מאַכט עס אויס?" האָט דער קראַנקער פּראָטעסטירט. „ווען איך בין טויט, בין איך מער נישטאָ".

„קענט איר דאָס זאָגען, ליבער פריינט?", האָט דער גלח געענטפערט טיף גערירט. „ווי? אייער גדאַנק, וועלכער האָט אַלע מאָל אין די אומגינסטיגע אומשטענדען געשטרעבט צו העכערע דערגרייכונגען, וועלכער האָט געבראַכט אַזעלכע שיינע בלומען און פרוכטען, זאָל צוטראָטען ווערען אין שטויב צוזאַמען מיט דעם אָרעמען גוף, אין וועלכען ער איז געווען באַקליידט? פילט איר נישט אין דעם מאָמענט, אַז עס איז דאָ עפּעס אין אייך, וואָס איז נישט קערפּער, נישט שטאָף, עפּעס וואָס איז נישט אָפּהענגיג פון די באַדינגונגען פון רוים און צייט?"

„אָ", האָט מימון געענטפערט, „עס זיינען דאָ שיינע חלומות און האָפנונגען —"

„וואָס וועלען זיכער פאַרווירקליכט ווערען. וואָלט איר נישט געוואָלט ווידער קומען אין דער געזעלשאַפט פון מענדעלסאָנ'ען?"

מימון האָט געשוויגען.

פלוצלינג האָט דער גוסס אויסגעשריען: „וויי איז מיר! איך בין געווען אַ נאַר, דער נאַרישסטער צווישען די נאַרישסטע".

דער גדאַנק וועגען נתן דעם חכם איז באמת געווען ווי אַ פייערדיגער קאַנטשיק. צו שפּעט איז אים קלאָר געוואָרען, אַז די ליידענשאַפט פאַר'ן אמת האָט אים אומגעבראַכט. וויסען אַליין איז נישט

גענוג געווען פאר׳ן לעבען. דער ווילען און געפילען האָבען געפאָדערט זייער נארונג און איבונג, פונקט ווי דער אינטעלעקט. דער מענש איז נישט באשאפען געוואָרען בלויז צו יאָגען זיך נאָך אן אבסטראק־טער פאָרמעל, דעם בלייכען גייסט פון לעבעדיגע ווירקליכקייטען.

„זוכען דעם אמת" — יאָ, דאָס איז געווען איין אידעאל. אָבער עס איז נאָך געבליבען — ווי עס האָט געזאָגט דער פסוק, וועלכען מענדעלסאָנ׳ס תלמידים האָבען אויסגעקליבען פאר זייער מאָטאָ: „ליב צו האָבען דאָס שיינע, צו באגערען דאָס גוטע, צו טאָן דאָס בעסטע". מענדעלסאָן מיט זיין איינגעאָרדעטען פּלאַן פון הארמאָ־נישען לעבען, מיט זיין טאָפּעלטען באגריף פון גערדאנק און לעבען, וואָס ער האָט שכל׳דיג באלאנסירט צווישען פילאָזאָפיע און ליטע־ראַטור, שטודיום און געשעפט, לויט אזוי פיל פאר העלעניזם, און דאָך נישט פארלירענדיג זיין גריף אויף העברעאיזם, און צופּאסענדיג זיך מיט אלצאייניגען שכל צו די פאָדערונגען פונ׳ם געטאָ און די פאָ־דערונגען פון דער קולטור, מענדעלסאָן האָט געלויכטען פאר מימונ׳ס שטאַרבענדיגע אויגען, ווי באמת דער חכם.

דער דענקער האָט געהאַט א לעצטען אויפלייכט פון צופרידענ־הייט, ווען ער האָט אזוי דורכזיכטיג געזען די קוואלען פון זיין דורכ־פאל אלס מענשליך באשעפעניש. גליק איז דאָס קינד פון בא־שטימטקייט — אין מיינונגען, אין רוים. נשמה און קערפּער נויטיגען זיך אין א צענטער, אן אויסגאנגס־פונקט, א היים.

ער איז נאָכגעגאנגען דעם זוים פון אמת ביז צום חוזק׳דיגען האָריזאָנט. ער האָט אין דער ריי פאנאטיש אָנגענומען יעדע פילאָ־זאָפישע סיסטעם, פעריפּאטעטישע, שפינאָזיסטישע, לייבנאָזיסטישע, לייבניציסטישע, קאנטישע — און וואָס האָט ער געוואוסט איצט, ווען ער האָט באדארפט אוועק הינטער׳ן האָריזאָנט? גאָרנישט. ער האָט זיך געוואונען א פּלאַץ צווישען די דענקערס פון דייטשלאַנד. נאָר ווען ער וואָלט נאָר געקענט האָבען זיין אָפּגעשטויסענעם זון צו פאר־מאכען אים זיינע שטארבענדיגע אויגען, און ווען ער וואָלט נאָר גע־קענט גלויבען אין די תפילות וואָס זיין דוד וואָלט ארויסגעזיפצט, ווי גערנוויליג וואָלט ער צוגעשטימט אויסגעמעקט צו ווערען פון דעם בוך פון בארימטקייט. א פסח׳דיגער ניגון האָט געשוומעט אין זיין מח, טרויעריגע, זיסע טרערען זיינען אים געקומען אין די אויגען אריין —

יאָ, זיין נשמה האָט געפונען מער צופרידענהייט אין אַן אומבאַטייט־ליכען ניגון פול מיט ציטעריגע זכרונות פון די קינדעריאָרען, ווי אין אַלע פילאָזאָפיעס.

א טרויעריגער ניגון פון שול האָט געציטערט אויף זיינע ליפען, זיין נשמה האָט זיך מיט בענקשאַפט געווענדט צו אָט די אַסקעטען און מיסטיקער, וואָס זייער לעבען איז געווען אַ ווילקירליכע מאַר־טירעריי פאַר אַ מיספאַרשטאַנענער רעכטפאַרטיגקייט, אַ ליידענ־שאַפטליך אָפּפערען זיך פאַר אַ נאַאיווען באַגריף פונ׳ם קאָסמאָס. דער אומענדליכער פאַטאָס פון זייערע לעבענס האָט אים גערירט ביז צום פאַרגעסען זיין אייגענע נוצלאָזיגקייט. זיין נשמה איז אויסגע־גאַנגען צו זיי, נאָר זיין מח האָט אים אָפּגעזאָגט די טרייסט פון זייערע אילוזיעס.

ער האָט פאַרביסען די ציין און געוואַרט אויפ׳ן טויט.

דער גלח האָט ווידער גערעדט: „יאָ, איר זענט געווען נאַריש. אָבער דאָס וואָס איר זאָגט עס איצט באַווייזט, אַז אייער נשמה איז נאָך נישט קיין פאַרפאַלענע. קריסטוס איז אַלע מאָל אויף דער שוועל״.

מימון האָט געמאַכט אַן אומגעדולדיגע באַוועגונג. „איר האָט מיך געפרעגט צי איך וואָלט נישט געוואָלט נאָכאַמאָל זען מענדעל־סאָנ׳ען. ווי מיינט איר, וואָלט איך אים געקענט קוקען אין פנים אריין, ווען איך וואָלט געוואָרען אַ קריסט?״

„איר פאַרגעסט, מיין ליבער מימון, אַז ער קען שוין דעם אמת. דאַרף עס נישט זיין אַ פרייד פאַר אים, וואָס זיינע טעכטער רוען איצט אויפן בוזעם פון דער קירך?״

מימון האָט זיך אויפגעזעצט אין בעט מיט אַ פּלעצליכען קלאַפּ פון עראַינערונג, פון וועלכען ער האָט זיך פאַרהוסט.

„דאָראָטעאַ, אָבער נישט הענריעטאַ״, האָט ער פיינליך געסאָפּעט.

„הענריעטאַ אויך. האָט איר עס נישט געוואוסט? און אברהם מענדעלסאָן האָט אויך נאָרוואָס אָפּגע׳שמד׳ט זיין אינגעל פעליקס — מען זאָגט מיר, אַ וואונדערקינד אין מוזיק״.

מימון איז צוריקגעפאַלען אויף זיין קישען, אַן איבערוועלטיגטער פון געפילען און געדאַנקען. די טראַגעדיע וואָס איז געווען פאַרבאָר־גען אין דעם שמייכעל פון די שוועסטערן האָט זיך אַנטוויקעלט.

ער האָט שוין פון לאַנג פאַרלוירען זיין באַריר מיט בערלין, האָט

זיך אויפגעהערט צו אינטערעסירען מיט אידישקייט, איר קליינליכע פּאָליטיק, אָבער איצט האָט זיין געדאַנק לעבהאַפטיג צונויפגעשטוקע־וועט אַלץ וואָס האָט דערגרייכט צו אים פון די אנטוויקלונגען פון דער אידישער פראַגע פון מענדעלסאָנ'ס טויט אָן: דער קאַמף פון אַלט און ניי, וואָס איז געוואָרען אַזוי ווילד, אַז די פרומע האָבען אָפּגע־זאָגט די רעפאָרמירטע אידישע קבורה; יונגעלייט האָבען פאַרהאַסט זייערע פאָטערס און געשריען „קולטור, קולטור, נידער מיט דעם געטאָ". אַ סך זיינען אין דער רעאַקציע פון דעם דריי טויזענט יאָריגען יאָך אַריינגעפאַלען אין אַ פלאַפּלערישער אויסגעלאַסענהייט, און נאָך מער זיינען אריין אינ'ם מאָדישען קריסטענטום. און די פרוי פון נייעם דור נישט ווייניגער אָפּטריניג, העינריעטאַ הערץ האָט געבראַכט שיינע אידישע טעכטער אונטער'ן צויבער פון גאַלאַנטע דייטשען און דער ראָמאַנטישער באוועגונג, אַזוי אַז מענדעלסאָנ'ס אייגענע טאָכטער דאָראָטעאַ האָט פאַרלאָזט איר מאַן און קינדער צו לעבען מיט שלעגלען, און די אייביגע צניעות פון דער אידישער טאָכטער איז אונטערגעגראָ־בען געוואָרען. און אָנשטאָט דער ערנהאַפטיגער אָפּשאַצונג פון זיין פאָלק, פאַר וועלכער מענדעלסאָן האָט געאַרבעט, איז געקומען אַ ווילדע רעאַקציע געגען די אידען, וואָס גייסטיג האָט זי שלייערמאַכער אויפ־געבורעט מיט זיין „טראַנסצענדענטאַלער קריסטליכקייט", און פּאָלי־טיש געגנטז מיט זיין געשריי „אַ קריסטליך דייטשלאַנד". ביידע מענער זיינען געוועזן לייבען פונ'ם אידיש־קריסטליכען סאַלאָן, וועלכען מענדעלסאָן האָט מעגליך געמאַכט. און די איינציגע אידישקייט וואָס איז געשטאַנען פעסט אינמיטען דעם שטראָם, איז געוועזן דער אַל־טער פעלז פון ראַביניזם, וועלכען ער האָט געזוכט ארויסצושטויסען, און די אַמסטערדאַמער אידען האָבען אים אפילו אָפּגעזאָגט די געוויינליכע רעכט פאַר וועלכע ער האָט געקעמפט.

„אָרעמער מענדעלסאָן!" האָט דער שטאַרבענדיגער מימון גע־טראַכט. „ווער איז געוועזן דער טרוימער נאָך אַלעם, ער צי איך? וואויל צו אים, אפשר, וואָס זיין „פעדאָן" איז פאַלש, וואָס ער וועט עס קיינמאָל נישט וויסען".

דער אָפּגרונט צווישען זיי ביידן איז פאַרשוואונדען, און אין אַ לעצטען אויפלייכט פון אומ'רחמנות'דיגער איינזיכט האָט ער זיך

געזען צוזאמען מיט מענדעלסאָנ׳ען אין דער געמיינשאפטליכער איראָ־
ניע פון מענשליכען שיקזאל.

ער האָט געמורמעלט: „און ווי שטארבט דער חכם? אזוי ווי
דער נאר".

„וואָס זאָגט איר?" האָט דער גלח געפרעגט.

„דאָס איז א שורה פון דער ביבעל".

„זענט איר אלזאָ אין פרידען?"

„איך בין אין פרידען".

# פון אַ מאַטראַצען קבר

[„איך בין אַ איד, איך בין אַ קריסט. איך בין טראַגעדיע, איך בין קאָמעדיע — העראַקליט און דעמאָקריט אינאיינעם: אַ גריך, אַ איד. אַ פאַרגעטערער פון דעספּאָטיזם ווי עס שטעלט אים מיט זיך פאָר נאַפּאָלעאָן, אַ באַוואונדערער פון קאָמוניזם ווי ער ווערט פאַרקערפּערט אין פּרודאָנ'ען. אַ רויטער, אַ טעטאנער; אַ חיה, אַ טייוועל, א גאָט".

„גאָט'ס חוזק ליגט שווער אויף מיר. דער גרויסער פּראָפעסאָר פונ'ם אוניווערז, דער אַריסטאָפאַנעס פון הימעל, איז געווען געניגט צו באַווייזען מיט אַ פאַרניכטענדיגער מאַכט מיר, דעם קליינעם ערדישען אַזויגערופענעם דייטשען אַריסטאָפאַנעס, ווי אַזוי מיינע געוויכטיגסטע סאַרקאַזמען זיינען בלויז נעבאכדיגע פּרואוון צו מאַכען שפּאַס אין פאַרגלייך מיט זיינע, און ווי קלעגליך איך בין אונטער אים אין הומאָר, אין קאָלאָסאַלען חוזק"].

---

די קאַרעטע האָט זיך אָפּגעשטעלט און דער קוטשער אָן אַ שפּרענ־קעלע אויף זיך איז אַראָפּגעשפּרונגען און געפרעגט: „מוסיע היינע?"

די הויזהאַלטערין האָט, שטריקענדיג ביים טויער, אַ קוק געטאָן אויף אים, אַ קוק געטאָן אויף דער גלאַנצענדיגער קאַרעטע און אויף דער גראַנדאַמע וואָס איז געזעסען אין איר און זיך באַשירעמט מיט אַ פּאַראַסאָל פון דער גלאָריע פונ'ם פּאַריזער זונליכט. דערנאָך האָט זי אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ אויף ניין.

„אָבער דאָס איז דאָך נומער דריי אוועניו מאַטיניאָן?"

„יאָ, אָבער מוסיע נעמט בלויז אויף זיינע אַלטע פריינט. ער שטאַרבט".

„די מאַדאַם ווייסט. נעמט אַרויף איר נאָמען".

די הויזהאַלטערין האָט אַ בליק געטאָן אויף דעם עלעגאַנטען קאַרטעל. זי האָט געזען „לעדי" — וואָס זי האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז אין ענגליש מיינט דאָס גרעפין — און ווערטער דאַרויף אָנגעשריי־בעלט מיט בלייפען.

„ס'איז אויפ'ן פינפטען", האָט זי געזאָגט מט אַ זיפץ.

„איך וועל עס ארויפנעמען".

איידער ער איז צוריקגעקומען, איז די מאדאם אראפגעגאנגען און איבערגעגאנגען פון דער פינקלענדיגער זון אין דער טונקעלהייט פונ'ם טויער, מיט א מעלאנכאליש באוואוסטזיין פונ'ם סימבאָלישען. ווייל אויך איר גייסט האט געהאט זיינע פאעטישע אינטואיציעס און איינדרינגליכקייטען און איז געווען דערצויגען דורך פריינטשאפט מיט איינער פון די וויציגסטע און צערטליכסטע פרויען פון איר צייט צו עפעס מער ווי א געוויינליך באגרייפען דעם גרעסערען גייסט, צו וועמענס לעבעדיגען קבר זי איז איצט געקומען בעטען. זי האט געהאט א פיין פנים, וואס האט געטראָגען די דרייפאכע אריסטאָקראטיע פון שיינהייט, געבורט און ליטעראטור. איר הויט איז געווען מאטער עלפענביין, די שווארצע האר געוויקעלט ארום און ארום. די שטאָט־ליכקייט פון איר פיגור האט פארפולקאָמט דעם איינדרוק פון א רוי־מישער מאטראָנע.

„מאָסיע היינע בעט, אז אייער גנעדיגקייט זאל אים אָנטאָן די ערע ארויפצוגיין, און אים פארגעבען די פינף שטאָק פאר דער שיינער אויסזיכט".

איר גנעדיגקייט'ס טרוערירגקייט איז באפארבט געווארען מיט א שוואכען שמייכעל ווען זי האט דערהערט דאָס שליחות, וואָס דער קוטשער האט איבערגעגעבען, נישט פארדעכטענדיג, אז די אויסזיכט וועגען וועלכער עס האט זיך געהאנדעלט, איז געווען די אויסזיכט אויף היינע'ן אליין. דער פיינער קוטשער איז אָבער נעבאך נישט געווען אזוי אלזייטיג באקאָנט מיט היינע'ס שריפטען. זי איז דורכגעגאנגען דעם ליידיגען שטייניגען הויף און איז ארויף אויף די געדרייטע פינף שטאָק שטיגען, און איר געדאנק איז פול געווען מיט בילדער און איבערלעבונגען.

זי האט אָנגעסקריבעלט אויף איר קארטעל א דערמאָנונג ווער זי איז. אָבער וועט ער געדענקען, נאָך די אלע יאָרען און אין זיין שוידער־ליכער קראנקהייט דאָס קליינע עלף־יעריגע מיידעלע, וואָס איז געזעסען נעבען אים אין בולאָן ביים מיטאָגטיש? איר אליין איז איצט טיילמאָל שווער געווען צו באגרייפען, אז דאָס דיקע, גוטמוטיגע, קורצזיכטיגע מענשעלע מיט'ן גרויסען ווייסען שטערען, וואָס פלעגט זיצען מיט איר יעדען טאָג ביים עק פונ'ם פיער און איר דערציילט מעשות, איז

געוועזן דער שאַרפזיניגסטער שיינגייסט אין אייראָפּע, דער ז׳ייטשער אַריסטאָפּאַנעס; און אַז יענע קינדער־געשיכטען, וואָס זיינען געווען אַזוי גראָטעסק פול מיט ים־פרויען, וואַסער־גייסטער און אַ קאָמישען אַלטען פראַנצויזישען פידלער מיט אַ פּודעל, וואָס האָט פלייסיג זיך געבאָדען דריי מאָל אַ טאָג, זיינען געווען די לוסטיגע אימפּראָוויזאַציעס פון אפשר דעם גרעסטען לירישען דיכטער פון זיין צייט. זי האָט זיך דערמאָנט זייער צושיידונג: „ווען דו וועסט צוריקפאָרען קיין ענגלאַנד, מעגסטו דערציילען דיינע פריינט, אַז דו האָסט געזען העגריך היינע!”

אויף וואָס דאָס מיידעלע האָט געפרעגט: „און ווער איז העגריך היינע?”

אַ פראַגע, וואָס האָט געמאַכט דאָס בלוי־אויגיגע מענשעלע שטור־מען מיט געלעכטער.

די זאַכען שטייען נאָך ווי לעבעדיג פאַר אירע אויגען: זיי האָבען באַפאַרבט אַלץ וואָס זי האָט פון דאַמאָלסט אָן געלייענט פון זיין בשוף׳דיגער פען — די וואונדערליכע פּאָעמען וואָס האָבען מיט גלייכען בשוף איבערגעגעבען די ראָמאַנטישקייט פון פרעמדע לענדער און צייטען, אָדער די מאָדערנע נשמה, נאַקעט און אומבאַשעמט, ווי באַ־קליידט אין איר אייגענער קאָמפּליצירטקייט. די טראַגי־קאָמישע פראַגען וועגען דעם אוניווערז, די אויסגעצייכענטע רייזע בילדער און פאַנטאַזיעס, די קלאָרע קריטיק אויף קונסט, פּאָליטיק און פילאָזאָפיע, איבערגעגעבען מיט בייזווילליגער חכמה, פינקלענדיג מיט פּאָעזיע און שאַרפזין. אָבער וואָס אנבאַלאַנגט אים, האָט זי שוין מיט איר נאַ־איווער פראַגע אָן צווייפעל לאַנג פאַרבלייכט פון זיין רווישיג לעבען.

דער גערוך פונ׳ם קראַנקען־צימער האָט זי דערמאָנט אָן דער אומ־אַנגענעמער געגענוואַרט. אין דעם סומנע ליכט האָט זי זיך אָנגע־שטויסען אָן אַ ווענטעל וואָס איז געווען באַדעקט מיט פּאַפּיר געמאָלט אויסצוזען ווי לאַקיר־אַרבעט, און ווען די אָפּגעלאָזטע אַלטע קראַנקען־וועכטערין אין איר טשופּיק האָט איר צוגעווינקען צוצוקומען, האָט זי געהאַט אַ מרה־שחורה׳דיג געפיל פון אַן איינשטייהויז, אַ באַלעבאַטישע פוסטקייט באַפּוצט מיט צוויי ראַדירונגען נאָך לעאָפּאָלד ראָבערט, דערדריקליך פרעמד פון דער פאַרפיינטער בודואַר אטמאָספערע פון דעם קינסטלער־לעבען וואָס זי האָט געקענט.

אָבער דער דריקענדיגער איינדרוק איז פאַרשלונגען געוואָרען אין דער גרויסער טראַגעדיע הינטער'ן ווענטעל. אויף אַ בארג מאַטראַצען אָנגעלעגט אויף דער ערד איז געלעגען דער פּאָעט. ער האָט זיך אַ ביסעל אויפגעהויבען אויף זיינע קישענס, אויף וועלכע מען האָט גע־קענט זען אַ לענגליך, שפּיציג, ווייס פּנים מיט הויכע באַקענביינער, אַ גריכישע נאָז און אַ גרויס בלייך מויל, אויסגעצערט פון דער זינ־ליכקייט, וואָס האָט זי דערמאָנט אָן אַ מאָדנער קריסטוסדיגער שיינקייט. די ליניעס פון דעם איינגעשרומפּענעם קערפּער הינטער דער דעק האָבען אויסגעזען ווי פון אַ צען־יעריג קינד און די פיס האָבען אויסגעוויזען מאָדנע צונויפגעדרייט. איין דין הענטעל, ווי פון דורכ־זיכטיגען וואקס, צערטליך קינסטלעריש, האָט אָפען געהאַלטען אַ פּאַראַ־ליזירטע אויגענברעם, דורך וועלכער ער האָט געקוקט אויף איר.

„לוסי ליבכען!" האָט ער מיט פרייד אַרויסגעפּיפּטשעט. „האָסטו אַלזאָ אויסגעפונען, ווער הענריך היינע איז?"

ער האָט באַנוצט דעם דייטשען „דו". פאַר אים איז זי נאָך אַלץ געוועזען זיין קליינער פריינט. אָבער פאַר איר איז דער מאָמענט געווען צו שאַרף פאַר רייד. די שרעקליכע שורות אין די לעצטע שריפטען פון דעם גרעסטען פון אַלע אויטאָביאָגראַפען, וועלכע זי האָט געהאָפּט, זיינען פּאָעטיש באַפאַרבט, זיינען אַלזאָ געווען פיינליך, פּראָזאאיש אמת.

„קען עס זיין, אַז איך עקזיסטיר נאָך ווירקליך? מיין קערפּער איז אַזוי איינגעשרומפּען, אַז עס איז כמעט גאָרנישט געבליבען פון מיר חוץ מיין שטים, און מיין בעט דערמאָנט מיך אָן דעם שפּילענדיגען קבר פון דעם צויבערער מערלין, וואָס געפינט זיך אינ'ם וואַלד פון בראָסעליאַנד אין דער ברעטאַניע, אונטער הויכע דעמבעס, וואָס זייערע קעפּ לייכטען ווי גרינע פלאַמען צום הימעל. אַ, איך בין דיך מקנא פאַר יענע בוימער, ברודער מערלין, און פאַר זייער פרישען וועען. ווייל איבער מיין מאַטראַצען קבר דאָ אין פּאַריז שורשען נישט קיין גרינע בלעטער, און פרי און שפּעט הער איך קיין זאַך נישט אויסער די קלאַפּעריי פון וועגענער, האַמערען, זידלען און צימבלעריי פון פּאָרטע־פּיאַנען. אַ קבר אָן רו, טויט אָן די פּריווילעגיעס פון געשטאָרבענע, וועלכע דאַרפען מער נישט פאַרשווענדען קיין געלט, אָדער שרייבען בריף, אָדער פאַרפאַסען ביכער"...

און דאָן האָט זי געטראַכט פון דעם שווידערליכען פאַרגלייך צווישען אים און דעם אוראַלטען דייטשען זינגער — דעם אָרימען באַ־אַמטען פון דער לימבורגער כראָניק — וואָס זיינע זיסע לידער האָט מען געזונגען און געפייפט פון פרי ביז נאַכט דורך גאַנץ דייטשלאַנד. אין דער צייט וואָס דער מינעזינגער אליין, געשלאָגען מיט קרעציגקייט, אין אַ הויב און אַ מאַנטעל, מיט אַ לאַזארוס־קלאַפּער אין דער האַנט, איז געגאַנגען דורך דער אויפגעשווידערטער שטאָט. גאָט׳ס חוזק איז באמת געלעגען שווער אויף אים. זי האָט שוויינענדיג אויסגעשטרעקט איר האַנט, און ער האָט איר געגעבען זיינע בלוטלאָזע פינגער. זי האָט אָנגערירט זיין מאָדנע אַטלעסענע הויט, און זי האָט געפילט דאָס פיבער אונטער איר.

„דאָס קען נישט זיין מיין קליינע לוסי״, האָט ער געזאָגט מיט פאַרוואורף. „זי פלעגט מיך קושען. אָבער אפילו לוסי׳ס קוש קען נישט באַלעבען מיינע פאַראַליזירטע ליפּען״.

זי האָט זיך איינגעבויגען און אַ קוש געטאָן זיינע ליפּען. זיין קליין בערדעל איז געווען ווייך און שוואַך ווי די האָר פון אַ קליין קינד.

„אָ, איך האָב שוין געמאַכט שלום מיט דער וועלט און מיט גאָט. איצט שיקט ער מיר זיין מלאך המות״.

זי האָט געקעמפט מיט די טרערען אין איר האַלז. „איר מוזט זיכער זיין אַ קרבן פון אילוזיעס, ווען איר פאַרבייט אַן ענגלענדערין פאַר אַזראַעל״.

„אַך, פאַרוואָס בין איך געווען אַזוי פאַרביטערט געגען ענגלאַנד? איך בין בלויז איין מאָל געווען אין ענגלאַנד, מיט יאָרען צוריק. איך האָב קיינעם נישט געקענט, און לאָנדאָן האָט מיר אויסגעזען אַזוי פול מיט נעפּעל און ענגלענדער. איצט האָט ענגלאַנד שוין נקמה גענומען. עס שיקט מיר אייך. אַנדערע קלעטערען אויף אַרויף די הונדערט און פינף טרעפּ. איך בין אַ צולאָג צו דער פּאַריזער אויסשטעלונג. דאָס איבערבלייבאַכץ פון העגריך היינע. אַן אמת׳ער פּילגרימאַזש פון דער קעניגליכער אונטערוועלט! אַ רוסישע פּרינצעסין ברענגט דעם פאַר־האַסטען גערוך פון איר ליולקע״, האָט ער געזאָגט מיט פאַרעכטליכער צופרידענהייט, „אַן איטאַליענישע פּרינצעסין פלאַפּעלט פון איר ווייַ־טאָג און פּיין, גלייך זי וואָלט קאָנקורירט מיט מיינע. אָבער איך בין זיכער, אַז מ י י נ ע נערוועו וואָלטען באַקומען דעם גאָלדענעם מע־

דאַל, ווען מען וואָלט זיי געקענט זען אויף דער אויסשטעלונג. ניין, ניין, ווייכט נישט. איך האָב געוואָלט איר זאָלט לאַכען. טראַכט נישט וועגען מיר ווי איר זעט מיך איצט. מאַכט זיך פאַר מיר גלייך איך בין ווי ווען איר האָט מיך צום ערשטען מאָל געקענט. אָבער ווי פיין און שיין אייר זענט אויסגעוואַקסען. אפילו פאַר מיין שטיקעל אויג, וואָס זעט דאָס זונליכט ווי דורך שווארצע גאַזע. זיך פאָרצו־שטעלען, אַז די קליינע לוסי האָט אַ מאַן. אַ מאַן — און דער פודעל באָדט זיך נאָך אַלץ דריי מאָל אַ טאָג. זענט איר גליקליך, טייערע, זענט איר גליקליך?"

זי האָט אַ שאָקעל געטאָן יאָ. עס האָט אויסגעזען ווי אַ פאַר־שוועכונג צוצוגעבען, אַז זי איז גליקליך.

„דאָס איז שעהן! יאָ, איר זיינט אַלע מאָל געווען אַזוי פריי־לאַך. גאָט צו דאַנקען! ווי דערפרישענדיג עס איז צו געפינען איין פרוי מיט אַ הארץ, און דאָס איר מאַנ'ס. דאָ האָבען די פרויען אַ מעטראָנאָם הינטער זייערע קאָרסעטען, וואָס קלאַפּט אויס טאַקט, אָבער נישט מוזיק. הימעל! וואָס פאַר אַ ווינטעל פון מיין יוגענט איר ברענגט מיר! גייט נאָך דער ים אַלץ גרין ביים עק פון בולאָניער פיער, און די מעווים פליען נאָך אַלץ? אין דער צייט וואָס איך ליג דאָ, אַ פאַריזער פראָמעטעאוס, צוגעשמידט אין קייטען צו מיין בעט. אָ, ווען איך וואָלט כאָטש געווען געבענשט מיט אַ פעלז, מיט דעם הימעל איבער מיר! אָבער איך טאָר מיך נישט באַקלאָגען. ווייל זעקס יאָר איידער איך האָב מיך אריינגעצווינגען אהער, האָב איך בלויז געהאַט אַ באַלקען איבער זיך ארויסצופאָדערען. איצט גייט מיין באַלקאָן ארוים אין דער זייט אויף די שאַנז עליזע, און טיילמאָל דער־וועג איך זיך צו ליגען אין דרויסען אויף אַ סאָפע און קוקען אויף דעם שיינעם, שיינעם פאַריז, ווי עס שיקט ארויף איר נשמה אין פינקלענ־דיגע פאָנטאַנען, און פארקערפערט זיך אין שיינע פרויען, וואָס גייען לייכט ווי טאַנץ־מוזיק. זעט!"

אים צו באַפרידיגען איז זי צוגעגאַנגען צו אַ פענסטער און געזען, אויף דעם שמאָלען, אייזערנעם באַלקאָן, אַביידעל פון געשטרייפטען שינץ, ווי דער דאַך פון אַ קאַפעהויז, געבויט אויף אַ לייכטער אייזער־נער ראַם. אירע אויגען זיינען געווען פארנעפּעלט פון נישט פאַר־גאַסענע טרערען, און זי האָט גיכער געפילט ווי געזען די ווייט אויס־

געשטרעקטע אווענין, וואָס האָט פולסירט מיט דעם פיבערהאַפטען לעבען פונ׳ם יאָר פון דער גרויסער אויסשטעלונג. די פאַר׳שכור׳ענ־דיגע זון, די קאַשטאַן־בוימער, וואָס האָבען באַשפּרענקעלט מיט שאָטען די בלעטערדיגע טראָטוארען, דער ווייסער פאָנטאַן־שפּריי און די פלאַ־מענדיגע בלומען־בייטען פונ׳ם ראָנד פּוען, דער בליציגער, פלאַקער־דיגער שטראָם קאַרעטען וואָס האָט זיך געצויגען צום בוא מיט זייער פראַכט פון שיינקייט און רייכקייט און פרעכער זינד.

„דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב אַרויסגעקוקט פון דעם פענ־סטער", האָט ער געזאָגט, „האָב איך מיר אויסגעזען ווי דאַנטע ביים סוף פון דער געטליכער קאָמעדיע, ווען ער האָט ווידער דערזען די שטערען. איך קענט נישט וויסען, וואָס איך האָב געפילט ווען איך האָב נאָך אַזויפיל יאָרען ווידער דערזען די וועלט צום ערשטען מאָל, מיט אַ האַלב אויג, כאָטש אַ קליין שטיקעלע. איך האָב געהאַט מיין ווייב׳ס לאָרנעט אין דער האַנט און איך האָב געזען מיט אַן אומאוים־דריקליכען פאַרגעניגען אַ יונגען פאַרקויפער פון לעקעך, וואָס האָט פאָרגעלעגט זיין סחורה פאַר צוויי דאַמען אין קרינאָלינעס, מיט אַ קליין הינטעל. איך האָב פאַרמאַכט דעם לאָרנעט. איך האָב מער נישט געקענט זען, ווייל איך האָב מקנא געווען דאָס הינטעל. די וועכטערין האָט מיך צוריקגעטראָגען אין בעט אריין און מיר געגעבען מאָ פיום. יענעם טאָג האָב איך מער נישט געקוקט. פאַר מיר איז די געטליכע קאָמעדיע געווען ווייט פון געענדיגט. דער געטליכער הומאָריסט האָט זיך אפילו אראָפּגעלאָזט צו אַ וואָרטשפּיל. מען רעדט וועגען מאַכמעד׳ס טרונע. איך ליג צווישען צוויי שאַנזעליזעס, איינס וואו דאָס ווארימע לעבען פולסירט, און דאָס אנדערע, וואו די בלייכע גייסטער פלאַטערען ארום".

איז עס אַלזאָ נישט געווען קיין מאָמענטאַנע פאַנטאַזיע פון דער פעדער, נאָר אַ שטענדיגע שטימונג, וואָס האָט כסדר געלעסטערט דעם „אריסטאָפאַנעס פון הימעל". איז עס דען נישט אייגענטליך אַלע מאָל געלאָפען דורך זיינע ווערק, אָט דער באַגריף פון הומאָר אין די גראָטעסקערייען פון דער געשיכטע, „דער חלום פון אַ פאַר׳שכור׳טער גאָטהייט"? אָבער דאָס אמוזירען זיך דערמיט איז געווען גייסטרייך. „ווי אַ משוגע׳נער אַרלעקין", האָט ער געשריבען וועגען בייראָנ׳ען, דעם מאַן צו וועלכען ער האָט זיך געפילט אַם מייסטען פאַרוואַנדט,

„ער שטעכט אריין אַ שטילעט אין זיין אייגען האַרץ, צו באַשפּריצען חוזק'דיג מיט דעם שפּריצענדיגען שוואַרצען בלוט די דאַמען און הערען אַרום... מיין בלוט איז נישט אַזוי פאַרביטערט שוואַרץ. מיין ביטער־ניש קומט בלויז פון די גאַל־עפּעל פון מיין טינט". אָבער איצט, האָט זי געטראַכט, דער ביטערער טרונק אַלע מאָל ביי זיינע ליפּען האָט זיך ענדליך אַריינגעאַרבעט אין זיין בלוט.

„זענט איר אַבסאָלוט אומהיילבאַר?" האָט זי צערטליך געזאָגט, ווען זי איז צוריקגעקומען פונ'ם פענסטער און זיך אַוועקגעזעצט ביי זיין מאַטראַצען קבר.

„ניין, איך וועל אַמאָל שטאַרבען. גרובי זאָגט גאָר אינגיכען. אָבער דאָקטוירים זיינען אַזוי אומקאָנסעקווענט. פאַרגאַנגענע וואָך, ווען איך האָב געהאַט אַ שרעקליכען אַטאַק פון קרעמפּפען אין האַלז און אין דער ברוסט, האָט ער מיך געפרעגט: קענט איר פייפען? ניין, אפילו נישט ביי סקריב'ס אַ קאָמעדיע, האָב איך געענטפערט. קענט איר זיך פאָרשטעלען ווי שלעכט עס איז מיר געווען. אָבער אפילו דאָס, האָט ער געזאָגט, וועט נישט ברענגען גיכער דעם סוף, און איך וועל ווייטער לעבען אומענדליך! איך האָב אים געמוזט וואָרענען, ער זאָל עס נישט זאָגען מיין ווייב. אָרעמע מאַטילדע! עס נעמט מיר אומגעהייער לאַנג צו שטאַרבען. דערנאָך קערט ער זיך אום צו מיר און הייסט מיר באַשטעלען מיין טרונע. נאָר איך האָב מורא, נישט קוקענדיג אויף זיין לעצטען אָנזאָג, וועל איך נאָך אָנ־האַלטען אַ געוויסע צייט און פאַרגרעסערען מיין וויסען איבער רוקען־קראַנקהייט. איך האָב געלייענט אַלע ביכער וועגען דעם און געמאַכט פּראַקטישע עקספּערימענטען אויך. וואָסערע קלינישע לעקציעס איך וועל עס געבען אין הימעל און באַווייזען, ווי אומוויסענדיג עס זיינען די דאָקטוירים!"

עס האָט זי געפרייט צו באַמערקען דעם לעבהאַפטען ניואַנס פון חוזק. אָפּלאַכעריי האָט געציטערט כמעט אין די טענער פון זיין שטים, וואָס איז געוואָרען קלאָר און דורכדרינגליך אונטער'ן דער־פרישענדיגען איינפלוס פון איר אַנוועזענהייט, אָבער עס איז אויס־געגאַנגען אין צערטליכקייט, און די סאַרקאַסטישע קנייטשען זיינען פאַרשוואונדען פון זיינע מויל־ווינקלען ווען ער האָט געמאַכט דעם פאַטעטישען שפּאַס וועגען זיין ווייב.

„לעזט איר און שרייבט", האָט זי געזאָגט.

„אָ, נאָר דע זשיכלינסקי, אַ פיינער יונגער פליכטלינג, טוט פאַר מיר מייסטענסביידע זאכען. מיין מוטער, גוטע אַלטע נשמה, האָט נישט לאַנג צוריק געשריבען אויסצוגעפינען, פאַרוואָס איך האָב בלויז אונטערגעשריבען מיינע בריף, האָב איך איר געמוזט זאָגען, אַז מיינע אויגען טוען מיר וויי, וואָס דאָס איז געווען ווייניגער נישט־אמת ווי דאָס איבעריגע פונ'ם בריף".

„ווייסט זי נישט?"

„ווייסט זי נישט? גוטע נשמה, געוויס נישט. טייערע אַל־טיטשקע, וואָס חלומ'ט זיך אַזוי גליקליך ביים דאַמטויער, צו אַלט און קלוג צו לייענען צייטונגען. ניין, זי ווייסט נישט, אַז זי האָט אַ שטאַרבענדיגען זון, זי ווייסט נאָר אַז זי האָט אַן אומשטערבליכען! נישט וואָר?"

ער האָט זי אָנגעקוקט אַ ביסעל אַנגסטליך. די טראַגישע אַנגסט־ליכקייט פון דעם וועטעראַן קינסטלער, וואָס דערשמעקט פון דער־ווייטען די אָפּשפּעטערייען פון די נייע קריטיקער איבער זיין לעבענס־ווערק און שווער באַוואוסטזיניג איבער זיינע מחנות שונאים.

„אַזוי לאַנג ווי די דייטשע שפּראַך לעבט".

„דאָס ליבע אַלטע דייטשלאַנד", האָט ער אַ צופרידענער געזאָגט.

„יאָ, ווי איך האָב אייך געשריבען, ווייל א י ר זיינט עס די ל י ב ע ק ל י י נ ע פונ'ם ליד:

,דערמאַנט מען די בעסטע נעמען,
ווערט דאַמאַלס אויך מיינער דערמאַנט'."

זי האָט זיך געפילט געשמייכעלט, נאָר זי האָט אומעטיגלאַך גע־טראַכט פון ווייטערדיגע צוויי שורות:

„דערמאַנט מען די ערגסטע שמערצען,
ווערט דאַמאַלס אויך מיינער דערמאַנט",

ווען ער האָט ווייטער גערעדט: —

„דערפאַר האָב איך מיך נישט געוואָלט נאַטוראַליזירען דאָ, כאָטש די דייטשע צענזור האָט פאַרבאָטען אָדער געשניטען מיין יעדעס בוך, וואָס איז געווען ווי אריינשטעכען שפּילקעס אין מיין נשמה. פּאַריז איז געווען מיין ניי ירושלים, און איך בין אריבערגעגאַנגען מיין ירדן ביים ריין. אָבער אַלס אַ פראַנצויזישער בירגער וואָלט איך געווען

ווי יענע צווייקעפּיגע פּארזעגנישן וואָס מען ווייזט אויף די ירידין. חוץ דעם, האָט איך פראַנצויזישע פּאָעזיע. וואָס פאר א געמאָס־טענער גלאַנץ! כאָטש דייטשע פּאָעזיע איז פאר מיר אַלעמאָל געווען נישט מער ווי א געטליכער שפּילצייג. א לאָרבערקראַנץ אויף מיין קבר, צי מען וועט אים אוועקלייגען צי נישט אַרט מיך נישט. אָבער לייגט אויף מיין טרונע א שווערט, ווייל איך בין געווען אַזא בראַווער זעלנער ווי אייער קעניג אין דעם באַפרייאונגס־קריג פון דער מענשהייט. אָבער מיין דרייסיג יעריגער קריג איז אריבער, און איך שטאַרב, מיט דער שווערט נישט צובראָכן און א צובראָכן הארץ". זיין קאָפּ איז צוריקגעפאַלען אין אומאויסשפּרעכליכער האָפנונגסלאָזיגקייט. „אָ," האָט ער געמורמעלט, איך האָב אַלעמאָל געבעטן, 'גאָט, לאָז מיין קערפּער אַלט ווערן, נאָר זאָל מיין נשמה בלייבן יונג, זאָל מיין שטים ציטערן און זיך איבעררייסן, אָבער קיינמאָל נישט מיין האָפנונג.' און אָט דאָס איז מיין סוף".

„אָבער אייער אַרבעט איז נישט געענדיגט. אייער קאַמף איז נישט געווען אומזיסט. איר זענט דער באַגייסטערער פון'ם יונגען דייטשלאַנד. און איר ווערט געלויבט און פאַרגעטערט פון דער גאַנצער וועלט. איז דאָס נישט קיין פאַרגעניגען?"

„ניין, איך בין נישט „דער ליבער גאָט!" ער האָט אונטערגעלאַכט און ער האָט אויפגעלעבט פון דעם אפּיקורסישן ווערטל. „אָ, וואָס פאַר א שיקזאַל! פאַרערט צו ווערן נאָר פון די נאַראָנים, א מין קוזין פון'ם הימלישן זינגער. איין קאָמפּלימענט פון העגלען אַצינד מוז זיין זיסער ווי א פולע קירך מיט פּסאַלמען". א שרעקליכער אָנפאַל פון הוסט האָט אונטערגעבראָכן די ווייטערדיגע אויסאַרבעטונג פון דער גאָט־לעסטערישער פאַנטאַזיע. פינף מינוט האָט עס אים געטרייסלט און געריסן, און די וועכטערין האָט זיך אומזיסט געבויגען איבער אים. נאָר ביים ערגסטען האָט ער געמאַכט א צייכען צו זיין גאַסט נישט אוועקצוגיין, און ווען ער האָט זיך ענדליך באַרואיגט, האָט ער ווייטער רואיג גערעדט „דאָניצעטי האָט געענדיגט מיט מ:שוגעת אין אויסגעפּוצטע קליידער, אָבער איך ענדיג וויניגסטענס מיט נענוג שכל הנאה צו האָבען פון'ם שפּאַס — אַביסעל צופיל צוצויגען און נישט אינגאַנצען אָריגינעל, אָבער פול

מיט גייסטרייכער איראָניע. די קליינע לוסי זעט אוים איבערראשט, אָבער איך דענק טיילמאָל, קליינע לוסי, אז די מיסאכטונג קומט גיכער פון די זיסע פרומע מענשען, וואס אין דער צייט וואָס זיי לויבען זייער גאָט׳ס שטארקייט און זינגען לויבלידער צו זיין גוטסקייט, ווייזען זיי נישט קיין שום אנערקענונג פאר זיין הומאָר. דאָך איך ווער געלויבט אלס וויצקאָפּ ווי אלס פּאָעט. ווען איך וואָלט געקענט נעמען מיין בעט און ארומגיין, וואָלט איך געפּרעדיגט א ניי גאָטעסדינסט — דאָס גאָטעסדינסט פון דעם ערץ־הומאָריסט. איך וואָלט פארפאסט א ריטואל פאר דעם לעכערליכען. דריי מאָל א טאָג, ווען דער מועזין וואָלט גערופען פונ׳ם בערזע־דאך, וואָלטען אלע געטרייע געמוזט לאכען איבער דעם גיגאנטישען וויץ פונ׳ם קאָסמאָס. ווי דערהאבען, דאָס אוניווערסאלע געלעכטער! ביי זונאויפגאנג, מיטאג און זונאונטערגאנג. די וואָס האָבען נישט געלאכט וואָלטן פארפאָלגט געוואָרן. זיי וואָלטן געמוזט לאכן, אפילו ווען אויף דער פאלשער זייט פונ׳ם מויל. אויסגעצייכענט! אזוי ווי מערסטע מענשען האָבען נישט קיין זין פאר הומאָר, וועלען זיי איינשלינגען דעם שולקאטעכיזם פונ׳ם קאָמישען אזוי נאריש ווי זיי שלינגען איצט איין דעם גייסטיגען. יא, איך זע, אז איר וועט נ י ש ט לאכען. אָבער פארוואָס טאָר איך נישט באשענקען מיין גאָטהייט — ווי יעדער טוט עס — מיט דער קוואליטעט וואָס איך פארמאָג אָדער באוואונדער אממייסטען?"

זי האָט געפילט א געוויסען אמת אין זיין פארטיידיגונג. ער האָט חוזק געמאכט נישט פון גאָט, נאָר פון דעם פארגרעסערטען מענש אינ׳ם פאָלקס־גלויבען. פאר אים איז עם בלויז געווען אן אינטעלעקטועלע שפּילמארקע מיט וועלכער זיין שארפזין האָט געשפּילט, פארגעסענדיג דעם הייליגען שיין וואָס האָט זיך געהאלטען ארום דעם באגריף פאר דעם גרעסטען טייל פון דער וועלט. אפילו זיין באדימט בילד פון דעם שטארבענדיגען יעהאָוואַ, אָדער זיין באמערקונג אז „דיזער פארוועניו דעם הימעלס" איז אפשר געווען אין כעס אויפ׳ן אידישן פאָלק פאר דערמאָנען אים זיינע אמאָליגע פארגעסענע נאציאָנאלע פארוואנדשאפטען — וואָס איז דאָס דען געווען אויסער א לוסטיג איבערגעבען פון דעם וואָס די דייטשע פילאָזאָפען האָבען געזאָגט אזוי אומלעזבאר וועגען דער אנטוויקלונג פונ׳ם גאָט־געדאנק?

אָבער זי האָט אויך געפילט אַז עס וואָלט געווען פיינער אריבער־צוטראָגען אָן אַ שמייכעל דעם שמייכעללאָזען שיקזאל. נישט ארויפ־צודרינגען מיט דעם געקלאַנג פון פוסטען געלעכטער אויף דער גרוי־סער אומבאַרירליכקייט. זי האָט צערטליך געענטפערט, „איר רעדט אומזין".

„איך האָב אַלעמאָל גערעדט אומזין צו אייך, קליינע לוסי, ווייל

‚מיין הארץ איז קלוג און וויציג,
און עס בלוטיגט אין מיין ברוסט.'

ווילט איר הערען זיין מעלאָדישען טריף־טריף, מיין לעצט ליד? — מיין מאַנוסקריפט, קאַטערינע. און דערנאָך קענסטו גיין און זיך צולענען. איך בין זיכער, אַז איך האָב דיר געגעבען ווייניג רו נעכטען ביינאַכט".

די אַלטע פרוי האָט אים געבראַכט עטליכע גרויסע בלעטער באַשריבען מיט גרויסע פאַטעטיש צושפרייטע בוכשטאַבען, און ווען זי איז אַוועק זיך צולייגען, האָט ער אָנגעהויבען —

„ווי לאַנגזאַם קריכט זי עס אַוועק
די צייט, אַ שווידערהאַפטער קריכוואָרם...?"

זיין שטים איז ווייטער אָנגעגאַנגען, נאָר נאָך די ערשטע שורות איז דער צוהערערינ'ס מח געווען צו פארזאָרגט זיך איינצוהערען. זי איז געווען אויפגערודערט מיט ווירבעלדיגע ערינערונגען פון יענע פריערע אויסרופען, וואָס האָבען פולסירט מיט דער ליידענשאַפט פון לעבען, פלאַמענדיגע פארצייכענישען פון די טעג ווען יעדע רגע האָט אַנטהאַלטען נישט אָן אייביגקייט פון לאַנגווייל, נאָר פון עמפפינד־ליכקייט. רויט לעבען קאָכט אין מיינע אָדערן... יעדע פרוי איז פאַר מיר די מתנה פון אַ וועלט... איך הער טויזענט נאַכטיגאַלען... איך וואָלט געקענט אויפעסען אַלע עלפאַנטען פון הינדוסטאַן און זיך אויסשטעכען מיינע ציין מיט'ן שפיץ פון דער שטראַסבורגער קאַטעד־ראַל... דאָס לעבען איז די גרעסטע ברכה און טויט די ערגסטע קללה..." אָבער דער פּאָעט האָט נאָך אַלץ געלייענט — זי האָט זיך געצוואונגען צו הערן.

„מיין קאָפּ קען זיין איז פול מיט הייד־געשטאַלטען,
פאַרבלייכטע געטער, וואָס ווארטען איך זאָל שטאַרבען,
און האָבען פאַר די אומהייליגסטע נוצען
זיך אויסדערוויילט א טויטען דיכטער'ס שאַרבען".

ער האָט פּלוצלונג אָפּגעהאַקט. „ניין, דאָס איז צו טרויעריג. א געשריי אין דער נאַכט פון א מענש וואָס איז לעבעדיג באַגראָבען. א נייער טאָן אין דער דייטשער פּאָעזיע — וואָס זאָגע איך? — אין דער פּאָעזיע פון דער וועלט. קיין פּאָעט האָט נאָך קיינמאָל נישט געהאַט אזא גליקליכע געלעגענהייט — זעט איר — צו בערצולעבען זיין אייגענעם טויט, כאָטש א סך האָבען איבערגעלעבט זייער אייגענע אומשטערבליכקייט. מען דאַרף קיין מענש נישט רופען אומגליקליך איידער ער שטאַרבט. נישט פריער ווי די רייזע איז פאַרביי קען מען זען די אמת'ע פּערספּעקטיוו און די קברים פון אייגענע האָפענונגען און אילוזיעס וואָס באַצייכענען די מיַדע מיילען. נישט פריער ווי א מענש איז טויט קען אויפגיין דער טאָג פונ'ם משפט. און ווען א מענש איז טויט קען ער אינגאַנצען נישט זען אדער משפט'ן. א פּרעכטיגע איראָניע. ניכט וואר? די טויטע אינ'ם מאָרג, וואָסערע מעשות זיי וואָלטן געקענט דערציילען! אָבער טויטע דערציילען קיין מעשות נישט. ווי לאַנג עס איז דאָ לעבען איז דאָ האָפענונג. און אזוי זיינען די ערגסטע ציניזמען קיינמאָל נישט ארויסגערעדט געוואָרען. נאָר איך — איך אליין — האָב אויסגעמיטען דעם שיקזאַל. איך בין דער טויט־לעבעדיגער, דער לעבעדיג טויטער. איך שוועב איבער מיין צושטערטען קערפּער ווי א גייסט, און איך עקזיסטיר אין א צווישענוועלט. און אזוי בין איך דער ערשטער שטערבליכער אין א לאַגע צו פאָדערען א דערקלערונג. זאָגט מיר נישט, אז איך האָב געזינדיגט און בין אין גהינום. מערסטע זינד זיינען זינד וואָס ווערען קלאַסיפיצירט דורך היפּאָקריטען און שוואַכע דענקער. ווער קען לעבען און נישט זינדיגען, אדער זינדיגען און נישט לעבען? קאַנט'ן איז זער וואויל צו זאָגען: 'האַנדעלט אזוי אז אייער אויפפירונג זאָל זיין א געזעץ פאַר אַלע מענשען אונטער ענליכע באַדינגונגען.' אָבער קאַנט האָט פאַרזען, אז איר אַליין זענט א

טייל פון די באדינגונגען. און ווען איר זענט א היינע, מעגט איר זייער וואויל צוגעבען אז צוקונפטיגע היינעס זאלען האנדלען פונקט אזוי. עס איז זיך זייער גרינג צו זיין טוגענטהאפטיג, ווען מען איז א פראפעסאר פון רייגער פארנונפט, א רעגולערער, פינקטליכער מעכאניזם, א זאך לויט וועלכער די קעניגסבערגער בירגער זאלען זיך אנשטעלען זייערע זייגערס. נאר אויב איר זענט צופעליג איינער פון יענע לייט צו וועמען אלע רויזען בויגען זיך און אלע שטערען ווינקען... איך בין פאר שעלינג'ס פרינציפ. די העכסטע גייס־טער זייגען אריבער דעם געזעץ. ניין, ניין, דעם פאסטאר'ס דער־קלערונג איז נישט גענוג. אפשר געפינען זיך אין הימעל פאר־שידענע דערקלערונגען, אין פארשידענע גראדען צו שטייגענדיגע אינטעלעקטען, פון פאסטארס און העכער. משה לומפ קען זיין צו־פרידען מיט א גאלדענער שטול און מיט'ן געזאנג פון די מלאכים 'קדוש! קדוש! קדוש' און ווייטער קיין קשיות נישט פרעגען. אבדולא בען אסמאנ'ס מויל וועט פארמאכט ווערען מיט די קושן פון הורים. קריסטוס וועט דאך זיכער נישט אנטוישען דער אריי־מער אלטער באבע'ס פאנטאזיע פון דעם גאלדענעם ירושלים וואס זי זעט דורך טרערען־פארטונקעלטע ברילען ווען זי זיצט און שטארט איבער דער פאמיליען־ביבעל. ער וועט זי באגעגענען ביים טויער פון טויט מיט א װאונדערליכען שמייכעל פון ליבע. און אזוי ווי זי גייט איבער דעם הימלישען ירדן'ס גלאנציגע וואסערען, האנט אין האנט מיט אים אליין, וועט זי זען איר אמאליג איינגערינצעלט פנים אפגעשפיגעלט פונ'ם וואסער מיט דער שיינ־קייט פון א מלאך. א, אבער אריינצוקריגען א יאהאן וואלפגאנג געטע אדער א גאטהאלד אפרים לעסינג — דאס הייסט א נסיון פאר דעם הימלישען פראפעסאר פון אפאלאגעטיק אפשר דאס מיינט עס טאקע די ביבעל — בלויז ווען מיר ווערען קליינע קינדער קענען מיר אריינקומען אין קיניגרייך פון הימעל. איך האב נעכטען געזאגט מיין קליינער קוואטער־טאכטער, אז דער הימעל איז אזוי ריין און הערליך אז מען עסט דארט לעקעך א גאנצען טאג — עס איז בלויז דאס וואס דער פאסטאר זאגט איבערגעזעצט אויף קינדער־שפראך — און אז די קליינע מלאכימלאך, ווישען זיך אפ זייערע מיילער מיט זייערע ווייסע פליגעל. „דאס איז זייער שמו־

ציג", האָט דאָס קינד געזאָגט. „איך האָב מורא, אז סיידען איך ווער אליין א קינד, וועל איך האָבען שטרענגערע קריטיק אויסצוזעצען געגען די מלאָכים. אָ, גאָט", האָט ער פּלוצלינג אָפּגעהאַקט און געלאָזט פאַלען די בלעטער פונ'ם מאַנוסקריפּט און אויסגעשטרעקט זיינע הענט אין א תפילה, „מאַך מיך ווידער פאַר א קינד, כאָטש איידער איך שטאַרב. גיב מיר צוריק דעם איינפאַכען גלויבען, דאָס קלאָרע זען פון א קינד, וואָס האַלט דעם טאַטענ'ס האַנט. אָ, קליינע לוסי, טייל־מאָל כאַפּט עס מיך אָן אזוי און איך מוז וויינען נאָך רחמנות. נישט לאַנג צוריק ביינאַכט האָב איך גע'חלומ'ט, אז איך בין א קינד, און האָב ווידער געזען מיין טייערען פאָטער. ער האָט געהאַלטען אין אָנ־טאָן זיין פּאַרוק, און איך האָב אים געזען ווי דורך א וואָלקען פון א דינעם שטויב. איך בין מיט פרייד צוגעלאָפען אים ארונטערנעמען. נאָר ווי איך בין צוגעגאַנגען, האָט זיך יעדע זאַך אזוי ווי געביטען אין דעם נעפּעל. איך האָב געוואָלט קושען זיינע הענט, נאָר איך האָב מיך איינגעקאָרטשעט אין טויטליכער קעלט. די פינגער זיינען געווען פאַרוויאַנעטע צווייגען, מיין פאָטער אליין איז געווען א בוים אָן בלע־טער, וועלכען דער ווינטער האָט באַדעקט מיט ווייסען פראָסט. אָ, לוסי, לוסי, מיין מח איז פול מיט משוגעת און מיין האַרץ מיט טרויער. זינג מיר דאָס ליד פון דער דאַמע, וואָס האָט גענומען בלויז איין לעפעל גערשטענשליים, אזוי רייך מיט צוקער און געווירצען".

דערשטוינט פון זיין זכרון האָט זי איבערגעזונגען דאָס ליד פון לעדי אַלים און גאַילס קאַלינס, און דער דיכטער האָט אומעטיג געלאַכט ביז ביים סוף,

„דער פּאַסטאָר האָט שוין אויפגעלעקט די רעשט",

ווען ער האָט זיך אָנגעשטרענגט איבערצו'חזר'ן די שורה, וואָס האָט אים אזוי געפרייט, איז ער צוריקגעפאַלען אין א שרעקליכען ספּאַזם, וואָס האָט אים געריסען און געדרייט ביז זיין קינדישער קערפּער איז געלעגען איינגעדרייט ווי א בויגען. אירע טרערען זיינען געראָנען ווען זי האָט דאָס געזען.

„האָט נישט אויף מיר צופיל רחמנות", האָט ער געסאָפּעט און געפּראָוועט שמייכלען מיט די אויגען. „איך בויג מיך, אָבער איך ברעך מיך נישט איבער".

אָבער זי, א דערשראָקענע, האָט געקלונגען דאָס גלעקעל נאָך הילף.

אַ פרוי מיט אַ לוסטיג פּנים — הויך און מיט אַ פיינער פיגור — איז אַריינגעקומען און געהאַלטען אַ העמד וואָס זי האָט גענייט. אירע אויגען און האָר זיינען געווען שוואַרץ, און איר אָוואַל פּנים האָט גע־האַט די רויטע פאַרב פון געזונט. זי האָט אַריינגעבראַכט אין דעם טויטענצימער דעם פרישען ריח פון אָזאָן און עפּעס פון טראַגישער נישט פאַסיגקייט. מיט אַ ליבליכען פאַרנויג פאַר דעם גאַסט, איז זי שנעל צו צום בעט און האָט אַרויפגעלעגט איר האַנט אויף דעם שטערען, וואָס האָט געשוויצט מיט גסיסה.

„מאַטילד", האָט ער געזאָגט, ווען זיין ספּאַזם האָט זיך איינגע־שטילט, „דאָס איז די קליינע לוסי, פון וועלכער איך האָב דיר קיינ־מאָל נישט דערציילט, און וואָס איך האָב צו איר געשריבען אַ ליד וועגען אירע טונקעל־ברוינע אויגען, וואָס דו האָסט קיינמאָל נישט געלייענט".

„ניין, איך האָב עס קיינמאָל נישט געלייענט", האָט זי שפּאַסיג געזאָגט. „מען זאָגט מיר, אַז היינע איז זייער אַ קלוגער מענש און ער שרייבט זייער פיינע ביכער. אָבער איך ווייס גאָרנישט וועגען דעם, און איך מוז מיך באַנוגענען מיט געטרויען זייער וואָרט".

„איז זי נישט וואונדערליך?" האָט היינע אַ גליקליכער אויס־גערופען. „איך האָב בלויז צוויי טרייסטען וואָס זיצען ביי מיין בעט, מיין פראַנצויזיש ווייב און מיין דייטשע מוזע, און זיי רעדען נישט איינע מיט דער אַנדערער. אָבער דאָס האָט אויך זיינע מעלות, ווייל זי קען אויך נישט לעזען וואָס מיינע שונאים אין דייטשלאַנד זאָגען וועגען מיר, און אַזוי ליבט זי מיך כּסדר".

„ווי קען ער האָבען שונאים?" האָט מאַטילד געזאָגט, צוגלעטענ־דיג אירע האָר. „ער איז אַזוי גוט צו יעדען איינעם. ער האָט בלויז צוויי געדאַנקען — צו באַהאַלטען זיין קראַנקהייט פון זיין מוטער און צו פאַרדינען גענוג פאַר מיין צוקונפט. און ווי קען עס זיין, אַז ער זאָל האָבען שונאים אין דייטשלאַנד, ווען ער איז אַזוי גוט צו יעדען אָרעמען דייטש, וואָס פאָרט דורך פּאַריז?"

די צוהערערין איז גערירט געוואָרען ביז טרערען פון דער ווייב־ליכער געטריישאַפט. דער הייליגער וואָס איז געלעגען הינטער זיין מעפיסטאָפעליש פּנים האָט דאָך זיכער אויך געמוזט האָבען אַ ווירק־

ליבע עקזיסטענץ, אויב די פרוי, וועלכע האָט אים בלויז געקענט אַלס מאַן, נישט פאַרבלענדט פונ'ם גלאַנץ פון זיין רום, נישט פאַרמאַטערט פון זיין לאַנגער קראַנקהייט, האָט אים געהאַלטן פאַר אַזוי אַן אַ פלעק אָדער אַ פעלער.

„זים באַשעפעניש", האָט היינע ליבליך געזאָגט. „נישט נאָר האַלט זי מיך פאַר גוט, נאָר זי דענקט, אַז גוטסקייט היט אָפּ פון שונאים. וואָס פאַר אַ לעבענס־אומוויסענהייט זי פאַקט עס אַריין אין עטליכע ווערטער. וואָס אמבאַלאַנגט מיינע אָרעמע לאַנדסלייט, זיינען זיי גראָד די מענשען, וואָס טראָגען צוריק קיין דייטשלאַנד די אַלע שרעקליכע מעשות וועגען דעם וואָס איך טו דאָ. איר ווייסט, ס'איז געווען אַמאָל עפּעס אַן אָרעמער מוזיקער, וואָס האָט פאַרפאַסט מוזיק צו מיין „צוויי גרענאַדירען", און וואָס איך האָב אים געגעבן אַ סך הילף און עצות, ווען ער האָט געוואָלט מאַכען אַן אָפּערע פון דער לעגענדע פון דעם פליענדען האָלענדער, וואָס איך האָב באַהאַנ־דעלט אין איינעם פון מיינע ביכער. איצטער שעלט ער מיך מיט אַלע אידען צוזאַמען, און זיין נאָמען איז ריכאַרד וואַגנער".

מאַטילד האָט אומבאַשטימט געשמייכעלט. „דו וועסט עסען די קאָטלעטען", האָט זי מיט פאָרוואורף געזאָגט.

„אָ, איך בין שוין מיד געוואָרען פון דעם געהאַקטען גראָז וואָס די קעכין רופט שפּינאַט. איך וויל נישט האָבען קיין זיבען יאָר פון נבוכדנצרטום".

„די קעכין איז בייז ווען דו עסט נישט אירע זאַכען, טייערער. עס איז מיר שווער אָנצוגיין מיט איר צייט דו האָסט געלויבט איר פיינעם סטיל. מען קען נאָך מיינען, אַז זי איז די באַלעבאָסטע און איך די דינסט".

„אָ, נאָנאָט, דו פאַרשטייסט נישט דעם קינסטלערישען טעמפּע־ראַמענט". דאַן איז אַ צוק אַריבער זיין פּנים. „דו מוזט מיר געבען אַ טאָפּעלטע פּאָרציע מאָרפיום היינט ביינאַכט, טייערע".

„ניין, ניין, דער דאָקטאָר פאַרביט עס".

„מען קען נאָך מיינען, אַז איך בין אָנגעשטעלט ביי אים, נישט ער ביי מיר", האָט ער מיט אַ שמייכעל אונטערגעבורטשעט. „אָבער מסתמא איז ער גערעכט. איך גיב שוין אויס 500 פראַנק אַ יאָר

אויף מאָרפיום. איך מוז ווירקליך איינשפּאָרען. לויף זשע אוועק, טייערע, איך האָב דאָ אַ גוטען פריינט מיך צו דערהאַלטען".

זי האָט זיך איינגעבויגען און אים אַ קוש געטאָן.

„אָ, מאַדאַם", האָט זי געזאָגט, „עס איז זער גוט פון אייך צו קומען און אים דערהאַלטען. פאַר מיר איז עס אַזוי גוט ווי אַ נייע קלייד, צו זען אַ נייע פּנים אַריינקומען, ווייל די אַלטע הויבען אָן אָפּ־צופאַלען. נישט די קליידער, די פריינט", האָט זי לוסטיג צוגעגעבען און איז פאַרשוואונדען.

„איז זי נישט געטליך?" האָט היינע ענטוזיאַסטיש אויסגעשריען.

„עס פרייט מיך, וואָס איר ליבט זי", האָט זיין גאַסט געענטפערט איינפאַך.

„איר מיינט איר זענט ערשטוינט. ליבע? וואָס איז ליבע? איך האָב קיינמאָל נישט געליבט".

„איר!" און די אַלע מעשות וואָס זיינע לאַנדסלייט האָבען פאַרשפּרייט אין אויסלאַנד, אַלע זיינע אייגענע ליבעס־לידער זיינען געוועזען אין דעם אויסרוף.

„ניין, קיינמאָל נישט קיין שטערבליכע פרוי. בלויז סטאַטועןן און די שיינע טויטע טרוים־פרויען, וואָס זיינען פאַרשוואונדען מיט דעם פּאַראַיאָריגען שניי. וואָס האָט עס אויסגעמאַכט מיט וועמען איך האָב חתונה געהאַט? מעגליך, איר וואָלט מיך געוואָלט זען שטרעבען העכער ווי צו אַ קאָקאָט? צו אַ הענדלער'ס טאָכטער? אָדער אַ מאַדמואַזעל אין געזעלשאַפט? ,ערקלערען מיין לאַגע?' — די לאַגע פון אַן אָרעמען פּאַרטריבענעם — צו אַ בורזשואַזען פּאַפּאַ מיט אַ טאָפּעלטען גוידער, וועלכער קען בלויז זען, אַז מיינע ביכער זיינען ווערט פּונקט צוויי טויזענט מאַרק אין באַנק. יאָ, דאָס איז דאָס מער־סטע וואָס איך קען אַרויסקוועטשען פון די זשוליקעס אין דעם בייזען האַמבורג. און בלויז אַ טראַכט צו טאָן, אַז ווען איך וואָלט מיין שרייבעריי געטאָן אין קאָנטאָ־ביכער, וואָלט אפשר דאָס לעראינגעל מיליאָנער געוואָרען אַ מייסטער מיליאָנער, נישט פאַרביטערט דורך פעטערשע עצות און קנאַפּע טשעקס. אָ, טייערסטע לוסי, איר קענט קיינמאָל נישט פאַרשטיין וואָס מיר אַנדערע ליידען — איר, וואָס גע־בראָטענע פויגעלאַך פליען אייך גלייך אין מויל אַריין. האָב איך באַ־דאַרפט חתונה האָבען מיט הויכער געזעלשאַפט און דערשטיקט ווערען?

אדער מיט געלט, אז מען זאל אויף מיר רחמנות האבען? און פארלירען דאס זיסע פארגעניגען פון ארבעטען צו קויפען מיין ווייב נייע קליידער און שמאכטעס? נאך אלעם, מאטילד איז פונקט אזוי אינטעליגענט ווי יעדע אנדערע טאכטער חוה'ס, וואס איר ערשטער געדאנק ווי נאר זי איז געקומען צום באוואוסטזיין איז געוועזן א נייע קלייד. אלע גרויסע מענשען זענען אן א לעבענס־חבר, בלויז אין זייערע אייגענע ריפען פארליבען זיי זיך. א קולטורעלע פרוי וואלט מיך בלויז פרעטענציעזער מיספארשטאנען. מיינט נישט, אז איך האב נישט געפרואווט אין א שוואכערען מאמענט איר צוצוגעבען א ביסעל גלאנץ. איך האב זי געשיקט אין א פאנסיאן אריין, זי זאל זיך אויסלערנען לעזען און שרייבען. מיין נאטור־קינד צווישען די אלע שולמיידעלאך — הא! הא! הא! — און איך פלעג זי בלויז באזוכען זונטאגס, און זי האט געקענט געבען א רעכען אויס די עגיפטישע קעניגען בעסער פון מיר, און איינמאל האט זי מיר דערציילט מיט גרויס אויפרעגונג די געשיכטע פון לוקרעציא'ן, וועלכע זי האט געהאט געהערט צום ערשטען מאל. טייערע נאנאט! איר האט זי באדארפט זען טאנצען ביים באל פון דער שול, אזוי גראציעז און מיידליש ווי דאס קלענסטע פון זיי. וואס פאר א לוסטיג הארץ! וואס פאר א געמיטליכקייט! וואס פאר אן איינגעבוירענער שכל! און אזא געטרייער חבר! א, די פראנצויזישע פרויען זיינען וואונדערליך. מיר זיינען שוין פארהייראט פופצען יאר, און נאך אלץ, יעדעס מאל ווען איך הער איר געלעכטער קומען דורך יענער טיר, ווענדט זיך מיין נשמה אוועק פון די טויערען פון טויט און דערמאנט זיך אן דער זון. א, ווי איך האב ליב זי צו זען אוועקגיין יעדען אינדערפרי אין קירך אריין מיט איר טואלעט פיין אין ארדנונג און איר פיין געבעטבוך אין דער ניט באהענטשקעטער האנט, ווייל זי איז פרעכטיג רעליגיעז, מיין קליינע נאנאט. איר זעט אויס איבערראשט. איר האט אודאי געמיינט, אז רעליגיעזע מענשען רעגען מיך אויף!"

זי האט א שמייכעל געטאן. „אבער איר זי רעגט נישט אויף?"

„ווען מען גיט מיר די גאנצע וועלט וואלט איך נישט ארויסגערעדט קיין לעסטערונג, וואס זי וואלט געקענט פארשטיין. דענקט איר, אז שעקספיר האט זיך ערקלערט צו ען האטעאועי? אבער זי האט

אָן צווייפעל געדינט גוט געגוג אַלס קינסטלער׳ס מאָדעל. רויער מאַ־טעריאַל צום אויסאַרבעטען אימאַגענעס און ראַזאַלינדעס. וואונדער־ליכע באַשעפענישען! ווי אַזוי פון אייך נעפעלדיגע אינזעל־מענשען האָט עס געקענט געבוירען ווערען שעקספּיר! דאָס וואונדער פון וואונדער. און סטוירן! אָבער ניין, אַן אירלענדער ווי ׳סוויפט — לאָזט זיך ערקלערען. סטוירנ׳ען לעזט מען?

„ניין, ער איז בלויז אַ קלאַסיקער".

„באַרבאַרען! האָט איר געלייענט מיין בוך איבער שעקספּיר׳ס פּרויען? עס איז גוט, ניכט וואר?"

„אויסגעצייכענט".

„פאַרוואָס זשע זאָלט איר עס נישט איבערזעצען אין ענגליש?"

„עס איז אַ אידעע".

„עס איז אַן אינספּיראַציע. ניין, פאַרוואָס זאָלט איר נישט אי־בערזעצען אַלע מיינע ביכער? איר דאַרפט, איר מוזט. איר ווייסט ווי מיין פראַנצויזישע אויסגאַבע האָט געמאַכט אַ פורור. פראַנצויזיש, דאָס איז די אייראָפּעאישע גאָלד־פּראָבע, ווייל פּאַריז איז אַטען. אָבער ענגליש וועט מיינען באַרימטקייט אין דער ווייטסטער ווייט. די אינזלען פון ים, ווי די ביבעל זאָגט. עס איז נישט צוליב די גאָלד־שטיק, כאָטש גאָט ווייסט, אַז מאַטילד דאַרף מער פריינט, ווי מיר רופען זיי — אפשר דערפאַר ווייל זיי פאַרלאָזען אונז אַזוי גיך. איך האָב מורא, אַז זי באַהאַנדעלט זיי נישט מיט געגוג איינזען, דער לייכט־זיניגער קאָפּ. גאָט זאָל אייך אָפּהיטען פון דער איראָניע, אַז איר זאָלט דאַרפען פאַרדינען אייער ברויט אויפ׳ן טויטענבעט! אָ, מיין אַרויסגעבער קאַמפּע האָט זיך אויפגעבויט אַ נייע געביידע. וואָס פאַר אַ מאָנומענט פאַר מיר! פאַרוואָס זאָל מיר נישט עפּעס אַן ענגלישער פאַרלעגער אויפבויען אַ מאָנומענט אין לאָנדאָן? דעם איד׳ס ביכער, אַזוי ווי דער איד אַליין, דאַרפען פאַרשפּרייט ווערען איבער דער וועלט, אַזוי אַז אַלע פעלקער פון דער ערד זאָלען געבענשט ווערען מיט זיי, ווייל דער איד האַנדעלט נישט נאָר מיט אַלטע קליידער, נאָר אויך מיט נייע אידעען. איך האָב אָנגעהויבען מיין לעבען — דערציילט עס נישט אין גת — אַלס אַ קאָמיסיאָנס־אַגענט פאַר ענגלישע סחורות. און איך ענדיג אַלס פאַרמיטלער צווישען פראַנקרייך און דייטשלאַנד, פּראָבירענדיג צו מאַכען אַז צוויי גרויסע פעלקער זאָלען זיך פאַרשטיין

איינס דאָס אַנדערע. צו דעם נישט אומווירדיגען צוועק איז מיין גאַנצע אַרבעט לעצטענס געווידמעט".

„באַטראַכט איר אייך נאָך ווירקליך אַלץ פאַר אַ איד?"

„מיין גאָט! בין איך דען ווען עס איז געווען עפּעס אַנדערש ווי אַ שונא פון די פּלשתים?"

זי האָט געשמייכעלט. „יאָ, אָבער רעליגיעז?"

„רעליגיעז! וואָס איז געווען מיין גאַנצער קאַמף אויפצואוועקען האַדזשעך פון זיין טויזענטיעריגען שלאָף אין זיין לאָך? צו וואָס האָב איך רעדאַגירט אַ ציימונג, און זיך געפּלאָגט מיט אונזער צייט און אירע אינטערעסען? געטע האָט באַשאַפען וואונדערליכע גריכישע סטאַטועז, אָבער קיין סטאַטועז קענען נישט האָבען קיין קינדער. מיינע ווערטער דאַרפען געפינען יורשים אין טאַטען. רעכענט מיך בעסער צוזאַמען מיט דעם אָרעמען לעסינג. איך בין נישט קיין אמת'ער העלעניסט. קען זיין, איך האָב געכאַפּט פאַרגעניגען, אָבער זעלבסט־אָפּפערונג האָט אַלע מאָל גערופען צו מיין טיפסטער טיפעניש. אַזוי ווי מיין עלטערזיידע דוד המלך, בין איך נישט בלויז געווען אַ זינגער, איך האָב געשליידערט מיינע גלאַטע שטיינדלאַך צו גלית'עס שטערען".

„יאָ, אָבער זענט איר נישט געוואָרען קיין קאַטאָליק?"

„קאַטאָליק!" האָט ער אַ רעווע געטאָן ווי אַן אויפגעוועקטער לייב, „מען זאָגט דאָס שוין ווידער? איז שוין די לעגענדע וועגען שמד אויפ'ן טויטענבעט אַנטשטאַנען וועגען מיר? ווי די דומקעפּ גיבען זיך עס אַ כאַפּ אָן אָן דער אידעע, אַז אַ מענש קומט צו זייערע איבערצייגונגען ווען זיין מאַרך ווערט שוואַך!"

„ניין, נישט שמד אויפ'ן טויטענבעט. דאָס איז שוין אַ גאַנץ אַלטע געשיכטע. מען האָט מיר פאַרזיכערט, אַז איר האָט חתונה געהאַט אין אַ קאַטוילישער קירך".

„צופרידענצושטעלען מאַטילדען. אָן דעם וואָלט זיך דאָס אָרעמע שעפעלע נישט באַטראַכט פאַרהייראַט אויף אַן אופן וואָס זאָל גענוג צופרידענשטעלען גאָט. עס איז אמת, אַז מיר האָבען געלעבט צו־זאַמען אָן אַ שום בענטשעניש פון דער קירך, אָבער וואָס ווילט איר? פרויען זענען שוין אַזוי. ווען איך וואָלט נישט געמוזט גיין אויף אַ דועל, וואָלט איך געווען צופרידען אַנצוגיין ווייטער ווי מיר האָבען געלעבט. איך פאַרשטיי אַ ווייב אַלס עפּעס איידעלער ווי אַ פאַרהיי־

ראַטע פּרוי, וואָס איז צוגעשמידט צו מיר דורך געלט־מעקלערס און פּאַסטאָרס, און איך האָב געהאַלטען מיין פאַלשע הייראַט פאַר ווייט זיכערער ווי אַ סך „אמת'ע" הייראַטען. אָבער אַז איך האָב שוין באַדאַרפט חתונה האָבען, האָב איך שוין נישט געקאָנט איבער־לאָזען מיין געליבטע נאָנאָט אלס אַ צווייפעלהאַפטע אַלמנה. מיר האָבען אפילו פאַרבעטען עטליכע באַהעמישע פּאַרלאַך צו דער חתונה־מאָלצייט, און מיר האָבען זיי געבעטען נאָכטאָן אונזער ביישפּיל און וואַגען דעם סאַמע לעצטען שריט. האַ! האַ! איר פאַרשטייט, עס איז נישטאָ קיין זאַך ווי אַ משומד'ס פרומקייט. אָבער אַ משומד צו קאַטאָליציזם, דאָס איז שוין אַן אַנדערע פּאַר ארבעל. אויב דיין רעכט אויג זינדיגט, רייס עס אַרויס. אויב דיין רעכטע האַנט זינדיגט, שנייד זי אָפּ. און אויב דיין שכל זינדיגט, ווער אַ קאַטאָליק. ניין, ניין, לוסי, איך האָב אפשר געבעטען צו דער מאַדאָנע אין לידער, ווייל ווי קען אַ פּאָעט זיין אומפּילבאַר צו דער שיינקייט פון קאַטוילישען סימבאָל און ריטואַל? אָבער אַ איד בין איך אַלע מאָל געווען".

„כאָטש איר האָט אייך גע'שמד'ט?"

דער קראַנקער האָט אַ קרעכץ געטאָן, אָבער נישט פון פיזישען ווייטאָג.

„אָ, גרויזאַמע קליינע לוסי, דערמאָן מיך נישט מיין יוגענטליכע נאַרישקייט. דאַנק דיין גורל וואָס דו ביזט געבוירען געוואָרען אין ענגלענדערין. איך בין געבוירען געוואָרען אונטער דער שווידערליכער פאַראייניגונג פון קריסטליכער היפּאָקריטסטווע מיט אידישער, אין דער אידענגאַס. אין מיין וויגעל איז געלעגען מיין לעבענסוועג אָנ־געצייכענט פאַר מיר פון'ם אָנהויב ביז'ן סוף. מיין גאָט, וואָס פאַר אַ לעבען! איר ווייסט ווי דייטשלאַנד האָט באַהאַנדעלט אירע אידען— אזוי ווי אויסגעשטויסענע און ווילדע חיות. אין פראַנקפאָרט האָט יאָרהונדערטער דורכאַנאַנד דער בכבודי'גסטער רב געמוזט אראָפּנעמען זיין הוט אויב דאָס קלענסטע גאַסענאינגעל האָט אַ געשריי געטאָן: ‚איד, מאַך מאָרעס!' איך בין אַליין געווען פאַראַכט אין יענעם געטאָ. מער ווי איין מאָל האָב איך אַליין צוגעזען אַן אָנפאַל אויף אידען אין האַמבורג. אָ, אידישקייט איז נישט קיין גלויבען, נאָר אַן אומגליק. און נאָך געבוירען ווערען אַ איד און אַ גאָניע! וואָס פאַר אַ

טאפעלטע קללה! גלויב מיר, יאסי, א שמד־צעטעל איז געווען א נויטיגע איינטריטסקארט צו דער אייראפעאישער קולטור. נישט מיין מאמע און נישט מיין אנקעל געלטזאק האבען סימפאטיזירט מיט מיין ציטערדיגער צוריקגעהאלטענקייט דורכצוגיין דורך דעם הייליגען וואסער צו מיין דאקטאר־טיטל. און דאך, אזוי גיך ווי איך האב מיך נאר אונטערגעטונקען, איז מיך א שרעק באפאלען. א סך מאל האב איך מיך אויפגעכאפט ביינאכט און געקוקט אין שפיגעל אריין און זיך געשאלטען פארוואס עס פעלט מיר רוקענביין! ליידער! מיינע קללות זענען געווען מעכטיגער ווי יענע פון די רבנים געגען שפינאזא'ן, און אט די קראנקהייט איז מיר צוגעשיקט געווארען צו צושטערען דאס ביסעל רוקענביין וואס איך האב געהאט. קיין וואונדער נישט, וואס די דאקטוירים פארשטייען עס נישט. איך האב געלערענט אינ'ם געטא, אז אויב איך וועל נישט ארומוויקלען די תפילין ארום מיין האנט, וועט מען געפינען שלאנגען ארומגעדרייט ארום דער האנט פון מיין טויטען קערפער. ווי! שלאנגען האבען זיך אלע מאל געוויקעלט ארום מיינע זינד. די אינקוויזיציע וואלט מיך נישט געקענט מער פייניגען, ווען איך וואלט געווען א איד פון שפאניע. ווען איך וואלט געוואוסט ווי גרינגער עס איז אריבערצוטראגען מאראלישען ווייטאג איידער פיזישען, וואלט איך מיר איינגעשפארט מיינע קללות פאר מיינע שונאים, און וואלט שלום געמאכט מיט מיין פלאגענדיג געוויסען. א, אייער געטליכער שעקספיר האט געזאגט דעם אמת, אז דער קלוג־סטער פילאזאף איז נישט פארזיכערט געגען א צאנווייטאג. ווען איז א ספאזם פון פארגעניגען אזוי באשטענדיג ווי ווייטאג? פון מיינע אנאטאמיע־ביכער לערען איך, אז געוויסע ביינער אונזערע ווייזען בלויז ארוים זייער עקזיסטענץ ווען זיי ווערען פארוואונדעט. גליקליך זענען די ביינער וואס האבען נישט קיין געשיכטע. אוף! ווי מיינע קריכען דורך די הויט, ווי מיאוס'ער אמת דורך שיינעם ראמאנס. איך וועל מיך דארפען אנטשולדיגען פאר די ווערים דערפאר וואס איך גיב זיי גארנישט אויסער ביינער. ווײ, ווי מיאוס ביטער עס איז צו שטארבען. ווי זיס און ווארעם מיר קענען לעבען אין דעם אנגענעמען זיסען נעסט פון דער ערד. וואס פאר א פיינע ווערטער. איך מוז אנהויבען א ליד מיט זיי. יא, איידער שטארבען וואלט איך בעסער נאכאמאל איבערגעלעבט מיינע אומגליקליכע איבגעליארען אין מיין

פעטער סאָלאָמאָנ׳ס קאַנטאָר, צודרייענדיג די רעכענונגען אין זיינע ביכער ווי א טרינקטאַריער, אין דער צייט וואָס איך האָב געסקריבעלט לידער פאַר דעם „האמבורגער וועכטער". יאָ, איך וואָלט בעסער נאָכ־אמאָל געלערנט לאַטיין אין פראַנציסקאַנער קלויסטער און געזוברעט געזעץ אין געטינגען. ווייל נאָך אַלעם, וועל איך דאָך נישט דאַרפען ארבעטען זייער שווער. א שיין מיידעל גייט פאַרביי, און צום טייוועל מיט די געזעצביכער! אָ, יענע ווילדע טעג אין אוניווערזיטעט, ווען מיר פלעגען גיין עסען אין ,לאַנדוועהר׳, און די יונגע בליענדיגע קעל־נערין, וואָס האָט אונז געבראַכט אונזער קאַטשקע מיט עפּעלקאָמפּאָט, האָט מיך דעם איינציגען געקושט פון אַלע הערען שטודענטען, ווייל איך בין געווען א דיכטער און שוין אזוי באַרימט ווי די פּראָפעסאָרען. און דאַן, איידער איך וואָלט צוריק אַוועק אין דאָרף אריין פון געטינגען, וואָלט איך ווידער געהאַט בערלין, און די ליבע רחל לעווין מיט איר סאַלאָן, און די דינסטאָגס ביי עליזע פאָן האָהענהאַוזען (וואו איך וואָלט געלייענט מיין ליריש אינטערמעצאָ), און די ווילדע ליטעראַ־רישע נעכט מיט די פּאָעטען אין דער בערענשטראַס. און באַלען, טעאַטערס, אָפּערעס, מאַסקעראַדען — וועל איך ווען עס איז פאַר־געסען דעם באַל ווען סער וואַלטער סקאָט׳ס זון איז געקומען אַלס א שאָטלענדישער הויכלענדער, פונקט אין דער צייט ווען גאַנץ בערלין איז געווען משוגע פאַר די אועווערלי ראָמאַנען! איך וואָלט זיי אויך נאָך אמאָל איבערגעלייענט צום ערשטען מאָל, די וואונדערליכע ראָ־מאַנען. יאָ, און איך וואָלט ווידער געשריבען מיינע אייגענע ערשטע ביכער — אָ, די געטליכע פרייד פון יוגענטליכער שאַפונג! — און איך וואָלט ווידער מיט א קלאַפּענדיג הארץ אַוועק אויף מיין הארצ־רייזע. און די פּרעמיערע פון ,פּריישיץ׳ וואָלט ווידער געקומען, און איך וואָלט געפייפט די ,יונגפערן׳ און וואָלט געזופט פּונש אין דער קאַסינאָ, און לאָכען וואָלט מיר אָנגעגאָסען מיין גלאָז". פון זיינע אויגען זענען גערונען טרערען און פלוצלינג האָט ער אויסגעשטרעקט זיינע אָרעמס און אָנגעכאַפּט איר האַנט און זי ווילד געדריקט. זיין פּנים און קערפּער האָבען געציטערט, זיינע פּאַראַליזירטע אויגענ־דעקלאָך האָבען זיך פאַרמאַכט. „ניין, ניין", האָט ער זיך געבעטען מיט א הייזעריגער, הוילער שטים, ווען זי האָט זיך באַמיט די האַנט ארויסצוציען. „איך הער די טריט פונ׳ם טויט, איך מוז מיך האַלטען

ביים לעבען. איך מוז, איך מוז. אָ, די וואַרעמקייט און דער ריח פון דער האַנט!״

זי האָט אויפגעציטערט. אויף אַ מאָמענט האָט ער אויסגעזען ווי אַ וואַמפּיר מיט פאַרמאַכטע אויגען, וואָס האָט אויסגעזויגען איר לעבענסבלוט, כדי צו דערהאַלטען זיינס. און ווען די שרעקליכע פאַנ־טאַזיע איז פאַרביי, איז געבליבען די געוואַלטיגע טראַגעדיע פון אַ טויטען מענשען, וואָס האָט געלעכצט נאָך לעבען. נישט דער גייסט, וואָס איז, ווי בערליאָז האָט עס אויסגעדריקט, געשטאַנען ביים פענ־סטער פון זיין קבר, באַטראַכטענדיג מיט חוזק די וועלט, אין וועלכער ער האָט מער קיין טייל נישט געהאַט. אָבער זיין ווילדקייט איז פאַר־שוואונדען, ער איז צוריקגעפאַלען ווי אין אַ פאַרטעמפּטקייט און איז געלעגען שטיל, דאָס בלינדע פּנים האָט כסדר אויפגעצוקט.

זי האָט זיך איינגעבויגען איבער איהם, שרעקליך דערשלאָגען. זאָל זי אוועקגיין? זאָל זי ווידער אָנקלינגען? אָבער באַלד זיינען פון צייט צו צייט געקומען ווערטער פון זיינע ליפּען, אָפּגעהאַקט, אָן צו־זאַמענהאַנג, און באַלד אַ וויסט געלעכטער, און באַלד אַ זיפץ פון טרערען. און דערנאָך איז ער געוואָרען אַ סטודענט וואָס האָט זיך אונטערגעזונגען:

"Gaudeamus igitur, juvenes dum Sumus"

און זיין טויטענמאַסקע האָט אויפגעלויכטען מיט די ווילדע פריידען פון לעבען. און דאַן נאָך פריערע עראינערונגען — פון זיין קינדהייט אין דיסעלדאָרף — זיינען אַזוי ווי דורכגעפלאָסען זיין לעטאַרגישען מח. זיין מוטער און ברידער און שוועסטער. דער טאַנץ־לערער, וועלכען ער האָט אַרויסגעוואָרפען דורכ׳ן פענסטער. די באַפרייאונג פון די אידען דורך די פראַנצויזישע זיגער. דער פריילאַכער פויקער, וואָס האָט איהם געלערענט פראַנצויזיש. נאַפּאָלעאָן איז פאַרבייגע־ריטען אויף זיין ווייסען פערד. זיין אַטעאיסטישער שול־קאָלעגע, מיט וועלכען ער האָט שטודירט שפינאָזאַ׳ן באַהאַלטענערהייט. און די לאַנדיונגען, פון וועלכע ער האָט געקויפט פייגעל, בלויז זיי פריי־צולאָזען. און די בלוט־רויטע האָר פונ׳ם תליונ׳ס פלימעניצע, וועלכע האָט איהם געזונגען פאָלקס־לידער. און פּלוצלינג איז ער געקומען צו זיך, האָט מיט זיין פאָדער־פינגער געעפענט זיין ברעם און געקוקט אויף איר.

„קאטאליק!" האט ער בייז אויסגעשריען. „איך האב מיך קיינ־מאל נישט אומגעקערט צו אידישקייט, ווייל איך האב עס קיינמאל נישט פארלאזט. מיין שמד איז געווען בלויז א באנעצען זיך. איך האב קיינמאל נישט אויפגעשריבען היינריך — נאר בלויז ה — אויף מיינע ביכער, און איך האב קיינמאל נישט אויפגעהערט שרייבען ,העררי' צו מיין מוטער. כאטש די אידען האסען מיך מער פון די קריסטען, בין איך דאך אלע מאל געווען אויף דער זייט פון מיינע ברידער".

„איך וויס, איך וויים", האט זי טרייסטענדיג געזאגט. „עס טוט מיר לייד, וואס איך טו אייך וויי. איך געדענק גוט דעם זאץ וואו איר זאגט, אז אייער ווערען א קריסט איז געווען די שולד פון די זאקסען, וואס האבען פלוצלינג געביטען זייערע זייטען אין לייפציג, אדער פון נאפאלעאנען, וועלכער האט נישט באדארפט גיין קיין רוס־לאנד. אדער קען זיין פון זיין שול־לערער, וועלכער האט אים געלע־רענט געאגראפיע אין בריען און האט אים נישט געזאגט, אז אין מאסקווע איז זייער קאלט אין ווינטער".

„נו, גוט", האט ער געזאגט א בארואיגטער. „און זאלען זיי אויך נישט זאגען, אז איך בין געווארען א איד אויפ'ן טויטענבעט. האט מיין ערשט ליד נישט געשטאמט פון א ליד אין דער הגדה? איז מיין ערשטע טראגעדיע, ,אלמנזר', נישט געווען ווירקליך די טראַ־געדיע פון געראטענעם ישראל, די גרויסע ראסע, וואס האט געוואוסט פון די חורבות פון זיין צווייטען בית המקדש ארויסצוראטעווען, נישט דאס גאלד און די טייערע דימענטען, נאר זיין אמת'ן אוצר, די ביבעל — א מתנה צו דער וועלט, וואס וואלט געמאכט יעדען טוריסט אריבער־פארען ימ'ען זען א איד, ווען עס וואלט בלויז איינער געבליבען לעבען. דאס איינציגע פאלק, וואס האט אויפגעהאלטען די פרייהייט פון גע־דאנק אין מיטעלאלטער, דארפען זיי איצטער אויפהאלטען גאט געגען דעם פרייען געדאנק פון דער מאדערנער וועלט. מיר זענען די שוואַר־צערישע גווארדיע פון דעאיזם. גאט איז אלע מאל געווען דער אנהויב און דער סוף פון מיין געדאנק. ווען איך הער, אז מען צווייפעלט אין זיין עקזיסטענץ, פיל איך, ווי איך האב אמאל געפילט אין אייער בעד־לאם, ווען איך האב פארלוירען מיין פירער, א שוידערליכע פארלוירענ־קייט אין א משוגע'נער וועלט. איז נישט מיין בעסטע ארבעט, ,דער

דבי פון באכראך׳, געווידמעט אויסצודריקען ,דעם גרויסען אידישען טרויער׳, ווי בערנע רופט עס?״

„אבער איר האט עס דאך קיינמאל נישט געענדיגט?״

„איך בין געווען א נאר, וואס איך האב מיר געלאזט איינרעדען פון מאזער׳ן. צי איז עס געווען גאנז? א, איך האף, אז יעהאווא וועט עס מיר רעכענען פאר רעכטפארטיגקייט, יענע נייע־ירושלים ברוד־דערשאפט מיט זיי אין די צייטען ווען איך האב גע׳חלומ׳ט צו פאר־איינינען איד און גריך — די גוטסקייט פון שיינקייט מיט דער שיינ־קייט פון גוטסקייט! א, יענע טעג פון יוגענטליכע חלומות, וואס זייערע ווינטערס זיינען ווארימער ווי די זומערס פון די שפעטערע יארען. ווי זיי האבען געפרואווט אונז צו דערדריקען, די רבנים און דער שטאט צוזאמען! א, דער מוטיגער מאזער, מיט זיין הויכער נשמה און ריין הארץ, וועלכער איז איבערגעגאנגען פון קאנטאר אין דער לאבאראטאריע, און האט שטודירט סאנסקריט פאר א צייטפאר־טרייב, פון מיין טויטענבעט באגרים איך דיך. און דו אויך, מארקוס, מיט דיין קערפער פון א אינגעל, און דיין בליק פון אן אלטען מאן, און דיין ענציקלאפעדישער, אונארגאנישער מח. און דו, א, גאנז, מיט דיין צו־ארגאנישען העגעלישען האקום פאקום. יא, די רבנים זיינען געווען גערעכט, און דאס טויפוואסער האט אונז צום סוף גע־פאקט. אבער גאט רעכענט דאך זיכער דעם ווילען צו טאן און איז מער צופרידען מיט גרויסהארציגע חלומות, ווי מיט די טאטען פון די וויים־הארציגע בירגער פון טוגענד, וואס זייער גוטסקייט איז די עסענץ פון זשאנדארמעריע. און ווירקליך וואו — אויב נישט אין יודאאיזם, פארברייטערט דורך העלעניזם — קען מען געפינען די רעליגיע פון דער צוקונפט? יעדענפאלס, מעגט איר זיין זיכער, אז נאר א איד וועט זי געפינען. מיר האבען די מתנה פון רעליגיע, די חכמה פון די יארהונדערטער. איר אנדערע — יונגע ראסען פריש פון באפלעקען אייערע קערפערס מיט ווייד — זענט נאך קיינמאל נישט געקומען אפילו צו משה׳ן. משה — די ריזיגע געשטאלט — וואס מאכט דעם בארג סיני אויסזען קליינטשיק ווען ער שטייט אויף אים, דער גרויסער קינסטלער אין לעבען, וועלכער, ווי איך ווייז אן אין מיין ,ודוי׳ האט געבויט מענשליכע פיראמידען, וועלכער האט באשאפען ישראל׳ן, וועלכער האט גענומען אן ארעמע פאסטוך משפחה

און באַשאַפֿען אַ פֿאָלק פֿון איר — אַ גרויס, אייביג, הייליג פֿאָלק, אַ פֿאָלק פֿון גאָט, וועמען עס איז באַשערט איבערצולעבען די יאָרהונ־דערטען און דינען אלס אַ מוסטער פֿאַר אַלע אַנדערע פֿעלקער — אַ שטאַטסמאַן, נישט אַ טרוימער, וועלכער האָט נישט פֿאַרלייקענט די וועלט און דעם קערפּער, נאָר האָט זיי געהייליגט. גליק, איז דאָס דען נישט דאָס אייגענע ווי די קריסטליכע האָפֿענונג אויף גליק נאָך דער וועלט? און דאָך, דער מאַן משה איז געווען זייער מילד. דער אונ־טערטעניגסטער און ליבליכסטער מענש. ער איז אויך — כאָטש מען פֿאַרגעסט עס אַלע מאָל — געווען גרייט צו שטאַרבען פֿאַר די זינד פֿון אַנדערע, בעטענדיג, ווען זיין פֿאָלק האָט געזינדיגט, אַז ז י י ן נאָמען זאָל בעסער אויסגעמעקט ווערען אַנשטאָט זייערער. און כאָטש גאָט האָט געוואָלט מאַכען פֿון אים אַ גרויס פֿאָלק, האָט ער דאָך פֿאַר־געצויגען די גרויסקייט פֿון זיין פֿאָלק. ער האָט זיי געפֿירט קיין ארץ־ישראל, אבער זיין אייגענער פֿוס האָט קיינמאָל נישט אַנגערירט דאָס צוגעזאָגטע לאַנד. וואָס פֿאַר אַ הערליכע, געטליכע געשטאַלט, און דאָך אַזוי גענייגט צו צאָרן און טעות, אַזוי ליבליך מענשליך. ווי מאָדעלירט ער איז אָרום און אָרום, ווי אַ רעמבראַנדט — אין דער צייט וואָס אייערע אויסגעהונגערטע מאָנאַכען האָבען געמאַכט פֿון אייער קריסטוס בלויז אַ דעקאָראַטיווע פֿיגור מיט אַ גאָלדענעם שיין. אָ, משה רבנו, באמת אונזער רבי! ניין, קריסטוס איז נישט געווען דער ערשטער און נישט דער לעצטער פֿון אונזער פֿאָלק, וואָס האָט געטראָגען אַ קרוין פֿון דערנער. וואָס איז שפּינאָזאַ געווען ווען נישט קריסטוס אין׳ם שליסעל פֿון נאָכדענקליכקייט?"

„אומעטום וואו אַ גרויסע נשמה רעדט אָרויס אירע געדאַנקען, דאָרט איז גאָלגאָטאַ", האָט די צוהערערין ציטירט.

„אָ, איר ווייסט יעדעס וואָרט וואָס איך האָב געשריבען", האָט ער געזאָגט, קינדיש צופֿרידען. „אומבאַדינגט, איר מוזט מיך איבער־זעצען. איר דאַרפֿט זיין מיין אַפּאָסטאָל צום געצענדינער. איר זענט גוטע אַפּאָסטאָלען, איר ענגלענדער. איר זענט געוואָרען אידען אונ־טער קראָמוועל׳ן, און אייערע מיסיאָנערען פֿאַרפּלאַנצען איצט אונזער פּאַלעסטינער לערע אין די דרום־ים׳ען, אָדער צווישען די כינעזישע אָפּגעטער און פּאַגאָדאָס פֿונ׳ם מזרח, און אייערע יונגעלייט קאָלאָ־

גיזירען אומבאקאנטע קאָנטינענטען אויפ'ן גרונט פון משה'ס צען געבאָט. איר גרינדעט אַ וועלט־פאַרשפּרייטע פּאַלעסטינע. די תורה גייט אַרויס פון ציון, נאָר דורך ליווערפּול און סאוטהעמפּטאָן. קען זיין איר זענט ווירקליך די פאַרלוירענע צען שבטים."

„וואָלט איר מיך אויך געמאַכט פאַר אַ אידיש קינד", האָט זי געלאַכט.

„אידיש צי גריכיש, עס זענען בלויז דאָ צוויי רעליגיעזע מעגליכ־קייטען — אַפּגאָט־טענץ און דראָדלענדיגע דערווישען רעכענען זיך נישט — דער רענעסאַנס האָט געמיינט די אויפלעבונג פון אָט די צוויי איינפלוסען, און פון זעכצענטען יאָרהונדערט אָן האַלטען זיי זיך ביידע אין איין פאַרגרעסערען. לוטער איז געווען אַ קינד פון אַלטען טעסטאַמענט. פון דער צייט פון גלות אָן האָט די פרייהייט אַלע מאָל גערעדט מיט אַ אידישען אַקצענט. קריסטענטום איז אידענטום, וואָס איז געטליך משוגע געוואָרען, אַ רעליגיע אָן אַן אויסטרוקונגס סיסטעם, אַ שיינער חלום אַפּגעשניטען פון לעבען, אַ נשמה אָפּגעשניטען פונ'ם קערפּער, וואָס שוועבט אַרום אין הימעל צווישען די מתים, ווען ער קען אין בעסטען פאַל בלויז זיין אַ געפאַנגענער באַלאָן. אין דער זעלבער צייט נעמט נישט אייער באַגריף וועגען אידענטום פון די אידען. בלויז אַן אַפּאָסטאָלישע פּאָלגערשאַפט פון גרויסע נשמות פאַרשטייט עפּעס אין דער וועלט. די אידישע מיסיע וועט קיינמאָל נישט זיין פאַרביי ביז די קריסטען וועלען נישט באַקערט ווערען צו קריסטוס'עס רעליגיע. לאַסאַל איז אַ בעסערער תלמיד פון קריסטוס'ן ווי די גלחים וואָס פאַרדאַמען סאָציאַליזם. איר האָט זיך באַקענט מיט לאַסאַל'ן! ניין? איר מוזט זיך מיט אים דאָ אַמאָל באַקענען. אַ וואונדער. איך פּלוס ווילען. ער ווייסט יעדע זאַך, פילט יעדע זאַך און דאָך איז ער אַ שמידהאַמער צו טאָן זאַכען. ער קען נאָך זיין דער משיח פון ניינצענטען יאָרהונדערט. אָ, ווען יעדער מענש וואָלט גע־ווען אַ שפּינאָזאַ און וואָלט געטאָן גוטס אויס ליבע צו גוטס, ווען די וועלט זאָל געפירט ווערען דורך גערעכטיגקייט און ברודערשאַפט, שכל און הומאָר, דאַמאָלסט מעגען די אידען פאַרמאַכען זייער קראָם, וויי? עס וועט זיין שבת. האָט איר באַמערקט, לוסי, וואָס איך האָב געזאָגט, שכל און הומאָר? קיין זאַך וועט אין פאַרלויף פון צייט נישט איבערלעבען, חוץ דאָס וואָס באַפרידיגט דעם זין פון לאָגיק און דעם

חוש פאר הומאָר. לאָגיק און געלעכטער — די צוויי טרומפּייטערס פון שיקזאל! פארלאָזט אייך נישט אויף פּרינצען — די אמת גרויסע מענשען פון דער ערד זיינען אַלע מאָל איינפאַך. פּאָמפּ און צערע־מאָניאַל, פּויפּסטען און קעניגען, זיינען שפּילעכלאך פאר קינדער. קריסטוס האָט געריטען אויף אן אייזעל, איצט רייט דאס אייזעל אויף קריסטוס'ן".

„און ווי לאַנג וועלען אייערע טרומפּייטערס טרומפּייטערען איי־דער די גליקליכע צייט וועט אויפגיין?" האָט די „קליינע לוסי" גע־זאָגט, זיך פילענדיג מאָדנע אַלט און ציניש נעבען דעם אומפארבע־סערליכען אידעאַליסט.

„ווער ווייסט, אפשר בין איך בלויז נאָך אַ טרוימער פונ'ם געטאָ, אפשר האָב איך געקעמפּט אומזיסט. אַ אידישע פרוי איז אַמאָל געקומען וויינענדיג צו איר רבי'ן מיט איר זון, און האָט זיך באַ־קלאָגט, אז דאָס אינגעל, אָנשטאָט צו גיין אנשטענדיג אין אַ געשעפט אריין ווי זיינע זיידעס, האָט ער זיך אריינגעלאָזט אין תורה, און וויל נאָר ווערען אַ רבי. צי וויל אים נישט דער רבי אויסרעדען? 'אָבער', האָט זיך דער רבי פארדראָסיג אָנגערופען, ,פארוואָס זאָרגט איר זיך אזוי וועגען דעם? בין איך נישט אַ רבי?' ,יאָ', האָט די פרוי געענטפערט, ,אָבער מיין קליינער שוטה נעמט עס ערנסט'. אָ, פון צייט צו צייט שטייט אויף אַ טרוימער, וואָס נעמט די וועלט'ס פּרעפּעל־גלויבען ערנסט, און די וועלט טרעט אויף נאָך אַ נאַר. אפשר איז נישטאָ קיין תחית המתים פאַר דער מענשהייט. אויב אזוי, אויב עס קומט נישט קיין וועלט'ס דערלייזער מיט דער באַן, לאָמיר האַלטען די געשטאַלט פון דעם געטליכען טרוימער וואָס זיין בלוט איז באַל־זאם פאר די אָרעמע און די ליידענדיגע".

פארוואונדערט איבער זיין געדאנקליכער קלאָרקייט, איבער דער גייסטיגער הויכקייט פון זיין געביטענער שטימונג, האָט זיין גאַסט געוואָלט אוועקגיין פון אים מיט זיין בילד אין איר זכרון. נאָר פּונקט דאמאָלסט איז אַ האַלב פּאַראַליזירט אידעל מיט אַ גראָער באָרד אריינ־געקומען, און ווייל היינע האָט אים גלייך אוועקגעשיקט איר צוליב, איז איר שווער געווען נישט צו פארבלייבען אַ ביסעל לענגער.

„מיין פּאָליציי־שעף", האָט ער שמייכלענדיג געזאָגט. „ער לעבט פון מיר און איך לעב פון זיינע רעפּאָרטען פון דער גרויסער וועלט.

ער דערציילט מיר וואָס מיינע שונאים גייען טאָן. אָבער איך האָב זיי דאָרט", און ער האָט אָנגעוויזן אויף אַן עבאָן שאַכטעל אויף אַ קאָמאָדע, און האָט זי געבעטען זי זאָל עס אים דערלאַנגען.

„אנטשולדיגט מיר איידער איך פארגעס", האָט ער געזאָגט. און כאַפּענדיג אַ בליישטיפט ווי אַ שטילעט האָט ער אָנגעשריבען אַ צו־שפּרייטע נאָטיץ און גיפטיג געלאַכט. „דאָ האָב איך זיי", האָט ער איבערגע'חזר'ט. „זיי ווילען פּרוּאוּוען אָפּצושטעלען די דערשיינונג פון מיינע „מעמואַרען", אָבער איך וועל זיי נאָך אָפּטאָן. איך האַלט זיי! טויט אָדער לעבעדיג, זיי ווילען פון מיר נישט אַנטרינען. ווי צו דעם, וואָס וועט לייענען די שורות, אויב ער האָט זיך דערוועגט מיך צו אַטאַקירען. היינע שטאַרבט נישט ווי דער ערשטער בעסטער. דעם טיגער'ס קלויען ווילען איבערלעבען דעם טיגער. ווען איך וועל שטאַרבען, וועט עס פאַר זיי זיין דער יום הדין".

דאָס איז געווען אַ דערמאָנונג אַן דעם לאַנגען קאַמפּס־לעבען פון דעם פּריילאַנץ, און די אַלע געשיכטעס וואָס זי האָט געהערט וועגען זיינע געמיינע קריגערייען, וועגען זיין אַרויספּרעסען געלט פון זיינע קרובים, און אַרויסקריגען אַלץ פון זיין אָנקעל. זי האָט זיך אַליין גע־פרעגט זיין אייגענע פראַגע: „איז געניאַליטעט ווי די פּערל אינ'ם אויסטער, בלויז אַ הערליכע קראַנקהייט?"

הויך האָט זי געזאָגט: „איך האָף, אַז איר זענט פאַרטיג מיט בערנע'ן!"

„בערנע?", האָט ער געזאָגט ווייכער. „אָ, וואָס האָב איך געגען בערנע'ן? צוויי גע'שמד'טע דייטשע אידען פאַרטריבענע אין פּאַריז דאַרפען זיך מוחל זיין ביים טויט. מיין בוך איז נישט פאַרשטאַנען געוואָרען. הלואי וואָלט איך עס נישט געשריבען. איך האָב אַלע מאָל פאַרערט בערנע'ן, אפילו ווען איך האָב נישט געקענט אָנהאַלטען די אייפערינגקייט פון מיינע סענטסימאָנישע ציַיטען, ווען מיין גייס־טיגע געהיים־סעקרעטערין איז געווען רחל פאַן וואַרנהאַגען. איך האָב פאַרבראַכט דריי שיינע טעג מיט אים אין פראַנקפורט, ווען ער איז געווען פול מיט אידישען וויץ, און איז נאָך נישט איינגעשרומפּען געוואָרען אויף בלויז אַ פּאָליטיקער. ער איז געווען אַ מוטיגער זעל־נער פאַר דער מענשהייט, אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין זין פאַר קונסט, און איך האָב נישט געקענט פאַרטראָגען די שמוציגע מאַסע

אַרום אים מיט איר אַטמאָספערע פון שמוציגען דייטשען טאַבאַק און וואולגאַרע לאַנגע רייד געגען טיראַנען. דאָס לעצטע מאָל וואָס איך האָב אים געזען איז ער געווען כמעט טויב, און אויסגעצערט ווי אַ סקעלעט פון שווינדזוכט. ער איז אַרומגעגאַנגען אין אַ ריזיגען העלען זיידענעם שלאָפראָק און האָט געזאָגט, אַז ווען אַ קייסער וואָלט אים געדריקט זיין האַנט, וואָלט ער זי אָפּגעשניטען. איך האָב געזאָגט, אַז ווען אַן אַרבעטער וואָלט געדריקט מיינע, וואָלט איך זי אָפּגעוואַשען. און אַזוי זיינען מיר זיך צוגאַנגען. און ער האָט מיך אָנגעהויבען צו פאַרדאַמען אַלס אַ פאַררעטער און אַ חוזק־מאַכער, וועלכער וואָלט געפּרעדיגט מאָנאַרכיע אָדער רעפּובליק, לויט דעם וואָס עס וועט בעסער קלינגען אינ'ם זאַץ. אָרעמער לייב ברוך! קען זיין, ער איז געווען קליגער פון מיר אין זיין געדאַנק, אַז זיינע ברידער אידען זאָלען זיך פאַרזינקען אין די פעלקער. יאָ, ער איז דאָך געבוירען געוואָרען אין דעם אייגענעם יאָר, ווען דער אַלטער מענדעלסאָן איז געשטאָרבען. וואָס פאַר אַן איראָניע! אָבער עס פאַרדריסט מיך פאַר די אינסי־נואַציעס געגען מאַדאַם שטראַוס. איך האָב זיי אַרויסגענומען פון דער גייער אויסגאַבע, כאָטש ווי איר ווייסט אפשר, איך האָב שוין באַ־פרידיגט איר מאַנ'ס זין פאַר גערעכטיגקייט ווען איך האָב אים ער־לויבט צו שיסען אויף מיר, אין דער צייט וואָס איך האָב אויסגעשאָסען אין דער לופט. וואָס נאָך קען איך טאָן?"

„עס פרייט מיך. וואָס איר האָט זיי אַרויסגענומען", האָט זי גע־זאָגט גערירט.

„יאָ, איר פאַרשטייט, איך האָב נישט נאַפּאָלעאָנ'ס שטאַרקע האַנט. אַ שטיקעל קאָנוועציאָנעל געוויסען ליגט נאָך אין מיר."

„דערפאַר האָב איך קיינמאָל נישט געקענט פאַרשטיין אייער פאַרערונג פאַר נאַפּאָלעאָנ'ען".

„דאָס רעדט די ענגלענדערין. איר, פאַריזער — פאַרגיט מיר — פאַרשטייט נישט קיין גרויסע מענשען. איר מיט אייער וועלינגטאָן! נאַפּאָלעאָן איז נישט געמאַכט געוואָרען פון דעם האָליז, פון וועלכען קעניגען ווערען געמאַכט, נאָר פון דעם מאַרמאָר פון געטער. לאָזט מיר אייך זאָגען, דער נאַפּאָלעאָנישער קאָדעקס האָט געטראָגען ליכט נישט נאָר אין די געטאָס אַריין, נאָר אין אַ סך עקעלהאַפטע שפּין־קלומפּערס פון פעאָדאַליזם. די וועלט וויל ערדציטערנישען און דונערשטורעמס,

אז נישט ווערט זי קארופט און איינגעשטאנען. דאס פאריז דארף א שטראף פון גאט, און דעם מאמענט וואס פראנקרייך וועט געבען דייטשלאנד אן אויסרייד, וועלען זיין זעק מיט אש, אדער נבואה איז אפגעשטארבען אין ישראל".

„ווער עס וועט לעבען, וועט זען", האט זיך ביי איר ארויסגע־כאפט. דאן האט זי מיט א פיינליכער רויטקייט געזאגט: „אבער ווי פארגעטערט איר נאפאלעאנ'ען און משה'ן אין איין אטעם?"

„א, מיין טייערע לוסי, ווען אייער נשמה וואלט געוועזן ווי אן אלאדינ'ס פאלאץ, מיט טויזענט פענסטער וואס גייען ארויס אויפ'ן מענשליכען ספעקטאקעל! זעלבסט־ווידערשפרעכונג רופען עס די נאראנים, אויב איר ווילט נישט פארמאכען די אויגען אויף א האלבען ספעקטאקעל. איך האב ליב דאס פאלק, נאר איך האס זייער דומהייט און מיסטרוי זייערע פירער. איך האס די אריסטאקראטען, דאך האב איך ליב די ליליעס וואס ארבעטען נישט, און שפינען נישט, און טייל־מאל ברענגען זיי זייער ריח און זייערע ווייסע קליידער אין א קראנקען מענש'ס צימער אריין. ווער וויל עס פארהארטעווען מיט ארבעט קאריסאנדע'ס ווייסע פינגער, אדער אפפערען איין שורשע פון לא־לאזש'ס זיידענע קליידער? זאלען די ארעמע פארהונגערען. איך וויל נישט קיין קארטאפעל אויפ'ן פארנאס. מיין סאציאליזם איז נישט באריקאדען און שווארץ ברויט, נאר פורפורנע קליידער, מוזיק און קאמעדיעס.

„יא, איך בין געבוירען געווארען פאר א פאראדאקס. א דייטשער פאריזער, א אידישער דייטש, א געהאסטער פאליטישער פארשיקטער וואס בענקט נאך דעם ליבען היימישען אלטען דייטשלאנד, א סקעפ־טישער ליידענדער מיט א קריסטליכער געדולד, א ראמאנטישער דיכ־טער וואס דריקט אוים אין קלאסישער פארם דעם מאדערנעם גייסט, א איד און ארעם — דענקט איר נישט, אז איך זע זיך אזוי קלאר ווי איך זע די וועלט? ,מיין געדאנק איז פאר מיר א קעניגרייך', האט אייער אלטער דיכטער געזונגען. מיינער איז א רעפובליק און אלע שטימונגען זיינען פריי, גלייך און ברידערליך, ווי עס פאסט פאר א קינד פון ליכט. אדער אויב עס איז פאראן א דעספאט, איז עס דעם קעניג'ס ליץ, וועלכער לאכט פון די קעניגען און פון אלע זייערע אונ־טערטאנען. אבער בין איך נישט נענטער צום אמת דערפאר וואס

איך בין נישט פארשפארט אין א גלויבען אָדער א קלאַן? ווער וואגט עס צו גלויבען, אז אמת איז פארפרוירען — אויף דעם פאַנטאַסמאַגאָרישען פּלאַנעט, וואָס ווירבעלט פון אָנפאַנגלאָזע צייטען דורך ענדלאָזען רוים! לאָמיר גלויבען, פאר דעם כבוד פון גאָט, אז די ווידערשפּרעכליכע גלויבענס פאר וועלכע מענשען זיינען געשטאָרבען, זיינען אַלע אמת. קען זיין אז הומאָר — אייער ריכטיגער העגעלישער פּראָבירשטיין, אויף וועלכען יעדע זאַך גיט אויף איר פארבאָרגענע פאַרנייגונג, איבערגייענדיג צו איר אייגענעם ווידערשפּרוך, גיט אמת׳ערע ליכטער און שאָטענס, ווי אייער פּעדאַנטישער פּיליסטיניזם. איז דער אמת ווירקליך אין דעם קאַלטען ווייסען ליכט, אָדער אין דעם שימערירענדיגען דורכאנאנדערשפּיל פון די רעגענבויגען־פארבען, וואָס מיניען אין אים? וויים איך! אייער פּיליסטערישער קריטיקער וועט מיך אָפּשעצען נאָך מיין טויט מיט א פראַזע. אָדער ער וועט צונעמען מיין כאראקטער אויף שטיקלאַך און וועט באווייזען ווי זיי ווידערשפּרעכען זיך איינס דאָס אנדערע, און וועט מיך אָפּ׳פּסק׳נען, ווי א שול־לערער, אזוי פיל גוטע באצייכנונגען פאר דער מעשה, און אזוי פיל שלעכטע באצייכנונגען פאר יענער. ביאָגראַפען וועלען מיך קרעמעריש אָפּוועגען, אזוי ווי קאַנט האָט געוואויגען די גאָטהייט. פו! איר קענט נאָר גע׳פּסקנ׳ט ווערען דורך די וואָס זיינען גלייך מיט אייך אָדער דורך די וואָס זיינען העכער פון אייך, דורך די גייסטער וואָס שרענקען איין אייערען, נישט דורך יענע וואָס זיינען קלענער פון אייער גייסט. איך זאָג אייך, אז ווען זיי וועלען האָבען געשריבען דריי טאָנען וועגען מיר, וועלען זיי מיך פונקט אזוי ווייניג פארשטיין ווי דעם קאָסמאָס, וועלכען איך שפּיגעל אָפּ. ווידערשפּרעכט די סאָסנע די רויז אָדער דאָס לאָטוסלאַנד דעם אייזבערג? איך בין שפּאַניע, איך בין פּערזיע, איך בין די נאָרדזע, איך בין די שיינע געטער פון דעם אַלטען גריכענלאַנד, איך בין בראַמא וואָס זיצט איבער די זוניגע לענדער, איך בין עגיפּטען, איך בין די ספינקס. אָבער, אָ, טייערע לוסי, די טראַגעדיע פון דער מאָדערנער אַלץ־אָפּשפּיגלענדיגער באוואוסטזיניגקייט וואָס דערוועגט זיך צו קוקען אויף גאָט פּנים אל פּנים, נישט צופרידען, אזוי ווי משה, צו זען די הינטערטיילען. און אויך נישט אזוי ווי די אידען, צו קוקען אויף משה׳ן. אָ, פארוואָס בין איך נישט געמאַכט געוואָרען פּירעקעבדיג אזוי ווי משה מענדעלסאָן, אָדער

געטליך איינזייטיג ווי סאַוואָנאַראָלאַ. איך וואָלט אויך געקענט שטאַרבען אויסצולייזען די מענשהייט, ווען איך וואָלט אין דער אייגענער צייט נישט פאַרדעכטיגט, אַז די מענשהייט איז נישט ווערט אַז מען זאָל זי אויסלייזען. צו זיין דאָן קיכאָט און סאַנטשאָ פאַנזאַ אינאיינעם, וואָס פאַר אַ טראַגעדיע! ניין, אייערע באַגרענעצטע אינטעלעקטען זיינען גליקליכער. יענע וואָס זעען דאָס לעבען אין אַ וואָסער איין הויכען וועג, און אין איינינקייט געפינען קראַפט. אודאי וואָלט איך געוואָלט זיין אַ מילטאָן — ווי איינער פון אייערע ענגלישע קאַטעדראַלען, שטרענג, אָטעמענדיג הייליגע עראינערונגען, אָפּקלינגענדיג מיט דעם קלאַנג פון אַ גרויסען אָרגאַן, מיט געמאָלענע פענסטער, אויף וועלכע די שאָטענס פון די גרינע צווייגען אינדרויסען פאַליען זיך און פלאַטערען, און דערמאָנען בלויז די נאַטור. אָדער איינער פון אייערע אַריסטאָקראַטען מיט אַ שטאַטליכער היים אויפ'ן לאַנד, און הינט און פערד, און אַ שיין ווייב. קורץ, איך וואָלט געוואָלט זיין אייער מאַן. און ווען נישט דאָס, האָב איך מיין אייגען ווייב, אַן איינפאַך, ליבליך באַשעפעניש, וואָס איר באַגריף פון קולטור איז קרויט. אָ, פאַרוואָס איז מיין נשמה געווען ברייטער ווי דאָס געטאָ, אין וועלכען איך בין געבוירען געוואָרען? פאַרוואָס האָב איך מיך נישט געפּאָרט מיט מיין אייגענעם מין?" ער איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ הוסט, און די „קליינע לוסי" האָט זיך פּלוצלינג דערמאָנט אָן דער מעשה, אַז זיין גאַנצער לעבענס־טרויער און לידער־טרויער איז געקומען פון דעם, וואָס עפּעס אַ אידיש מיידעל פון זיין אייגענער משפּחה האָט זיך אים אָפּגעזאָגט.

„איך מאַטער אייך אויס", האָט זי געזאָגט. „רעדט נישט צו מיר. איך וועל נאָך דאָ זיצען אַביסעל".

„ניין, איך האָב א י י ך אויסגעמאַטערט. אָבער איך האָב אייך געמוזט דערציילען מיינע געדאַנקען. ווייל איר זענט אין דער אייגענער צייט אַ קינד וואָס ליבט און אַ פרוי וואָס פאַרשטייט מיך. און פאַרשטאַנען צו ווערען איז זעלטענער ווי געליבט צו ווערען. אפילו מיינע עלטערען האָבען מיך קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען. ניין, זענען זיי געווען מיינע עלטערען — דער מילדער געשעפטס־מענש, די קלוגע האָלענדער פרוי, געבענשט זאָל זי זיין, מיט איר קלאָרען קאָפּ און

פאראכטונג צו ראמאנטישקייט ? ניין, מיין פאטער איז געווען דייטש־לאנד, מיין מוטער איז געווען דאס געטא. דער חלום׳דיגסטער גייסט פון ישראל אטעמט דורך מיר, וועלכער האט דערצויגען דעם צארטען הומאר פון אירע חכמים, די הימלישע פאנטאזיעס פון אירע צדיקים. אפשר וואלט איך געווען גליקליכער ווען איך וואלט חתונה געהאט מיט דער ערשטער שווארצאויגיגער אידישער טאכטער, וואס איר פאטער וואלט צוגעשטימט צו א פאעט אן א גראשען. איך וואלט מסתמא געהאלטען א קיך מיט צווייערליי כלים און וואלט געקייט מצות אום פסח. יעדען פרייטאג צו נאכטס וואלט איך אהיים גע־קומען פון דער ארבעט פון דער גאנצער וואך און וואלט געפונען דאס טישטוך שיינענדיג ווי מיין ווייב׳ס פנים, און די שבת׳דיגע ליכט וואלטען געברענט, און די מלאכי השלום וואלטען געזעסען באהאלטען אונטער זייערע גרויסע אומגעזעענע פליגעל, און מיין ווייב, מיט א פרום באוואוסטזיין וואס זי האט א שטיק פונ׳ם חלה־טייג געווארפען אין פייער, וואלט מיר צערטליך א קוש געטאן, און איך וואלט מיט אן אוראלטען ניגון אויסגעזונגען : ,אשת חיל מי ימצא ורחוק מפנינים מכרה׳. עס וואלטען געווען קינדערלאך מיט גרויסע אויפריכטיגע אויגען, וואס איך וואלט אויף זייערע אומשולדיגע קעפלאך ארויפגע־לעגט מיינע הענט זיי צו בענטשען, און געבעטען גאט זיי צו מאכען ווי אפרים און מנשה, רחל און לאה — מענשען פון צווייפעלהאפטער ביישפילהאפטיגקייט — און שבת וואלטען מיר זיך אוועקגעזעצט עסען טשאלענט, וואס איז דער געטליכסטער מאכל אין דער וועלט, חוץ דער לויתן, וואס ווארט אויף די געבענטשטע ביי משיח׳ס טיש. און אנ־שטאט צו זינגען פון קאקאטען און נימפען, וואלט איך געזונגען, ווי יהודה הלוי, פון דער מרת לבי, ירושלים. אפשר — ווער ווייסט ? — וואלטען מיינע העברעאישע שירים אריינגענומען געווארען אין די יום־טוב׳דיגע תפילות, און פרומע אלטע לייט וואלטען זיי אויף גיך אויסגעפאנפעט דורך די נעזער. די אותיות פון מיין נאמען וואלטען געלאפען אין אקראסטיך אראפ די שורות, און די לעצטע שורה וואלט באגייסטערט דעם חזן זיך התלהבות׳דיג צו גארגלען אדער טרעמאלירען ווייי־געשרייען אין דער צייט וואס דער כאר מאכט ,פאם׳. און א סך אידישע באנקירען, וואס מיינע איצטיגע לידער אפעלירען צו זיי אזוי ווייניג, וואלטען נאך אפשר געוויינט און זיך געקלאפט אין הארצען

און געשמעקט טאַבאַק פון די ווערטער. און איך וואָלט בכבוד באַ־גראָבען געוואָרען אויפ׳ן ,בית חיים׳ און מיין זון וואָלט געזאָגט קדיש. ווי איז מיר, עס איז דאָך נאָך אַלעם אַזויפיל בעסער צו זיין דום און גיין אין די אַלטע אויסגעלעגטע, גוט־געהאַלטענע וועגען, איידער נאָכצוּוואַנדערען נאָך די באַגערען פון דיין אייגען הארץ און דיינע אייגענע אויגען אין די בלויע בערג. אמת, עס זענען דאָ וואונדער־ליכע אויסזיכטען אויסצופאָרשען, און שטראָמען פון לעבעדיגען זילבער זיך צו באָדען אין זיי, און ווילדע פערד אָנצוכאַפּען ביי דער גריווע, אָבער דו ביזט דאָך אין אַ נישט אויסגעפאָרשט לאַנד אָן שטערען און אָן אַ קאָמפּאַס. איין פאַלשער שריט און דו ביזט אין אַפּגרונט אָדער ביז׳ן האַלז אין אַ זומפּ. אָ, עס איז געפערליך אַוועקצוּוואַרפען די אַלטע פעלדמעסטערס. איך זע משה בן עמרם, מיט זיין מעסט־קייט און זיינע גראָב־כלים, אָנצייכענענדיג אויף זיינע שטיינערנע לוחות די טיפסטע אַפּגרונטען און די בלאָטיגסטע זומפּען. ווען איך האָב געהאַלטען חזירים מיט די הענגלער, פלעג איך זאָגען, אָדער בעסער, איך זאָג נאָך איצט, ווייל איך קען לײדער נישט אונטערדריקען וואָס איך האָב שוין געלאָזט אָפּדרוקען: ,לערענט דעם מענטשען, אז ע ר איז געטליך. דאָס באַוואוסטזיין פון זיין געטליכקייט וועט אים באַ־גייסטערען זי אַרויסצוּווייזען׳. לײדער זע איך איצט, אז אונזער געטליכקייט איז ווי דעם אַלטען יופּיטער׳ס, וועלכער האָט געמאַכט אַ חיה פון זיך אַזוי גיך ווי ער האָט דערזען די שיינע עראָפּע. איך בעט גאָט, הלואי וואָלט איך געקענט אָפּמעקען מיין גאַנץ בוך איבער דייר־טשער פילאָזאָפיע! ניין, ניין, די מענטשהייט איז צו שוואַך און צו אומגליקליך. מיר מוזען האָבען גלויבען, מיר קענען נישט לעבען אָן גלויבען אין די אַלטע איינפאַכע זאַכען, דעם פערזענליכען גאָט, די ליבע אַלטע ביבעל, אַ לעבען אויף יענער זייט קבר״.

פאַר׳כשופ׳ט פון זיינע רייד, וועלכע האָבען אַזוי ווי געשפּילט ווי בליצען אַרום אַ פעלז אין מיטען נאַכט, אַנטפּלעקענדיג נישט נאָר הויכען אָן אַ מאָס און טיפען אָן אַ גרונט, נאָר די פאַרפּעצטע פּאַק־פּאַפּירען און לײדיגע פלעשלאַך פון אַ פּיקניק, האָט די צוהערערין געהאַט דאָס געפיל, אז היינע׳ס פאַרשטאַנד האָט ווירקליך, ווי ער האָט באַהויפּט, אָפּגעשפּיגעלט, אָדער בעסער, אָפּגעשטראַלט דאָס אַל. אָבער נישט הערליך פאַרשוואומען ווי אין שפּינאָזאַ׳ן, נאָר ספּעציפיש, גע־

פאַרבט און אומענדליך דורכאַנאַנדער פאַרוואַנדט, אַזוי אַז ער קען איבערגיין פון׳ם געטליכען צום לעבערליכען מיט אַ גלייכען זין פון דעם ווערט דערפון אין דער קאָסמישער סכעמע. דאָס איז געווען דעם אידישען קינסטלער׳ס פּראָקלאַמאַציע פון דער איינקייט, דעם הומאָ־ריסט׳ס „שמע ישראל״.

„וועט ער זיך קיינמאָל נישט ענדיגען, אָט דער קאַמף פון איד און גריך?״ האָט ער געזאָגט, האַלב צו זיך, אַזוי אַז זי האָט נישט געוואוסט, צי ער האָט עס געמיינט פּערזענליך, צי אין אַלגעמיין. דאַן, ווי זי האָט זיך אוועקגעריסען, האָט ער צערטליך אַ זאָג געטאָן: „איך האָב מורא, איך האָב אייך צורודערט. אָבער איין זאַך האָב איך קיינמאָל נישט געלעסטערט — דאָס לעבען. איז נישט פרייד אַ שטילע תפילה, אַ פאַרבאָרגענע ברכה? נאָך אַלעם איז דאָך גאָט אונזער פאָטער, נישט אונזער דרילמייסטער. ער איז נישט אַזוי טעמפּ און פייערליך ווי די גלחים טייטשען אים אויס. ער האָט גע־מאַכט דאָס קעצעל זאָל זיך יאָגען נאָכ׳ן אייגענעם עקעל און מיין נאָנאָט צו לאַכען און טאַנצען. קומט ווידער, טייער קינד, ווייל מיינע פריינט זענען שוין צוגעוואוינט געוואָרען צו מיין שטאַרבען, און זיי דערוואַרטען אַז איך זאָל אייביג שטאַרבען — אַ פּאַרקערטע אומ־שטערבליכקייט. אָבער אין איין שיינעם טאָג וועלען זיי געפינען דאָס מאַריאָנעטענשפּיל פאַרמאַכט און דער קלאָון איינגעפּאַקט אין זיין קעסטעל. אַדיע, גאָט זאָל אייך בענטשען, קליינע לוסי, גאָט זאָל אייך בענטשען״.

דאָס מאַריאָנעטענשפּיל האָט זיך פאַרמאַכט גיכער ווי ער האָט דערוואַרט. נאָר דער קלאָון האָט געהאַלטען דאָס וואונדערליכסטע ווערטעל זיינס אויפ׳ן סוף.

„גאָט וועט מיר מוחל זיין״, האָט ער געזאָגט. „דאָס איז זיין פאַך״.

# דער פאָלקס־דערלייזער

.1

„מיר גייען אויף דעם דרייסטען וועג,
וואו ס'האָט געפירט לאַסאַל".

דאָס איז די מאַרסעליעזע, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטען פון דייטשלאַנד זינגען, אַרויסמאַרשירענדיג ווען די פּאָליציי צוטרייבט זייערע פאַרזאַמלונגען.

אָט דער לאַסאַל, אויף וועמען זיי באַהויפּטען, אַז זיי פאָלגען נאָך זיין דרייסטע פירערשאַפט, ליגט איין רו אויפ'ן אידישען בית־עולם פון זיין היימשטאָט ברעסלוי, אונטער דער איינפאַכער מצבה־אויפשריפט „דענקער און קעמפּפער", און ביי זיין טויט האָבען די אויסערגעוויינליכע מאַניפעסטאַציעס פונ'ם פאָלק אַזוי ווי אָנגעהויבען דעם קולט פון אַ מאָדערנעם משיח — דעם פאָלקס־דערלייזער.

.2

אָבער קיין מענש איז נישט קיין העלד ביי זיין דינער אָדער זיינע קרובים, און אין דעם פרילינג אין דער פרי ווען לאַסאַל איז געשטאַנען ביים שיידוועג — וואו דעם דענקער'ס וועג האָט אַרויסגעפירט אויפ'ן קעמפּפער'ס — האָט זיין שוואָגער פון פּראָג, זייענדיג אין בערלין צוליב געשעפט, אויסגענוצט די געלעגענהייט אים אויסצו'מוסר'ן.

„איך קען נישט פאַרשטיין וואָס דו מיינסט מיט אַזעלכע שריפטען", האָט ער אויסגעשריען און אַן אויפגערעגטער געפאָכעט מיט עטליכע פּאַמפלעטען.

„דאָס איז נישט מיין שולד, מיין ליבער פרידלאַנד", האָט לאַסאַל מילד געזאָגט. מען דאַרף אַ ב י ס ע ל מאַרך כאָטש צו פאַרשטיין וואָס איך האָב אַזוי קלאָר אויסגעדריקט. וואָס האָסטו דאַרט?"

„די לעקציעס צו די האנטווערקער, פאר וועלכע דו דארפסט גיין אין טורמע אריין אויף פיר חדשים", האט זיך אנגערופען די באליי־דיגטע צירונג פון דער פראגער געזעלשאפט, וועלכע ער האט באַ־לויכטען און באצירט, ווייל ער האט פאקטיש געהאט דעם גאז־קאנ־טראקט פון שטאט.

„נישט אזוי שנעל. איך האב נאך אפעלירט צום קאמערגעריכט. און גיב אכטונג, אז דו זאלסט נישט פריער זיין אין טורמע. דער פאמפלעט איז ענטוועדער פון די אונטערדריקטע אויסגאבען, אדער ער איז אריינגעשמוגעלט געווארען פון ציריך, וואס דאס אליין איז א באווייז פון יענעם נעגאטיווען באגריף פונ'ם שטאט, וועלכען דער פאמפלעט צילט צו צושטערען. דיין שטאט איז בלויז א נאכטוועכ־טער — ער באשיצט דעם בירגער, אבער ער טוט גארנישט אים צו באשאפען. ער ווארפט אפ אידעען, אבער ער האט נישט קיין שום אייגענע. אבער דער שטאט, ווי פריינט בעק דערקלערט עס, דארף זיין די אינסטיטוציע, אין וועלכער די גאנצע טוגענד פון דער מענטשהייט פארווירקליכט זיך. ער דארף זיין דער סך־הכל פון מענטשליכער ער־פארונג און חכמה, און דארף פארמירען זיינע מיטגלידער אין איינ־קלאנג מיט דעם וואס איז געשיכטע, אויב נישט בלויז די געשיכטע פון דעם מענטשענ'ס קאמף מיט דער נאטור? און וואס איז א שטאט אויב נישט בלויז די פארגעזעלשאפטליכונג פון אט דעם קאמף, אז די שטארקערע זאלען העלפען די שוואכערע?"

„אומזין! פארוואס זאלען מיר העלפען די נידעריגערע קלאסען?"

„אנטשולדיג מיר", האט לאסאל געזאגט, „זיי זיינען דאס די וואס העלפען אונז. מיר זענען די שוואכערע, זיי זענען די שטארקערע. דאס איז דער פונקט פונ'ם צווייטען פאמפלעט וואס דו האסט דארט, ער מאכט קלאר וואס עס איז א קאנסטיטוציע".

„דו פרואוו נישט אויס דיינע לעגאלע דריידלאך אויף מיר".

„לעגאלע דריידלאך! ווען דער סאמע צוועק פון מיין פאמפלעט איז צו איגנארירען מינדליכע אויסטייטשונגען. א קאנסטיטוציע איז דאס פון וואס זי באשטייט, און ווייל דער ארבעטער־קלאס איז ניין־צענטעל פון דער באפעלקערונג מוז ער זיין ניין־צענטעל פון דער דייטשער קאנסטיטוציע".

„איז עס אלזא אמת וואס מען זאגט, אז דו ווילסט פירען א רע־

וואָלוציע!" האָט פרידלאַנד אויסגערופען, אויפהויבענדיג זיינע רויע פינקלענדיגע הענט אין שרעק.

„נאָכפאָלגען א רעוואָלוציע, מיינסטו", האָט לאַסאַל געזאָגט. „דאָ ווארף איך ווידער אוועק פּוסטע רייד. אמת'ע רעוואָלוציעס מאַכען זיך אליין, און מיר קריגען בלויז דאָס באַוואוסטזיין, אַז זיי זענען דאָ. דאָס איינפירען מאַשינעריע איז געווען אַ גרעסערע רעוואָלוציע ווי די פראַנצויזישע, וואָס דערפאַר ווייל זי האָט נישט אויסגעדריקט קיין אידעאַלען, וועלכע זענען ווירקליך געווען ביי דער מאַסע, האָט געמוזט נאָך איר ווידעראַמאָל קומען דאָס אַלטע. און טיילמאָל, ווי איך האָב באַוויזען אין „פראַנץ פאָן סיקינגען" (מיין דראַמע פונ'ם פּויערן־קריג פון זעכצענטען יאָרהונדערט) קען אפילו אַ רעוואָלוציע זיין רעאַקציאָנער, אַ פּרואוו איינצושטעלען אַן אָרדנונג פון זאַכען, וועלכע איז האָפנונגסלאָז פאַרביי. דערפאַר זיינען גאָר ד י י נ ע געפילען רעוואָלוציאָנער".

פרידלאַנד'ס פּנים האָט געהאַט די בייזע הילפלאָזיגקייט פון אַן עדות אין די הענט פון אַ קלוגען אַדוואָקאַט. „אַ שיינער סאָציאַליסט ביזט ד ו!" האָט ער אויסגעשריען מיט אַן אויקציאָנער'ס האַנט־באַוועגונג איבער דער לוקסוסדיגער ווילאַ אין דער בעלוויושטראַס. „פאַרוואָס רופסטו נישט אריין דעם ערשטען קערער פון דער גאַס און גיסט אים אָן דיין שאַמפּאַניער?"

„מיין ליבער פרידלאַנד! מיט פאַרגעניגען. נעם גיס דיר אָן", האָט לאַסאַל געענטפערט אומגעשטערט.

דער פראַגער איידעלמאַן איז רויט געוואָרען.

„דו רופסט דיין שוועסטער'ס מאַן אַ קערער?"

„אנטשולדיג מיר. איך האָב באַדאַרפט זאָגען אַ גאַז מעכאַניק".

„און ווער ביזטו?" האָט פרידלאַנד אַ געשריי געטאָן. „דו טורמע־פויגעל!"

„די ערע פון גיין אין טורמע אריין פאַר אמת און גערכטיגקייט וועסטו קיינמאָל נישט האָבען, מיין ליבער שוואָגער".

כאָטש ער איז געווען קוים העכער פון דעם בויכיגען פאַרוועניו, וועלכער האָט חתונה געהאַט מיט זיין איינציגער שוועסטער, האָט זיין דאַרע געשטאַלט אַזוי ווי געטורעמט איבער אים אין לייכטער עלעגאַנץ. אַן אַריסטאָקראַטישע נאָבלעסיגקייט און אינטעליגענץ האָט

אַרויסגעשטראַלט פון דעם שיינעם פּנים, פאַר וועלכען אַזויפיל פרויען האָבען נישט געקענט ביישטיין; ווייל עס האָט פאַראייניגט אין זיך דריי אַלוועלטליכע טיפּען פון שיינקייט — דעם אידישען, דעם אַלט־גריכישען, און דעם גערמאַנישען. דער אָריענט האָט געגעבען הויט און פייער, די נאָז איז געווען גריכיש, די פאָרם פונ׳ם קאָפּ נישט אומ־ענלאַך צו געטע׳ס. דער גייסט פונ׳ם קערפּער, וועלכער ווייסט נישט פון קיין שרעק, האָט אַרויסגעלויכטען פון זיינע טרויעריגע בלויע אויגען. דאָס צימער אַליין — לאַסאַל׳ס קאַבינעט — האָט מיט זיין איינ־פאַכען לוקסוס אַזוי ווי פאַרשאַרפט דעם אונטערשיד צווישען די צוויי מענער און דעם פאַרוועניו׳ס חוזק. דאָס איז נישט געווען קיין גרויס צימער, מיט אַ גרויסען אַרבעטס־טיש דיק באַלעגט מיט פּאַפּירען, און אַ באַקוועמער שרייב־שטול, וואָס אויף איר אָנלען האָט לאַסאַל׳ס ווייסע נערוועזע האַנט זאָרגלאָז גערוט. די ווענט זיינען געווען אַ מאַסע פון ביכער־שענק, וואָס האָבען געפינקעלט מיט קאַלבס־לעדער און מאַראָקאָ, און אָנגעשטאָפּט מיט דער ליטעראַטור פון אַ סך צייטען און ראַסען. קאָסטבאַרע פאָליאַנטען האָבען באַוויזען, אַז ער איז אַ בוך־ליבהאָבער, אוראַלטע פּאַפּירוסען — אַז ער איז אַן אַנטיקוואַר. עס איז געווען די ביבליאָטעק פון איינעם וואָס האָט געזוכט די ענציקלאָפּעדישע קול־טור פון דייטשלאַנד פון יענער צייט. דער איינציגער לייכטערער שטריך אין דעם צימער איז געווען אַ קליינער פּאָרטרעט פון אַ יונגער פרוי פון זעלטענער שיינקייט און איידעלקייט. אָבער אָט דער ניכ־טערער קאַבינעט איז אַריינגעגאַנגען אין אַ טערקיש צימער — אַ דיוואַן באַדעקט מיט רייכע אָריענטאַלישע זיידענס, אינטאַרסיע־צאַצקעס, בענקלאַך, פיינע טישלאַך, אַלע באַלאָדען מיט קאָסטבאַרע נאַרגילעס, ציבוקעס, און אָפּיום־ליולקעס מיט ריזיגע בורשטינענע שפּיצלאַך, דאַמאַסקישע שטילעטען, קאַבלעס, און אַנדערע קוריאָזען, וואָס ער האָט צוריק געבראַכט מיט זיך פון אָריענט — און הינטער דעם צימער האָט מען געקענט כאַפּען אַ בליק אויף אַ קליינעם ווינטער־גאָרטען פול מיט שיינע פלאַנצען.

„אמת און גערעכטיגקייט!“ האָט פרידלאַנד בייז איבערגע׳חזר׳ט.

„אומזין! אַ משוגע׳נער פאַרלאַנג אַז מען זאָל רעדען וועגען דיר. דאָס איז דער אמת. און וואָס אַמבאַלאַנגט גערעכטיגקייט — נו, דאָס האָט מען דיר געגעבען“.

„פרייסישע גערעכטיגקייט!" לאסאַל'ס חאַנט האָט זיך דראַ־מאַטיש אויפגעהויבען צום הימעל. זיין שטערען איז פאַרפינסטערט געוואָרען און זיין שטים האָט געציטערט מיט דער וויברירונג פונ'ם גרויסען אָראַטאָר אָדער גרויסען שוישפילער. „ווען איך טראַכט וועגען אָט דעם טעגליכען געזעצליכען מאָרד פון צען לאַנגע יאָרען וואָס איך בין דורכגעגאַנגען, פיל איך ווי כוואַליעס בלוט ציטערען מיר פאַר מיינע אויגען, און עס זעט מיר אויס ווי אַ ים פון בלוט וואָלט מיך געשטיקט. שקלאַפען אויפ'ן ים ווייזען זיך מיר אויס ווי זער בכבוד'ע מענשען אין פאַרגלייך מיט אונזערע ריכטער. וואָס אמבאַלאַנגט אונ־זער אַזויגערופענע ליבעראַלע פרעסע, איז זי אַ הור וואָס גייט אַרום מאַסקירט אַלס די געטין פון פרייהייט".

„און אַלס וואָס גייסטו אַרום מאַסקירט?" האָט פרידלאַנד גע־ענטפערט. „ווען דו וואָלסט עס ווירקליך געמיינט ערנסט, וואָלסטו דיך געטיילט מיט אַלע דיינע פיינע זאַכען מיט שמוציגע אַרבעטער, און וואָלסט געוואָרען איינער פון זיי, אַנשטאָט צו גיין צו זייערע פאַר־זאַמלונגען אין לאַקירטע שיך".

„ניין, מיין ליבער, אָט טאַקע צו באַווייזען דעם שמוציגען אַרבע־טער, וואָס עס פעלט אים, קום איך עס צו אים אין מיינע לאַקירטע שיך. אונטערטעניגקייט, צופרידענקייט, מעג זיין אַ קריסטליכע טוגענט, אָבער אין עקאָנאָמיע איז עס אַ טויטליכע זינד. וואָס איז דאָס גרעסטע אומגליק פאַר אַ פאָלק? נישט צו האָבען קיין באַדערפנישען, אַרומצוקריכען פויל אין דער זון. אָבער צו האָבען די גרעסטע צאָל באַדערפנישען און זיי ערליך צופרידענשטעלען, איז די טוגענט פון היינט, פון דער צייט פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע. איך בין אַלע מאָל געווען זאַרגפעלטיג מיט מיינע קליידער, ווייל עס איז אונזער פליכט צו געבען פאַרגעניגען צו אַנדערע מענשען. ווען איך זאָל גיין צו מיינע אַרבעטער אין אַ שמוציג העמד, וואָלטען זיי די ערשטע געזאָגט אויף מיר, אַז איך פאַראַכט זיי. און וועגען ווערען אַן אַרבעטער, געפעלט מיר צו זיין אַן אַרבעטער אין יענעם קרייז אין וועלכען איך דענק איך קען טאָן אַממייסטען גוט, און איך האַלט מיין איינקונפט אַז איך זאָל דאָס קענען טאָן. וויינינגסטענס האָב איך עס ערליך פאַרדינט".

„ערליך פארדינט!" האט פרידלאנד מיט חוזק א לאך געטאן. „דאס איז דאס ערשטע מאל וואס איך האב עס געהערט אזוי באַ־שרייבען". און ער האט מיט א וואונק א קוק געטאן אויף דעם שיינעם פארטרעט.

איך ווייס גאנץ גוט, אז דו האסט נישט די פריווילעגיע צו קענען רעדען מיט מיינע פריינט", האט לאסאל געענטפערט, פארלירענדיג צום ערשטען מאל זיין רואיגקייט. „איך ווייס, אז איך ווער אויסגע־האלטען פון מיין מעטרעס די גרעפין האטצפעלד. אז אלע לאנגע יארען, אלע בעסטע יארען פון מיין לעבען, האב איך ריטערליך געאפפערט צו פארטיידיגען אן אונטערדריקטע גרעפין אומזיסט און עס איז אומ־ווירדיג פאר מיר אנצונעמען א קליינעם פראצענט פון די ריזיגע גיטער וואס איך האב פאר איר צוריקגעוואונען פון איר ברוטאלען מאן! מיין איינפאכע באלוינונג אלס אדוואקאט וואלט דאך באטראפען צוויי מאל אזויפיל. אבער ווייס איך! צו וואס רעד איך מיט דיר?" ער האט אנגעהויבען אומצוגיין איבער'ן צימער. „דער פאקט וואס איך האב אזא פרעכטיגע היים צו פארבייטען אויף א טורמע, דארף זיין גראד דאס וואס דארף דיך מאכען גלויבען אין מיין אויפריכטיג־קייט. ניין, מיין רעספעקטירטער שוואגער" — און ער האט פלוצלינג געמאכט א טעאטראלישע באוועגונג, און זיין שטים האט אנגעהויבען ברומען — „פארשטיי, אז איך וועל ווייטער פירען מיין לעבענס־מיסיע אזוי ווי איך האב מיר אויסדערוויילט, און איך וועל קיינמאל, קיינמאל נישט טראגען דאס אייזעל צופרידענצושטעלען יעדען נאר". זיין שטים איז אראפגעפאלען. „דו קענסט די פאבעל".

„דיין מיסיע! דער פראקוראר איז גערעכט געווען, ווען ער האט געזאגט, אז דו האסט עס געטאן אויפצורודערען דעם נישט־באזיצענ־דיגען קלאס געגען דעם באזיצענדיגען קלאס".

„גערעכט. איך לעב בלויז צו באווייזען דעם ארבעטסמענטש, אז ער ווערט עקספלואטירט פון קאפיטאליסטען ווי דו".

„און צו רואינירען דיין אייגענע שוועסטער!"

„הא! הא! האסטו מורא, אז עס וועט זיך מיר איינגעבען. גוט!" זיינע בלויע אויגען האבען אויפגעפלאמט. ער איז שטיל געשטאנען, א פארקערפערונג פון זיגרייכען ווילען.

„עס וועט זיך דיר בלויז איינגעבען צו פאַרשענדען דיין פאַמיליע", האָט פרידלאַנד מיט פאַרדרוס אַ זאָג געטאָן.

זיין שוואָגער האָט אויסגעשאָסען אין אַ האָמערישען געלעכטער. „האַ, האַ!" האָט ער געשריען. „איצט זע איך. האָסט מורא, אַז איך וועל קומען קיין פּראַג, אַז איך וועל דיך באַזוכען און אויסשרייען צו דיין עלעגאַנטען קרייז: ,איך, פערדינאַנד לאַסאַל, דער פאַר-דאַרבליכער דעמאַגאָג פון אַלע אייערע זשורנאַלען, רעגירונגס און פּראָגרעסיווע אַלצאיינס, דער גנב פונ'ם צירונגסקעסטעל-פאַל, דער איד-פאַררעטער, דער טורמע-פויגעל, איך בין דער שוואָגער פון אייער פרידלאַנד!' ביזטו אַלזאָ געקומען צולויפען קיין בערלין איבערצו-רייסען מיט מיר. האָ, האָ, האָ!"

פרידלאַנד האָט אים געגעבען אַ פינסטערען בליק און איז אַרויס גיך פונ'ם צימער. לאַסאַל האָט ווייטער געלאַכט, און ווי נישט באַ-מערקט, אַז ער איז אַרויס. זיין מח איז געווען פאַרנומען מיט דער קאָמישער סצענע, וואָס ווייל ער האָט זי דערמאָנט, איז זיין שונא אנטלאָפען. אויף זיין איבערפאָר פון בערלין קיין פּראַג, ווען ער האָט באַקומען דעם גאַז-קאָנטראַקט, האָט פרידלאַנד, דורך צושפּילען ברייט זיין גאַסטפריינטליכקייט און דורך פאַרזיכטיג באַהאַלטען זיין אידישע אָפּשטאַמונג, זיך אריינגעדרייט צווישען וויכטיגע פאַמיליעס, און ענדליך אויך אריין אין די העכערע רעגירונגס-קרייזען. איינמאָל אין אַן אָווענט איידער ער האָט געגעבען אַ דינער פאַר דעם אדעל אין פּראַג, איז לאַסאַל'ס אַלטער פאָטער צופעליג אָנגעקומען מיט אַ וויזיט צו זיין טאָכטער און איידעם. יעדער פון זיי האָט אים באַזונדער גע-בעטען אויף גיך נישט צו לאָזען פאַלען, אַז זיי זענען אידען. דעם אַלטען האָט דאָס אויפגערעגט, נאָר ער האָט נישט געענטפערט. ווען אַלע געסט זענען שוין געווען באַזעצט, איז דער אַלטער לאַסאַל אויפ-געשטאַנען צו רעדען, און ווען עס איז שטיל געוואָרען, האָט ער געפרעגט צי זיי ווייסען, אַז זיי זיצען ביי אַ אידען'ס טיש. „איך האַלט עס פאַר מיין פליכט צו לאָזען אייך וויסען", האָט ער געזאָגט, „אַז איך בין אַ איד, אַז מיין טאָכטער איז אַ אידיש קינד, און מיין איידעם אַ איד. איך וועל נישט קויפען מיט אָפּנאַרעריי דעם כבוד צו עסען מיט אייך ביים טיש". די גוט-דערצויגענע געסט האָבען הויך באַ-

גריסט דעם אַלטען, נאָך דער אײדעם איז געװען טויט בלײך פון צו־טומעלטקײט, און האָט אים קײנמאָל נישט פאַרגעבען.

3

אָבער לאַסאַל'ס געלעכטער האָט גיך אויפגעהערט. אַן אַנדער עראײנערונג האָט אים אַ שטאָך געטאָן צום שװײגען. דער אַלטער איז געװען טויט — דער שײנער, לוסטיגער אַלטער. זײנע בלויע אויגען װעלען קײנמאָל מער נישט קוקען מיט שטאָלצער צערטליכקײט אויף זײן טײער אומגעװײנליך פײאיג אײנגעל. נאָך מיט עטליכע חדשים צוריק האָט ער אויסגעזען װי דאָס סאַמע בילד פון געזונטער עלטער. װי צערטליך ער האָט געװאַכט איבער זײן צובראָכען אַלט װײב נעבאָך, זי אונטערגעהאַלטען בײם גײן, פאַר איר געשניטען די שפּײז בײם עסען און אָנגעפילט אירע אויגען מיט דעם ליכט פון ליבשאַפט, נישט קוקענדיג אויף איר װײטאָג און שװאַכקײט. און איצט האָט נעבאָך אָט דאָס טויבע אײנגשרומפּענע מאַמעלע געמוזט זיך אומװאַקלען אַלײן. „פאָטער, װאָס האָסטו הײנט צו טאָן?" האָט ער זיך דערמאַנט װי ער האָט אים אַמאָל געפרעגט. „בלויז דיך ליב צו האָבען, מײן קינד", האָט דער אַלטער מיט פרײד געענטפערט, אַרויפלעגענדיג זײן האַנט אויפ'ן זון'ס אַקסעל.

יאָ, ער האָט אים באמת ליב געהאַט. װאָס פאַר אַ לאַנגע געדולד פון זײן קינדהײט אָן, געדולד מיט דעם פאַר'עקשנ'טען העזה'דיגען אײנגעל, װעלכער איז געװען אַ געזעץ פאַר זיך אַלײן אפילו מיט זײן פעלשען די עלטערנ'ס אונטערשריפטען צו זײנע שול־צעטעלאַך, און מיט זײן פּלאַנעװען זעלבסטמאָרד, נאָכדעם װי זײן פאָטער האָט אים געשלאָגען פאַר פאַדערען עלעגאַנטע קלײדער. געדולד מיט דעם טעמ־פעראַמענטפולען װאולקאַנישען יונגענמאַן, װאָס פאַר זײן גרױסער נשמה האָט אַ סינאָד פון פאַרװאָרפענדיגע פּראָפעסאָרען אויסגעװיזען װי אומרײנע קראָען און ראָבען װאָס פּיקען אַ געפאַלענעם אָדלער, װעלכער האָט בלויז באַדאַרפט אויפהויבען זײנע ציטערדיגע פליגעל צו פליען צו דער זון. געדולד מיט זײן אָפּזאָגען זיך אָנצוהויבען אַ קאָמערציעלע קאַריערע, און װײטער פירען דאָס ערפאָלגרײכע זײד־געשעפט. געדולד אפילו מיט זײן אָפּזאָגען זיך צו שטודירען יורי

און מעדיצין. „אָבער וואָס דען ווילסטו שטודירען, מיין זון ? ביי זעכצען מוז מען זיך באַשליסען און אויסקלויבען".

„די גרעסטע שטודיע אין דער וועלט, דאָס וואָס איז צונויפגעבונדען מיט די הייליגסטע אינטערעסען פון דער מענשהייט — געשיכטע".

„אָבער פון וואָס וועסטו לעבען ? דו ביזט דאָך אַ איד און קענסט נישט באַקומען קיין שטעל אָדער פּראָפעסור אין פּרייסען".

„אָ, איך וועל שוין ווי עס איז לעבען".

„אָבער פאַרוואָס ווילסטו נישט שטודירען קיין מעדיצין אָדער יורי ?"

„דאָקטוירים, אַדוואָקאַטען, און אפילו געלערטע, מאַכען אַ תורה פון זייער וויסענשאַפט. איך וועל נישט האָבען קיין זאַך פונ'ם אַרען. איך וועל שטודירען צוליב וויסען און טעטיגקייט".

„מיינסטו, אַז דו ביזט אַ פּאָעט ?"

„ניין, איך וויל מיך אָפּגעבען מיט עפענטליכע אַנגעלעגענהייטען. די צייט קומט אָן, ווען מען דאַרף קעמפען פאַר די הייליגסטע צילען פון דער מענטשהייט. ביז צום סוף פון לעצטען יאָרהונדערט איז די וועלט געהאַלטען געוואָרען אין שקלאַפעריי פון דומסטען פאָראורטייל. דאַן, אויף דעם מעכטיגען רוף פונ'ם אינטעלעקט, איז אויפגעשטאַנען אַ מאַטעריעלע קראַפט, וואָס האָט צובלאָזען די אַלטע אָרדנונג אויף בלוטיגע שטיקלאַך. אינטעלעקטועל גייט יענע רעוואָלוציע אָן פון דאַמאָלסט אָן כסדר. ביי יעדען פאָלק זיינען אויפגעשטאַנען מענשען וואָס האָבען געקעמפט דורכ'ן וואָרט און זענען געפאַלען אָדער האָבען געזיגט. בערנע זאָגט, אַז קיין אייראָפּעאישער קעניג איז נישט בלינד גענוג צו גלויבען, אַז זיין אייניקעל וועט האָבען אַ טראָן צו זיצען אויף אים. הלואי וואָלט איך אַזוי געקענט גלויבען. וואָס אַמבאַלאַנגט מיר, פאָטער, גלויב איך, אַז די צייט פון קראַפט מוז ווידער קומען, ווייל די מענטשען אויפ'ן טראָן וועלען עס אַנדערש נישט וועלען. אָבער אין דעם מאָמענט דאַרפען מיר נישט מאַכען דעם פאָלק'ס אויפשטאַנד, נאָר מיר דאַרפען עס אויפקלערען און דערהויבען".

„וואָס דו זאָגסט, קען זיין איז נישט אינגאַנצען פאַלש, אָבער פאַרוואָס זאָלסטו זיין אַ מאַרטירער, — דו, אונזער האָפענונג, אונזער שטיצונג ? האָב רחמנות אויף אונז. איין מענטשליך באַשעפעניש

קען גאָרנישט ענדערען אין דער וועלט־אָרדנונג. זאָלען יענע קעמפּען, וואָס האָבען נישט קיין עלטערען'ס הערצער צו צוברעכען".

„יאָ, אָבער ווען יעדער זאָל אַזוי רעדען! פאַרוואָס איך זאָל מיך אָפּפערען אַלס אַ מאַרטירער? ווייל גאָט האָט מיר אַריינגעגעבען אין מיין ברוסט אַ קול וואָס רופט מיך צו קאַמף, האָט מיר געגעבען די קראַפט וואָס מאַכט קעמפערס. ווייל איך קען קעמפען און ליידען פאַר אַ הויכען ציל. ווייל איך וויל נישט אנטוישען גאָט'ס צוטרוי, וועלכער האָט מיר געגעבען די קראַפט פאַר זיין באַשטימטען צוועק. קורץ ווייל איך קען אַנדערש נישט טאָן".

יאָ, צוריקקוקענדיג האָט ער געזען, אַז ער האָט אַנדערש נישט געקענט טאָן, כאָטש פאַר יענעם אַלטען קול פון גאָט אין זיין האַרצען האָט ער איצט גייסטיג אַריינגעשטעלט דעם ענגלישען באַגריף פון דער אָרעע, וועלכע האָט געפּרואווט זיך פאַרווירקליכען דורך אים, שעקספּיר'ס „נביא'ישע נשמה פון דער ברייטער וועלט, וואָס חלומ'ט פון זאַכען וואָס דאַרפען ערשט קומען". גאָט'ס ווילען איז געווען דער ווילען פונ'ם צייטגייסט, און וואָס עס איז געווען אמת פאַר דער צייט, איז געווען דאָס וואָס אירע גרעסטע גייסטער האָבען איר געקענט באַווייזען דורך פאַרשטאַנד און געשיכטע. די וועלט האָט שוין געהאַט גענוג פון בלויז פּאָעטישע נביאים, דער מאָדערנער פּאָעט האָט באַדאַרפט דערהיצען מיט זיין פייער די קאַנאָנען פון לאָגיק און וויסענשאַפט. ער מוז זיין אַ דענקער צווישען נביאים און אַ נביא צווישען דענקער. די וואָס ער קען נישט באַגייסטערען דורך געפיל, מוזען געפירט ווערען דורך פאַרשטאַנד. עס טאָר נישט זיין קיין איינציגער שוואַכער רינג אין דער ענגער קייט פון אידעען. און ווער קען צווייפּלען, אַז דאָס פאַרוואָס דער צייטגייסט אַרבעט צווישען די דייטשען — דאָס אויסדערוויילטע פאָלק אין דעם אייביגען פּלאַן פונ'ם אוניווערס פאַר אָט דעם נייעם שריט אין מענטשליכער אַנטוויקלונג — איז דער פונדאַמענט פון אַן אמת'ן קעניגקרייך פון רעכט, אַ קעניגרייך פון פרייהייט און גלייכהייט, אַ שטאַט וואָס דאַרף שטיין פאַר גערעכטיגקייט אויף דער ערד, און מאַטעריעלער און גייסטיגער געבענטשטקייט פאַר אַלע? אָבער זיין פאָטער איז נישט געווען אומגערעכט וואָס ער האָט זיך באַקלאָגט. פאַרוואָס זאָל ער זיין אויסדערוויילט פאַר דעם

מאַן — דעם מאַרטירער — דורך וועלכען די אידעע האָט זיך געזוכט צו פאַרווירקליכען? עס איז געווען אַ שרעקליכער גורל צו זיין משה, צו זיין פּראָמעטעאוס. קיין צווייפעל נישט, אַז דאָס בילד פון זיך אַליין, וואָס ער האָט געלעזען אין די פּנים'ער פון זיינע פריינט, און אין די ליבענדיגע אויגען פון דער גרעפין האַצפעלד — דאָס הערליכע וואונדערמיידעל באַשאַנקען גלייך מיט געניאַליטעט און שיינקייט — דאַרף אויסזען ווערט מקנא צו זיין, אָבער פאַר זיין אייגען האַרץ, ווי קאַלט איז עס געווען אָט די איינזאַמע גרויסקייט. און די יוגענט אַליין האָט געהאַלטען אין פאַרבייגיין — איז שוין כמעט פאַרביי־געגאַנגען.

.4

אָבער ער האָט אָפּגעטרייסעלט פון זיך די זעלטענע פינסטערע שטימונג און האָט ערוואַכט צום פולשטענדיגען באַוואוסטזיין, אַז פרידלאַנד איז אַנטלאָפען. מילא, בעסער אַזוי. דער אידיאָט וועט גאָר איינגיכען צוריקקומען. און היינט, ווען ער האָט ערוואַרט צו מיטאָג פרינץ פוקלער־מוסקאַו, באַראָן קאָרף, גענעראַל דע פּפיעל און פאָן בילאָוו דעם פּיאַניסט, און אפשר נאָך וואַגנער, אויב ער וועט קענען ענדיגען זיין פּראָבע פון „לאָהענגרין" אין צייט, האָט ער נישט באַ־דויערט צו זען, אַז זיין טיש וועט באַפרייט ווערען פון דעם לאַנג־וויילינגען פּאָמפּ און דעם פּינקלענדיגען קייט און זייגער פון דעם זייל פון דער פּראַגער געזעלשאַפט. ווי קליינליך עס איז פון איינעם צו באַהאַלטען זיין אידישקייט! וואָס פאַר אַ לאַסט עס איז צו געהערען צו אַזאַ פאָלק, דעגענערירטע זין פון אַ גרויסער אָבער לאַנג־פאַר־שוואונדענער פאַרגאַנגענהייט, אומפייאיג צו פאַרזינקען די שקלאַפּען־שפּורען וואָס זענען איינגעוואַקסען פון יאָרהונדערטער פון שקלאַפּעריי! און ווען ער איז געווען אַ אינגעל, האָט ער דאָך אַזוי געשטרעבט אָפּ־צוטרייסלען דעם יאָך פון די פעלקער, פונקט ווי ער אַליין האָט אָפּ־געטרייסעלט פון זיך דעם יאָך פון משה'ס תורה. יאָ, אפילו אויף דער תליה וואָלט ער מיט פרייד געגאַנגען, ווען ער וואָלט נאָר געקענט די אידען מאַכען פאַר אַ געאַכטעט פאָלק. ווי די פאַרפאָלגונג פון די אידען אין דמשק האָט אים אָנגעצונדען ווען ער איז געווען אַ אינגעל פון פופצען! אַ פאָלק וואָס האָט פאַרטראָגען אַזעלכע זאַכען איז געווען

עקעלהאפט. זאָלען זיי ליידען אָדער נעמען נקמה. אפילו די קריסטען האָבען געשטוינט איבער זייער פאמעלעכדיג בלוט, וואָס זיי האָבען נישט פאַרגעצויגן אַ גיכען טויט אויפ'ן שלאַכטפעלד צו דער לאַנגער מאַטערניש. איז דען די אונטערדריקונג אַנטקעגען וועלכער די שווייצער האָבען רעבעלירט, געווען אַ האָר גרעסער? אַ שרעקעדיג פאָלק! עס האָט נישט פארדינט קיין בעסערען גורל. און ער האָט זיך דערמאָנט ווי אַזוי ער האָט פאַרשריבען ביי זיך אין טאָגבוך, ווען די לעבערליכע מעשה, אַז אידען באַנוצען קריסטליך בלוט איז ווידער אויפגעשוואומען אין ראָדעס און לעמנאָס, אַז די אַלגעמיינע באַשולדיגונג איז געווען אַ באַווייז, אַז די צייט איז נאָענט, ווען די אידען וועלען זיך אויף אַן אמת העלפען מיט קריסטליך בלוט. „העלף דיר אַליין, וועט דיר דער הימעל העלפען". און אַלע מאָל אין זיין אינגעלשער פאַנטאַזיע האָט ער זיך געזען פאַראויס פון אַ באַוואָפענט פאָלק, ווי ער האָט עס באַפרייט פון שקלאַפעריי און האָט רעגירט איבער אַ פריי פאָלק. אָבער די חלומות זיינען פאַרביי מיט דער קינדהייט. ער האָט געפונען אַ גרעסערע, אַ ווירדיגערע זאַך, דאָס געדריקטע דייטשע פאָלק, וואָס איז געדריקט געוואָרען צו דער ערד דורך קאַפּיטאַליסטען און דעם אייזערנעם געזעץ פון לוין, און אַלץ וואָס זיין אידישקייט האָט אים געבראַכט, איז געווען אַ פאָראורטייל וואָס איז געווען נאָך שטאַרקער געגען אים, אַ ביליג געשריי פון אידדעמאַגאָג, צו שטערען זיין גרעסערען קאַמף פאַר דער מענטשהייט. און דאָך, איז עס נישט געווען מאָדנע? זיי זענען אַלע געווען אידען, זיינע פריינט און באַגייסטערער. היינע און בערנע אין זיין יוגענט, און איצט, אין זיינע מאַנסיאָרען, קאַרל מאַרקס. איז עס אפשר געווען זייער געפיל פון דער גרויסער געטאָ־טראַגעדיע, וואָס האָט האסטיגער געמאַכט זייער צאָרן געגען יעדען אומרעכט?

„מענשליכע אומגערעכטיגקייט האָט זיך אַלזאָ ענדליך דערנענטערט צו איר סוף. דאָס הימלישע קעניגרייך אויף דער ערד האָט זיך אָנגעהויבען באַווייזען דורך צייכענס און שלעכטע סימנים. דער גלויבען פון דער צוקונפט האָט אָנגעהויבען אויפגיין — די קירך פונ'ם פאָלק. אָ, פאָטער, פאָטער!" האָט ער אויסגערופען, „ווען דו וואָלסט געלעבט צו זען מיין זיג!"

.5

מען האָט אַנגעקלאַפּט אין דער טיר.

זיין מענטש איז אריינגעקומען, נאָר אָנשטאָט אָנצוזאָגן, אַז די גרעפין האצפעלד איז געקומען, אַזוי ווי לאַסאַל׳ס פּנים האָט ערוואַרט, האָט ער אים דערלאַנגט אַ בריף.

לאַסאַל׳ס פּנים האָט זיך ווידער געביטען, און דער געדאַנק פון דער גרעפין איז אַראָפּפאַרשווינדען פון אים, ווען ער האָט דערזען די גראַציעזע האַנטשריפט פון סאָפיע דע סאָלוטצעוו. וואָסערע עראינער־רונגען דאָס האָט אים צוריקגעבראַכט פון דער ערשטער אמת׳ער ליידענשאַפט פון זיין לעבען, ווען נאָכדעם ווי אַן אומדערוואַרטער שטראָם האָט אים אומגעוואָרפען, אַ באַצויבערטער און דאָך ערשטוינ־טער וואָס ער איז נישט מער דער לייכטער זיגער, וואָס וואַרפט צו קרישעלאַך פון ליבע צו פלאַטערדיגע פרויען נעבאַך, האָט ער געבעטען דאָס רוסישע מיידעל צו טיילען מיט אים זיין קאַמף און זיינע זיגען. אַז ער זאָל וועלען מיט איר חתונה האָבען איז געווען פאַר אים פונקט אַזוי דערשטוינליך ווי דאָס וואָס זי האָט אים אָפּגעזאָגט. וואָסערע געשפּרעכען זיי האָבען געהאַט טאָקע דאָ אין דעם צימער, ווען זי איז דורכגעפאָרען בערלין מיט איר קראַנקען פאָטער! וויפיל ער האָט געליטען פון דעם וואָס זי האָט אָפּגעלעגט צו באַשליסען, וואָס ער האָט פאָראויסגעזען, און וואָס האָט אים דאָך נישט ווייניגער דער־שלאָגען. ער האָט געמוזט אנערקענען, אַז די דערשלאָגענקייט איז אין דער אמת׳ן געווען אַ סטימולירונג. אין דער רעאַקציע געגען זיין אָרימקייט און דעם פיינעם פאַרגעניגען פון אַ נסיון וואָס איז אים געגען זיין ווילען אנטרונען, און אין דעם צוריקגעווינען די פרייהייט צו אַרבעטען פאַר זיינע גרויסע אידעאַלען, איז ער צום ערשטען מאָל אריין אין פּאָליטישער אַגיטאַציע. דער עפּיזאָד האָט אים געמאַכט זיך נאָכאַמאָל באַטראַכטען ווי אַ גרויסע קראַנקהייט אָדער אַ שווערער פאַרלוסט. עס האָט אים געוויזען, אַז דאָס לעבען רוקט זיך אַוועק, אַז דער פאַרנאַכט קומט אָן, אַז אין עטליכע יאָר אַרום וועט ער זיין פערציג, אַז דאָס וואונדערקינד, ווי הומבאָלדט האָט אים גערופען, איז דערוואַקסען צו אַ רייפען מאַן, און אַז דער גאַנצער אויסגאַנג וואָס ער האָט דערווייל געפונען פאַר זיינע גרויסע באַגאַבונגען איז געווען

א רייע סקאַנדאַליעזע פּראָצעסען און אַ געהיימער באַנד פון דער פילאָזאָפיע פון הערַאַקליט'ן דעם טונקעלען. און איצט, קומענדיג צו אים אין מיטען פון זיין פלוצימדיגער צרה, האָט דער בריף פון דער שטילערער וועלט פון פאַר־דריי־יאָרען — כאָטש ער אַליין האָט זי אַרויסגערופען — אויסגעוויזען ווי כמעט פון טרוימלאַנד. די פלעצליכע וואַרימקייט פון דעם בריף האָט אין אים אָנגעצונדען עפּעס פון דעם אַלטען גלי. בריסעל! איז זי אַלזאָ ווידער געוועזן אין מערב־אייראָפּע? יאָ, זי האָט נאָך אַלץ געהאַט דעם היינע בריף, וועלכען ער האָט געוואָלט. נאָר איר פאָטער האָט אים געהאַט און זי האָט געשריבען צו אים קיין רוסלאַנד, ער זאָל אים איר שיקען. איר שוויגען האָט זיך גענומען פון איר ברוגז איבער דעם באַדינג וואָס לאַסאַל האָט איר געשטעלט איידער ער האָט אָנגענומען די בלויזע פריינטשאַפט, וואָס זי האָט פאָרגעלעגט, נעמליך, אַז אַזוי ווי אַלע זיינע פריינט, מוז זי אים שרייבען צוויי בריף צו זיין איינעם. „גרויזאַם באַשעפענישעל!" האָט ער געטראַכט מיט אַ שמייכעל, אָבער האַלב אין כעס. אָבער כאָטש זי האָט פאַר אים איצט געהאַט בלויז דעם אינטערעס, וועלכען מען פאַרלירט ניט געוויינליך אינגאַנצען פאַר דער פרוי, וועלכע האָט אַמאָל אָפּגעזאָגט, האָט זי ווידער אין אים אויפגערודערט זיין געפיל פון דער נאַרישער פוסטקייט פון אַ לעבען אָן ליבע. זיין גלענצענדע רעפּוטאַציע אַלס געלערטער און אָראַטאָר און פּאָטענציעלער פירער פון מענטשען, זיין פערזענליכער רייץ, געוועבט פון שיינקייט, שאַרפזין, עלעגאַנץ, און אַ גלאָריע פון זיג, וואָס האָט אים געמאַכט פאַר דעם ליב פון יעדער געזעלשאַפטליכער פאַרזאַמלונג, און זיינע קליינע באַנקעטלאַך פאַר די גרויסע מענטשען פון בערלין — פון וועלכע די שטאָדט האָט גערעדט — וואָס פאַר אַ פּוסטער פאַרס דאָס איז אַלץ געוועזן! און זיינע געדאַנקען זיינען געפלויגען נישט צו סאָפיען, נאָר צו דער נייער אויסשטראַלונג וואָס האָט געשוועבט איבער זיין לעבען. ער האָט אַרויסגערופען דאָס פאָרגייענדיגע בילד פון דער גלענצענדער העלענע פאָן דעניגעס, וועלכע ער האָט באַגעגענט מיט אַ יאָר צוריק ביי די הירסעמענדעלס. ער האָט ווידער איבערגעלעבט יענעם וואונדערליכען אָוונט, דעם כמעט זידליכען עפּיזאָד פון געגענזייטיגער ליבע ביים ערשטען בליק.

ער האָט זיך געזען ווי ער האָט געהאַלטען דעם סאַלאָן באַצויבערט

מיט זיין וואונדערליכער קאָנווערסאציע. א זילבער־קול זאָגט פלוצלינג: „ניין, איך בין מיט אייך נישט איינשטימיג". ער דרייט אוים זיין קאָפ אין ערשטוינונג. אָ, די פיקאנטע, גאָלדהאָריגע שיינהייט, באוואונדערליך ווייס און פיין, די בלענדענדיגע אקסלען, דאָס קאָקעטישע שפיל מיט'ן לאָרנעט, דער וויץ, די געוואגטקייט, די טייוולישקייט. „איז עס אלזאָ א ניין, א ווידערשפרוך, דאָס ערשטע וואָרט וואָס איך הער פון אייך. דאָס אלזאָ זיינט איר. יא, יא, פונקט אזוי האָב איך מיר אייך פאָרגעשטעלט". זי שטייט אויף און בעט די הויזווירטין, זי זאָל זיי פאָרשטעלען, אָבער ער לעגט צערטליך ארויף זיין האנט אויף איר אָרעם. „צו וואָס? מיר קענען זיך. איר ווייסט ווער איך בין, און איר זענט ברונהילדע אדריען קארדאָוויל פונ'ם 'וואנדערענדיגען איד', די גאָלדענע קאשטאן־האָר, פון וועלכע קאפיטאן קאָרף האָט מיר דערציילט, מיט איין וואָרט — העלענע!" דער גאנצער סאלאָן קוקט אויף זיי, אָבער וואָס זענען דען די אנדערע אויסער דאָס געהעריגע פובליקום פאר דער גלענצענדער פאָר וואָס נעמט דעם צענטער פון דער בינע דורך דעם געטליכען רעכט פון א ליבע וואָס איז צו גרוים פאר סאלאָן־קאָנווענציאָנעלקייטען, וואָס נויטיגט זיך כמעט אין אָרקעסטער באגלייטונג פון פריינט וואגנער! ער רעדט נישט מער חוץ צו איר, ער עסט מיט איר, ער איז באגייסטערט ווי א אינגעל איבער איר געשמאק אין ווייז. און ווען, פיר אזייגער פארטאָג, ער ווארפט איר מאנטעל איבער אירע אקסלען און טראָגט זי אראָפ דריי שטאָק שטיגען צו איר קארעטע, האָט עס אפילו איר נאאיווער קוזין און באגלייטער אָנגענומען ווי בלויז א נאטירליכע מאניר מיט וועלכע דער העלד נעמט איבער זיין הימעל־געבוירענע כלה.

זיין פלוצימדיג פארגעסען זיך אין אָט דער אלטער עראינערונג האָט אים אזוי אויפגעריסען זיין שלאָפענדיגע ליידענשאפט, אז ער איז איצט צוגעגאנגן צו א שופלאָד און דאָרט געגריבעלט נאָך איר פאָטאָגראפיע. נאָכדעם ווי דער באראָן, איר פאָטער, דער העכסט רעספעקטאבעלער בייערישער דיפלאָמאט, האָט זי ניט געוואָלט הערען רעדען פון דעם איד־דעמאגאָג האָט לאסאל זי געבעטען צו שיקען אים איר בילד, ווייל ער האָט געפלאנט צו בויען א הויז באצירט מיט פרעסקען, און דער קינסטלער האָט באדארפט זוכען אין איר די באגייסטערונג פאר זיין ברונהילדע. אין דער טומעלדיגקייט פון זיין

לעבען איז אי דער פּראָיעקט אי איר בילד פאַרנאַכלעסיגט געוואָרען. ער האָט זי געלאָזט גיין אָן פיל אָנשטרענגונג — אין א געוויסען זין האָט ער זי נאָך אַלץ באַטראַכט פאַר זיינער, ווייל די געגנערשאַפט איז נישט געקומען פון איר. אָבער האָט ער געטאָן קלוג, וואָס ער האָט צוגעלאָזט אָט דאָס צושיידען זיך? גרויסע פּאָליטישע געשעע־נישען קענען טאַקע אָנקומען, אָבער ווי, ווי פּאַמעליך, און עס איז אַלע מאָל געווען די שטענדיגע געפאַר פון איר „מאַרישען פּרינץ" — דער יונגער וואַלאַכישער סטודענט, יאַנקאָ פּאָן ראַקאָוויצאַ, דער „דראַכען וואָס היט מיין אוצר", ווי ער האָט אים אַמאָל גערופען, און וועלכער, כאָטש ער איז געווען איר חתן, איז געווען דער שקלאַף פון אירע קאַפּריזען, גרייט זיך צו אָפּפערען אויב זי האָט אָן אַנדערען מער געליבט, א צאַרט, בויגיג באַשעפעניש, וואָס לאָסאַל האָט קוים גע־קענט פאַרשטיין, באַזונדערס ווען מען האָט גענומען אין אַמבאַטראַכט זיין פּרינצליך בלוט.

ווען ער האָט ענדליך געפונען די פאָטאָגראַפיע, האָט ער זיך מיט א ציטער דערמאָנט, אַז באַלד איז איר געבורטסטאָג. אין א טאָג צוויי אַרום וועט זי ווערען פּוליעריג, וועט מער נישט זיין קיין ליאַלקע אין איר פאָטער'ס ווילען.

.6

ווען מען האָט אים אַביסעל שפּעטער אָנגעזאָגט, אַז די גרעפין האַצפעלד איז דאָ, האָט ער פאַרגעסען, אַז ער האָט זי ערוואַרט. ער האָט צוריק אַריינגערוקט די פאָטאָגראַפיע צווישען די פּאַפּירען, און איז איר גיך אַנטקעגענגעלאָפען צו באַגעגענען.

איר פּנים איז געווען דאָס פּנים פון דעם שיינעם פּאָרטרעט אויף דער וואַנט, וואָס איז צוויי מאָל אַזוי אַלט געוואָרען, אָבער מיט די שטריכען פון שיינהייט נאָך אַלץ קלאָר אונטער דעם אומנויטיגען לייכטען רוזש, אַזוי אַז טיילמאָל, נישט קוקענדיג אויף אירע באַ־פּראָסטיגטע האָר, האָט מען זיך געקענט פאָרשטעלען איר לעבען אין איר פרילינגס־צייט. דאָס איז געווען אַזוי באַזונדערס ווען דאָס זונ־ליכט האָט זיך אַריינגעריסען אין אירע אויגען. אָבער ביי איר עלטסטען אויסזען איז איר אַלץ געבליבען די ווירדיגקייט פון אַן איינ־

געבוירענער פרינצעסין, דער חן פון דער פרוי מיט א רירעוודיגען אינטעלעקט און גרויסער געזעלשאפטליכער ערפארונג.

„עפעס זיינט איר באזארגט", האט זי געזאגט.

ער האט פארטרויליך געשמייכעלט. „מיין שוואגער פון פראג האט זיך אריינגעכאפט. ער האט מיר געהאלטען א דרשה".

„וועגען דעם וואלט איר זיך נישט געזארגט, פערדינאנד".

לאסאל האט געשוויגען.

„איר האט ווידער געהערט פון דער סאפיע דע סאלוצעוו!"

„נבואה! נאך דריי יאר! גרעפין, איר זיינט אזוי וואונדערליך, ווי שטענדיג".

דער קאמפלימענט האט נישט לייכטער געמאכט איר פארזארגט פנים. זי האט אויסגעזען אפגעצערט, כמעט אירע אמת'ע יארען.

„דאס איז נישט דער מאמענט פאר אונטערקליידלאך — מיט אייער לעבענס-געלעגענהייט פאר אייך און ווען חדשים פון טורמע הענגען איבער אייער קאפ".

„א, איך בין זיכער, אז מיין אפעלירונג וועט מיך ארויסנעמען מיט העכסטענס א שטראף. איר דארפט געדענקען, גרעפין, אז בלויז איין מאל אין מיין לעבען, כאטש זיי האבען אלע מאל אנגעשטעלט אויף מיר פאנגנעצען, האבען מיך די יעגערס אויף אן אמת געכאפט אין שטייג אריין. און אפילו דאמאלסט האט מען מיך ארויסגעלאזט יעדעס מאל, ווען איך האב באדארפט גיין פאר אייך אין געריכט. דאס איז געווען גאנץ אומלעגאל", און ער האט געלאכט, ווען ער האט זיך דערמאנט די פיל נסים וואס זיין שיינריידעריי האט, טיילמאל מיט אינסינואירונג, טיילמאל מיט דראאונג, דערגרייכט.

„יא, איר זיינט וואונדערליך".

„איך וואונדער מיך איבער זיך אליין".

„לאזט מיך זען אייער נייע ,עפען דיך סעזאמע'. איז עס פארטיג?"

„ניין, ניין, סאפיע", האט ער שפאסיג געזאגט. „איר ווייסט דאך, אז איר מיינט איר ווילט זען דעם בריף פון דער וואס טראגט דעם אייגענעם נאמען וואס איר".

„דאס גייט מיך נישט אן".

„א, גרעפין". ער האט איר דערלאנגט דעם בריף.

„הם", האָט זי געזאָגט מיט אַ שנעלען בליק אויפ'ן בריף. „האָט איר איר געשריבען צו ערשט?".

„ווייל מען האָט באַדאַרפט דעם בריף צו דער נייער אויסגאַבע פון היינע, און איך האָב נישט געהאַט קיין קאָפּיע פון אים".

„אָבער איך האָב אַ קאָפּיע".

„איר? וואו?"

„אין מיין האַרץ, מיין ליב קינד. פאַרוואָס זאָל איך נישט געדענקען דעם גרויסען דיכטער'ס ווערטער? טייערסטער ברודער אין קאַמף, קיינמאָל האָב איך אין קיינעם אויסער אין דיר נישט געפונען אַזויפיל ליידענשאַפט פאַראייניגט מיט אַזויפיל העלזעערישקייט אין האַנדלונג. איר האָט ווירקליך דאָס געטליכע רעכט פון אויטאָקראַטיע. איך פיל מיך בלויז ווי אַ קליינע פליג..." זי האָט געוואַרט אַ ווייל און געשמייכעלט צו אים. „איר זעט?"

„אויסגעצייכענט", האָט אויסגערופען לאַסאַל, וועלכער האָט זיך העפליך צוגעהערט. אָבער עס איז נישט יענער בריף. דער רעקאָמענדאַציאָנס־בריף, וואָס ער האָט מיר געגעבען צו וואַרנהאַגען פאָן ענזע, ווען איך בין געווען אַ אינגעל פון צוואַנציג — אין דעם יאָר ווען מיר האָבען זיך באַקענט".

„ווי זאָל איך דאָס נישט געדענקען? איז דאָס נישט געווען דאָס ערשטע וואָס איר האָט מיר געוויזען?"

אַ זיפץ האָט זיך ביי איר אַרויסגעכאַפּט. אין יענעם יאָר ווען ער האָט געוואוינען איר ליבע, איז זי געווען פונקט צוויי מאָל אַזוי אַלט ווי ער. איצט, טראָץ דער אַריפמעטיק, האָט זי זיך געפילט דריי מאָל אַזוי אַלט ווי ער.

„איך וועל אים אייך דיקטירען", האָט זי ווייטער גערעדט. „און איר קענט אים אוועקשיקען צום אַרויסגעבער און זיין פאַרטיג דערמיט".

„מיין וואונדערליכע גרעפין, מיין מער ווי מוטער", האָט ער געזאָגט גערירט, „און איר האָט דאָס געטראָגען אין אייער טייערען, קלוגען קאָפּ".

„,מיין פריינט, הער לאַסאַל, דער איבערברענגער פון דעם בריף, איז אַ יונגערמאַן מיט אויסערגעוויינליכען טאַלאַנט. מיט דער טיפ־

סטער בילדונג און גרעסטער באַאָבאַכטונגס־קראַפט און רייכסטער באַ־גאַבונג פון אויסדרוק, פאַרמאָגט ער נאָך —׳ ״

„שטייט נישט דאָרט אויך, ,וועלכען איך האָב ווען עס איז באַ־געגענט׳ ?״

„יאָ, יאָ, מיין קאָפּ הויבט מיך אָן פאַרלאָזען. שטעלט עס אריין נאָך ,באָאָבאַכטונגס קראַפט. פאַרמאָגט ער נאָך אַן ענערגיע פון ווילען און אַ חשק צו טעטיגקייט וואָס וואַרפט מיך אריין אין אַ דער־שטוינונג׳״.

„זעט איר״, האָט לאַסאַל אונטערבראָכען און אַרויפגעקוקט. „היי־נע האָט גלייך געזען דעם אונטערשייד צווישען מיר און קאַרל מאַרקס. מאַרקס, איז נאָך אַלעמען אַ סטודענט, און זיין איצטיגער אַדרעס איז פּאַקטיש דער בריטישער מוזעאום. אין בלויזען ווימען פרעטענדיר איך נישט אים איבערצושטייגען. וועלכע שפּראַך, וועלכע קונסט, וועלכע וויסענשאַפט איז אים אומבאַקאַנט ? אָבער ער איז שוין כמעט אינ־גאַנצען מת. ער אַרבעט אויס זיינע געדאַנקען אָמבעסטען אין מאַטע־מאַטיק — דער שפּינאָזאַ פון סאָציאַליזם. אָבער שטעלט אייך פאָר, ווי שפּינאָזאַ פירט אַ פאָלק. און אפילו שפּינאָזאַ האָט געהאַט מער פייער. ווען איך בין אים געגאַנגען זען אין לאָנדאָן ווינטער בעטען אים ער זאָל זיך שטעלען מיט מיר אָן שפּיץ פון דער באַוועגונג, איז אים נישט געפעלען מיין פּראָזעלאָגיע, און ער האָט קאַלטבלוטיג צו־גלידערט מיינע קאַמפּס־רופען. איך פּרעדיג סאָציאַליזם אַלס אַ רע־ליגיע, די קירך פונ׳ם פאָלק — ער וועט אפילו נישט שרייען ׳אמת און גערעכטיגקייט !׳ ער וועט אייך בלויז וויסענשאַפטליך איבערצייגען, אַז די אילוזיע פון די מאַסען, אַז מען גיט זיי נישט זייער רעכט וועט זיי אָנשטויסען אויסצודריקען זייער מאַכט. און זיינע רעדעס ! אָפּ־האַנדלונגען, נישט קיין טראָמפּייטערם ! איינמאָל נאָך איינער פון זיינע רעדעס אין געפאַנגענעמס שטול, האָט איינער פון די געשוואוי־רענע אים געדריקט די האַנט און אים געדאַנקט פאַר זיין באַלערענדער לעקציע. האַ, האַ, האַ ! נעמט מיין ,סיסטעם פון ערוואָרבענע רעכט׳, יאָ״. — לאַסאַל האָט שוין איצט געהאַט אָנגעהויבען איינעם פון זיינע באַליבטע מאָנאָלאָגען, און ווייניגסטענס די גרעפין האָט אים קיינמאָל נישט געוואָלט אונטערברעכען. — „דאָ האָט איר בילדונג און לאָגיק, וואָס האָט געצוואונגען די טרוקענסטע צוצוגעבען, אַז דאָס איז אַ

מייסטערשטיק פון יוריספרודענץ. אָבער עס איז איינגעוואָרצעלט אין לעבען, און עס האָט געצווינגען זיין נארונג פון מיין ווירקליכער פּראקטיק אין קעמפּפען מיין ליבער גרעפין׳ס קאמפּפען. ווי היינע זאָגט, וויסען און קענען זיינען זעלטען פאראייניגט. לוטער איז געווען אַ מענטש פון טאַט, אָבער זיינע געדאנקען זיינען נישט געווען זייער ברייט. לעסינג איז געווען אַ מענטש פון געדאנק, אָבער ער איז געשטאָרבען אַ צובראָכענער אויפ׳ן ראָד פון שיקזאַל. אַ קאָמבינאַציע פון אָט די צוויי האָב איך געפּרואווט מאָלען אין מיין אולעריך פאָן הוטטען — דעם הומאניסט, וואָס האָט איבערגעשטיגען לוטער׳ן און וועלכער איז געווען דער מאָרגענשטערען פון דער אמת׳ער רעפאָרמאציע. איר געדענקט זיין פראנקפורטער סטודענט, וועלכער האָט דורך אַ טעות אראָפּגענומען דאָס היטעל פאַר אַ איד, האָט נישט געקענט באשליסען צי די זינד איז געווען שטערבליך, צי פארגעבליך. אָבער כאָטש איך האָב זיך אליין אריינגעגעבען אין אים, וועל איך אָבער נישט זיין געשלאָגען אזוי ווי ער". ער איז אויפגעשפּרונגען און אַ וואָרף געטאָן זיין פען אזוי אַז זי איז געבליבען שטיין ציטערדיג אינ׳ם טיש. „ווייל זיכער וועגען מיר האָט עס היינע געטראַכט ווען ער האָט געשריבען: ‚יאָ, אַ דריטער מענטש וועט קומען׳ " — און לאַסאַל׳ס אקצענט איז געווארען דראמאטיש קלינגענדיג — „און ער וועט פאַרענדיגען וואָס לוטער האָט אָנגעהויבען, וואָס לעסינג האָט פאָרטגעזעצט, אַ מענטש אין וועלכען דאָס פאָטערלאַנד נויטיגט זיך אזוי שטארק, דער דריטער באפרייער׳ ".

„דער דריטער באפרייער", האָט די גרעפין ליידענשאפטליך נאָכגעזאָגט.

„ווייסט איר", האָט ער ווייטער גערעדט, „איך האָב מיר אָפּט פאָרגעשטעלט, אַז איך בין עס געווען דער וואָס האָט היינע׳ן געגעבען די געדאנקען וואָס ער האָט אַנטוויקעלט אין זיין עסקיז פון דייטשער פילאָזאָפיע, אַז אונזער רעוואָלוציע וועט זיין דער רעזולטאַט פון אונזער פילאָזאָפיע, אַז אין דער ערדציטערניש וועט געהערט ווערען דאָס קליינע שטילע קול פון קאַנט און העגעל. דאָס האָב איך געפּרואווט זאָגען נישט לאַנג צוריק אין מיין לעקציע וועגען פיכטע׳ן. ריינער געדאנק וועט אויפבויען די דייטשע אימפּעריע. ווירקליכקייט — מיט אירע פראגמענטען, פרייסען, זאקסען א. א. וו. — וועט זיך מוזען

איבערבויען לויט דער אידעע פון אַ פאַראייניגטער דייטשער רעפּובּ־ליק. פאַרוואָס שמייכעלט איר?" האָט ער אומרואיג איבערגעריסען, מיט אַ פינסטערער עראינערונג ווי זיין פּובליקום האָט זיך אוועק־שפּאַצירט אין עס־צימער אריין.

„איך האָב געטראַכט פון היינע'ס ווערטעל, אַז מיר דייטשען זיינען אַ מעטאַדיש פאָלק, וואָס אונזער דענקען קומט ערשטענס און אונזער רעוואָלוציע צווייטענס, ווייל די קעפּ וואָס זיינען באַנוצט גע־וואָרען צום דענקען זאָלען דערנאָך קענען באַנוצט ווערען אויף אָפּ־צוהאַקען. נאָר ווען איר וואָלט צוערשט אָפּגעהאַקט קעפּ אַזוי ווי די פראַנצויזען, וואָלטען זיי נישט געווען זייער נוצליך פאַר פילאָזאָפיע".

לאַסאַל האָט געלאַכט. „איך האָב ליב היינע'ן. ער האָט מיר אויס־געזען ווי מיין נשמה־ברודער. איך האָב אים ליב געהאַט פון אינגעל־ווייז אָן, און איך האָב בלויז באַדויערט, וואָס ער איז נישט געווען אַ רעפּובליקאַנער אַזוי ווי בערנע. הלואי וואָלט ער געלעבט צו זען דעם זיג פון דעם וואָס ער האָט פאָראויסגעזאָגט, די אַלטע אומגעצוימטע בערסערקער ווילדקייט וואָס וועט אויפשטיין צווישען אונז טוטאָנען ווען דער צויבער פונ'ם צלם וועט ענדליך געבראַכען ווערען, ווי ער מוז זיך ברעכען, און די אַלטע געטער וועלען ווידער קומען צו זיך. אַ צאָן פאַר אַ צאָן, אַן אויג פאַר אַן אויג. די היפּאָקריטישע טיראַנען וועלען קייען די ערד, די פאַלשע שופטים וועלען גע'משפט ווערען".

„אַזוי האָב איך אייך ליב צו הערען רעדען".

ער האָט אַ זעץ געטאָן אין טיש מיט זיין פויסט. זיין אייגען ליבגעזאַנג האָט אים אָנגעצונדען, כאָטש זיין וואונדערליכער זכרון וואָס האָט געקענט האַלטען אפילו גאַנצע ליברעטאָס פון אָפּערען איז געווען ווייניג אין צווייפעל אין באַצוג צו היינע'ס גענויע ווערטער.

„יאָ, די הייליגע אַליאַנץ פון וויסענשאַפט און דעם פאָלק — די בענעדייטסטע דעם פאָלק! זיי וועלען צעדריקען אין זייערע שטאָלענע אָרעמס אַלץ וואָס איז געגען דער העכערער ציוויליזאַציע. דער שטאַט, דאָס אורגעדענקליכע ריינע פייער פון דער גאַנצער ציוויליזאַציע — וואָס פאַר אַ פיינע פראַזע! איך מוז דאָס פאַרשרייבען פאַר מיין קאַמערגעריכט רעדע".

„און אין דער אייגענער צייט ענדיגט אייער היינע אַנגעלעגנע־הייט, איך בעט אייך, און ווערט פאַרטיג מיט דער אימפּערטינענטער

מאדמואזעל. וואס, זי מוז עם קריגען א בריף פאר א בריף! פאר־שטייט זיך, עס איז א ברכה וואס זי האט אויפגעהערט צו קארעספאנ־דירען מיט אייך. אבער דאך, זעט וואס די באשעפענישען זיינען. קיין שום רחמנות נישט אויף דער מי און מאטערניש פון אייער לעבען. אלע קליינע ענגאאיזמען און פוסטקייטען! וואס גייען זיי אן אייערע וועלט־גרייכענדיגע צוועקען? יא, זיי וועלען זיצען ביי אייערע פיס, אבער זייער אייגענע פרייד, אדער גייסטיגע אנטוויקלונג איז אלץ וואס זיי טראכטען. אט די רוסישע מיידלאך זיינען די שרעקליכסטע. איך קען אזעלכע הונדערטער ווי אייער סאפיע. זיי זיינען א טיפישע אנט־וויקלונג פון אונזער נייגעבאקענער צייט. זיי האבען אפילו פון אויבען אויף חתונה, בלויז זיך צו באפרייען פון די עלטערנ'ס דאך. מיך וואונדערט, וואס זי האט אייך נישט אפגעשפילט די אייגענע קונץ. און איצט איז זי עלטער און זי האט שוין נישט איר חן, זי זעט וואס זי האט פארלוירען. אבער איר וועט זיך נישט לאזען נאכאמאל ארייננציען?"

„ניין, אין דעם מענט איר זיכער זיין", האט לאסאל געזאגט. איר פנים איז כמעט יונג געווארען.

„איר קענט אזוי נישט קיין פרויען, מיין ליב קינד", האט זי געזאגט, גלעטענדיג זיינע ברוינע געקרייזעלטע האר. „איר זיינט ווירקליך א קינד, אן אורטייל אדער פארשטאנד, ווען עס האנדעלט זיך וועגען זיי".

„און איר קענט אזוי נישט קיין מענער", האט לאסאל געטראכט, ווייל זיין אפווארפען פון זיך דאס רוסישע מיידעל האט אים קלאר ארויפגעבראכט דאס בילד פון זיין צויבערליכער ברונהילדע. האט דען די גרעפין געמיינט, אז א מאן קען זיך אייביג שפייזען מיט ער־אינערונגען? אמת, זי האט אים גראציעז אפגעזאגט צוליב א האלב־מוטערליכער לאגע, אבער אן אמת'ע מוטער וואלט שטארקער געפילט אז די באציאונג איז נישט געוועז אזוי געניגענדיג פאר אים ווי פאר איר.

עס האט אויסגעזען, אז די גרעפין באגרייפט וואס אין זיינע געדאנקען קומט פאר. „ווען איר וואלט באקומען א ווייב, וואס זאל אייך ווערט זיין", האט זי אויסגערופען, „א מח וואס זאל זיך קענען פארגלייכען מיט אייערען, א נשמה וואס זאל פילען אייערע, א הארץ

וואָס זאָל אָפּקלינגען דעם שטאַרקען קלאַפּ פון אייערען, אַ חבר׳טע פאַר אייער תפיסה אָדער טראָן, וואָס זאָל זיין גרייט פאַר איינעם פון די צוויי — אָבער וואו קריגט מען אַזאַ אומפאַרגלייכליכע פרוי?״

„איר זיינט גערעכט״, האָט לאַסאַל אויסגערופען מיט אַ שטילער צופרידענהייט. „נאָך אַלעם איז העלענע געווען אַ קינד מיט אַ קינד׳ס ווילען, וואָס איז געבראָכען געוואָרען ביי דער ערשטער שטערונג. איך האָב קיינמאָל נישט באַגעגענט אַ פרוי, וואָס איך זאָל ווירקליך קענען רעכענען פאַר מיין חבר׳טע. אויב איך האָב ווען עס איז אָנגעצונדען אַ נשמה אין אַ פרוי, איז עס געווען אויף איין מאָמענט. ניין, איך האָב אַלע מאָל געוואוסט, אַז איך מוז לעבען און שטאַרבען אַליין. איך האָב אייך דערציילט פון מיין פריער ליבע צו דער שיינער ראָזאַליע זאַנדער, מיין אַלטען חבר׳ס שוועסטער, וואָס זי לעבט נאָך אַלץ אומפאַרהייראַט אוים ליבע צו מיר. אָבער איך האָב געוואוסט, אַז חתונה האָבען מיט איר מיינט פאַר מיר צו פאַרקריפּלען זיך דורך מיין צערטליכקייט. קען איך אַלץ אריבערטראָגען, אָבער ווי אַזוי שלעפּ איך אַ שוואַכערען פון זיך אריין אין דעם טראַגישען קרייז פון מיין שיקזאַל? ניין, קורטיום מוז אַליין אריינשפּרינגען אין זיין אָפּגרונט״.

זיינע ווערטער האָבען זי געטרייסט, אָבער זיי האָבען געהאַט אַ שטאָך אין זיך.

„אָבער אייער גליק מוז קומען פריער פאַר אַלץ״, האָט זי געזאָגט, נישט אָן באַדייטונג. „איבערצייגט מיך נאָר, אַז איר האָט געפונען אייער גלייכען, און זי וועט זיין אייערע אין איין וואונק. איך וואָלט אפילו נישט דערלאָזט, אַז ליבעס־בריף זאָלען זיך אריינמישען. איר זיינט אַזוי גיגאַנטיש. אייערע טיטאַנישע געפילען פליסען אריבער אין הונדערטער פאַרשריבענע זייטען. איר זיינט דער אומעקאָנאָמישסטער מענטש וואָס איך האָב ווען עס איז באַגעגענט״.

ער האָט געשמייכעלט.

„אַ וואולקאַן איז נישט קיין באַרג מוראַשקעס. אָבער איך ווייס, איר זיינט גערעכט. פאַר לאַסאַל׳ן דעם קעמפּער האָט די וועלט נישט קיין ווייב. ווען איך וואָלט נאָר געקענט זיין זיכער, אַז דער זיג וועט קומען ביי מיין לעבען״.

„געדענקט וואָס אייער אייגענער הערַאקליט זאָגט: ,די בעסטע זוכען באַרימטקייט׳ ״.

„יאָ, באַרימטקייט איז דאָס זיין פונ׳ם מענטשען און נישט־זיין. דאָס איז די פאַרווירקליכטע אומשטערבליכקייט פונ׳ם מענטשען״, האָט ער זיך אליין ציטירט. „אָבער״ —

זי האָט גיך פאַרגעזעצט זיין ציטאַט: „דערפאַר האָט די באַרימטקייט אלע מאָל אזוי מעכטיג אויפגערודערט די גרעסטע נשמות און זיי דערהויבען אריבער אלע קליינע און שמאָלע צילען״.

„די צילען זיינען גרויס — אָבער די מיטלען, ווי קליינטשיק! די פּרעזידענטשאַפט פון אַן אַרבעטער פאַראיין, וואָס טאָר אפילו נישט געגרינדעט ווערען אין בערלין״.

„אָבער דאָך אַן אלגעמיינער דייטשער אַרבעטער פאַראיין. ווער ווייס וואָס עס קען נאָך פון אים אויסוואַקסען! בערלין קען נאָך פאַרכאַפּט ווערען אין געציילטע טעג״.

„איך וואָלט עס בעסער פאַרכאַפּט מיט דער שווערט. ביסמאַרק איז גערעכט. די דייטשע פראַגע קען בלויז געלייזט ווערען דורך בלוט און אייזען״.

„לוינט זיך דאָס אויפּסניי איבערצורעדען? האָבען מיר נישט איינגעשטימט פאַראַיאָרען אין קאַפּרערא, ווען גאַריבאַלדי האָט נישט געקענט פּועל׳ן ביי זיך אַריינצודרינגען קיין עסטרייך פאַר אונז, אַז מיר מוזען זיך פאַרלאָזען אויף פרידליכע מעטאָדען? איך האָב נאָך פאָרלויפיג נישט קיין שום ווירקליכע נאָכפאָלגערשאַפט. די פראָגרעסיסטען וועלען קיינמאָל נישט מאַכען קיין רעוואָלוציע, נישט קוקענדיג אויף אלע זייערע יום־טובים און פאַנפאַראָנאַדען. די נאַציאָנאַלע ליגע זייערע איז בלויז אַ טעאַטראַלישע דראָאונג״.

„יאָ, ביסמאַרק קען צו גוט אונזער שוואַך־קניאיגע, ווייך־לעבעריגע בורזשואזיע, אַז ער זאָל זיך שרעקען פאַר איר. די ליגע רעדט און ביסמאַרק שווייגט. אָ, ווען איך וואָלט געהאַט אַ מאַיאָריטעט אין דער דעפּוטאַטען־קאַמער, אַזוי ווי זיי האָבען, וואָלט איך אים געלאָזט דאָס רעדען״.

„אָבער אפילו ווען זייער גערעדעריי וואָלט געווען ערנסט, וואָלטען זיי אַ י י ך נישט דערלויבט צו זיין דער פירער פון זייער רעוואָלוציע. האָבען זיי דען נישט צוריקגעוויזען שוין אונזער דערנענטערונג? דער־

פאַר איז די דעפּוטאַציע צו אייך פון די לייפּציגער אַרבעטער (וועלכע זיי האָבען פּאַקטיש צוריקגעוויזען מיט דעם וואָס זיי האָבען זיי פאַר־געלעגט ערן־מיטגלידערשאַפט) איינפאַך ווי פון הימעל געשיקט. דער באַגריף פון אַ נייער און ווירקליכער פּראָגרעסיווער פּאַרטיי וואָס זיצט אין זייערע מוחות אונטער'ן סטימול פון זייער קאָנטאַקט מיט סאָציאַ־ליזם אין לאָנדאָן — איר האָט געשריבען אַז זיי זיינען געוועזן אין לאָנדאָן?"

„יאָ, זיי זיינען אַריבערגעפאָרען זען די אויסשטעלונג. אָבער איך נעם אָן, אַז זיי רעפּרעזענטירען אויך די אַלטע קאָמוניסטישע און רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס, וואָס זיינען קיינמאָל נישט אינגאַנצען איינגעשלעפערט געוואָרען דורך אונזער פּסעוודאָ־ליבעראַליזם. אָבער אַזוי ווידערהאָלט זיך עס די געשיכטע. ווען די מיטעלקלאַסען שטע־לען זיך אַנטקעגען די העכערע קלאַסען, מאַכען זיי אַלע מאָל אַ פּנים ווי זיי קעמפען פאַר דער גאַנצער מאַיאָריטעט. אָבער דער טאָג ווערט איינגיכען קומען, באַזונדערס אויב די מיטעלקלאַסען וועלען אַריין אין מאַכט, ווען די אונטערשטע קלאַסען וועלען אויסגעפינען, אַז עס איז קיינמאָל נישט געוועזן קיין ווירקליכע געמיינשאַפט פון אינטערעסען!"

„אָט דאָס איז גראָד אייער געלעגענהייט!" האָט די גרעפין אויס־געגרופען. „דאָ וואַרט אַ נייע פּאַרטיי אַרויסגערופען צו ווערען פונ'ם כאַאָס. ניין, זי רופט אייך. אַן אומפּאַרטיירטע פּאַרטיי איז פונקט דאָס וואָס איר ווילט. איר גיט איר דעם שטעמפּעל פון אייער איי־גענער פּערזענליכקייט. געדענקט אייער אייגענעם מאָטאָ:

„אויב איך קען נישט באַוועגען די געטער אויבען, וועל איך באַוועגען אַכעראָנט'ן."

לאַסאַל האָט צווייפעלדיג געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. ער האָט פון אָנפאַנג אָן פּאַקטיש באַשלאָסען צו אַנטוויקלען די אומקלאָרע אידעען פון דער דעפּוטאַציע, אָבער ער האָט געוואָלט הערען זיינע אייגענע אורזאַכען אין דער גרעפינ'ס מויל.

„זיין דער קאָפּ פון אַ פּאַרטיי וואָס עקזיסטירט אפילו נישט", האָט ער געמורמעלט. „דאָס זעט נישט אויס קיין זייער קורצער וועג צו דער דייטשער רעפּובליק".

„איר צווייפעלט אין זיך אַליין? דענקט נאָר וואָס איר זיינט געוועזן ווען איר האָט אויפגענומען מיין פאַל אין געריכט — בלויז

אן אומבאקאנט איננעל. דענקט נאָך ווי איר האָט געקעמפט פון איין געריכט צום אנדערען, און זיך אויפ'ן וועג געלערענט געזעץ, א דעמאָס־טענעס, א ציצערא, ביז די גאנצע וועלט האָט זיך געוואונדערט און אייך געהאלטען פאר א האלבען גאָט. איר האָט דאָס געטאָן, ווייל איך בין געשטאנען פאר אומגערעכטיגקייט. איר זיינט געווען דער דאָן קי־כאָט צו מאכען יעדעס אומרעכט רעכט. איר האָט געזען דאָס אוניווער־סאלע אין דעם אינדיווידועלען. מיין פאל איז בלויז געווען א פאָר־בילדונג פון אייער אמת'ער מיסיע. איצט איז עס דאָס אוניווערסאלע, וואָס רופט צו אייך. איר דארפט זען אין אייער זיג פאר מיר אייער זיג פאר יענער ליידענדיגער מענטשהייט, מיט וועלכער איר האָט מיך געלערענט סימפאטיזירען".

„מיין איידעלע גרעפין!"

„וואָס זאָגט אייער אייגענער פראנץ פאָן סיקינגען וועגען גע־שיכטע?"

„,און דאָך בלייבט אלץ איר פאָרם נאָך אייביג קראַפט' ".

די קראַפט פון דער מאָדערנער וועלט איז דער ארבעטסמאן. און אזוי ווי איר אליין האָט מיך געלערענט, אז עס זיינען נישט פאראן קיין אמת'ע רעוואָלוציעס אויסער יענע וואָס דריקען אויס אין פאָרם דאָס וואס איז שוין א פאקט, איז אלזאָ בלויז נויטיג דער פאָרמעלער אויס־דרוק פונ'ם ארבעטסמאנ'ס קראַפט. צו דער קראַפט וועט איר איצט געבען פאָרם".

„וואָס פאר א פייאיגער שילער!" ער האָט זיך אָנגעבויגען און געקושט אירע ליפען. דאן ארומגייענדיג צורודערט האָט ער אויסגע־רופען: „יאָ, איך וועל צוזאמענשמעלצען די ארבעטער פון דייטש־לאנד — צו דערגרייכען זייערע צוועקען, וועלען זיי מוזען צוזאמענ־שמעלצען אלע זייערע ווילענס אין איינעם — קיינעם פון יענע ביי־סענדיגע, קליינליכע, געגענזייטיג־צושטערענדיגע אינדיווידואליטעטען פון דעם בורזשואַ — אוון גיגאנטישער האמער, און איך וועל זיין דער טהאָר וואָס וועט אים שווינגען". זיינע אָדערען זיינען פול געוואָרען, ער האָט ווירקליך אויסגעזען ווי א טעטאָנישער גאָט. „און דערפאר מוז איך האָבען א דיקטאטאָר'ס רעכט", האָט ער ווייטער גערעדט. „איך וועל נישט אָננעמען די פרעזידענטשאפט צו זיין בלויז א ליאלקע פאר מעגליכע פראקציעס".

„דאָס רעדט פערדינאַנד לאַסאַל! און איצט, מיין ליב קינד, פאַרדינט איר צו הערען מיין סוד".

זי האָט ליכטיג געשמייכעלט.

זיין האַרץ האָט געקלאַפּט אביסעל גיכער, ווען ער האָט זיך אָנ־געבויגען צו הער'ען איר געוויינליך שעפּטשען. אירע סודות זיינען אַלע מאָל געווען אַ פאַרגעניגען אין דעם געפיל פון סופּעריאָריטעט וואס וויסען האָט ארויפגעלייגט, און אין דעם געפיל פון קומען אין באַריר, דורך זיין פּרינצעסין־גרעפין, מיט די אינערליכסטע קרייזען פון אייראָפּעאישער דיפּלאָמאַטיע. ער איז געווען פון די געטער און ער דאַרף וויסען וואס עס געפינט זיך אויפ'ן שוים פון זיינע מיטגעטער.

„ביסמאַרק דענקט צו געבען אַלגעמיינע עמאַנציפּאַציע!"

„אַלגעמיינע עמאַנציפּאַציע!" האָט ער אויסגעשריען.

„שטיל, שטיל! ווענט האָבען אויערען".

„דאַן האָב איך אים געמוזט באַגייסטערען".

„ניין. נאָר וואַרשיינליך יאָ".

„ווי מיינט איר? איז עס נישט מיין אידעע?"

„נישט ווילענדיגערהייט, קען זיין, אָבער איר האָט קיינמאָל נישט ווירקליך נקעמפּט דערפאַר. אייער איינציגער בייטראַג צו דער פּראַקטישער פּאָליטיק איז אַ נוצלאָזע באַמערקונג, אז דער פּאַרלאַמענט זאָל זיך אָפּהאַלטען פון אָפּהאַלטען זיצונגען, און אויף אזא אופן אָפּשניידען די לעבענס־מיטלען. פאַרשטייט זיך, אז אַלגעמיינע עמאַנציפּאַציע וועט איצט זיין די ערשטע זאַך אינ'ם פּראָגראַם פון אייער ארבעטער יוניאָן".

„סאָפיע!"

זי האָט געשמייכעלט און געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. „פאַרוואָס זאָל מען צושרייבען ביסמאַרק'ן", האָט זי אים איינגערוימט, „אַ זאַך, וועלכע איז פאַקטיש אייער אידעע? עס וועט אויסזען, אז איר צווינגט וי ארויס פון אים מיט דער מאַכט פון אייער נייער פּאַרטיי, וועלכע וועט האַלטען אין איין קלאַפּען אויף דעם פּונקט ווי די אַנטי־קאָרן־געזעץ מענטשען אין ענגלאַנד".

„יאָ, אָבער איך וועל נישט האָבען קייז שום מאַנטשעסטער שטאַטס־באַגריפען".

„איך ווייס, איך ווייס. אצינד אפילו ווען ביסמאַרק זאָל זיך

קווענקלען", — זי האָט נאָך שטילער געמורמעלט, — "לייכטען נאָך אויף אויסלענדישע פּאַרוויקליכונגען, וואָס וועלען אים מאַכען אומ־מעגליך צו איגנאָרירען די מאַסען. איצט פאַרשטיי איך, אז די לייפּ־ציגער אַרבעטער גיבען אייך אָנצוהערען, אז איר זאָלט זיי שרייבען אַן אָפענעם בריף".

„יאָ. אין דעם בריף וועל איך ראַטען צו גרינדען די פּערטע פּאַרטיי. איך וועל ערקלערען, אז די פּראָגרעסיסטען רעפּרעזענטירען אַבסאָלוט נישט דאָס פאָלק, אז זייערע פּרעטענזיעס זיינען פּונקט אַזוי חוצפּה'דיג ווי זייערע דראָאונגען זיינען פּוסט, אז עס איז גאָרנישט דאָ קיין פאָלק הינטער זיי. דאָס וועט זיין אַ דונער! אַזוי ווי לו־טער'ס צונעגלען זיין דרשה צו דער טיר פון דער קירך אין וויטענבערג. און צו די אמת'ע מאַסען אַליין וועל איך ערקלערען: איר זיינט דער פעלז, אויף וועלכען די קירך פון דער געגענוואַרט דאַרף אויפגעבויט ווערען. פאַרטיפט אייך אין דעם גדאַנק וועגען דעם, אייער מיסיע. די זינד פון די געדריקטע, די פולע גלייכגילטיגקייט פון די גדאַנק־לאָזע, און אפילו די אומשולדיגע גרינגקייט פון די אומוויכטיגע פאַסט אייך מער נישט! און איך וועל זיי לערנען ווי אַזוי אַרויסצוקריגען פונ'ם שטאַט דעם קאַפּיטאַל פאַר קאָאָפּעראַטיווע פאַראיינען, וואָס וועלען אַרויסשטויסען דעם קאַפּיטאַליסט".

„און מאַכען זיי אַליין פאַר קאַפּיטאַליסטען?"

„אָט אַנטקעגען דעם שטעלען זיך עס ראַדבערטוס און מאַרקס. אָבער איר מוזט געבען די אַרבעטער עפּעס באַשטימטעס, איר מוזט זיי שטופענווייז אויסבילדען".

„דאָס מעג זיין ביי אייך דאָס צווייטע, אויב איר ווילט, אָבער אַלגעמיינע עמאַנציפּאַציע מוז קומען צוערשט".

„נאַטירליך, דאָס וועט זיין דער אינסטרומענט צו צווינגען דאָס צווייטע".

„עס וועט זיין דער אינסטרומענט אייך צו צווינגען צום פּראָנט. ביסמאַרק וועט אויסזען ווי בלויז דער אינסטרומענט פון אייער ווילען. ווער וויים, דער קייזער אַליין קען נאָך זיין בלויז אַ שאַך־פיגור אויף אייער ברעט!"

לאַסאַל האָט אָנגעכאַפּט אירע הענט. „אין דעם דערקען איך מיין נשמה'ס חבר".

„און איך דערקען די שטים פון די פאַן בילאָווס", האָט זי געזאָגט מיט אַ האַלבען זיפץ און איר געלעכטער, ווען זי האָט זיך אויסגעשטרעקט אויף צוריק.

דאָס מיטאָג איז געווען גלענצענד, עס האָט צונויפגעמישט דעם דעליקאַטען ריח פון אַריסטאָקראַטיע מיט פריי און לייכטער באָהעמישקייט, און נאָך באַ'חנ'ט פון דעם קינסטלערישען הינטערגרונט פון בילדער, קינסטלערישע קליינינקייטען און מאַרמאָרנע קאָפּיעס פון די מייסטערשטיק פון סטאַטועז, איינגעשלאָסען ווענוס פון מילאָ און אַפּאָלאָ פון בעלוועדער.

די גרעפין איז געבליבען בלויז לאַנג גענוג אויסצוראַוויכערען עטליכע פּאַפּיראָסען, נאָר די אַנדערע געסט האָט עס גענומען לענגער אָפּצוטרייסלען דעם כשוף פון לאַסאַל'ס אינגליש געמיט און זיינע פרעכטיגע ענציקלאָפּעדישע מאָנאָלאָגען. ווען דער לעצטער גאַסט איז שוין געווען אַוועקגעגאַנגען, איז לאַסאַל אַוועק צום בעסטען בלומען־פאַרקויפער אין בערלין, און האָט פאַרפאַסט אַ געבורטסטאַג־ליד אויף'ן וועג. אין געשעפט האָט ער עס אויפגעשריבען, און נאָכדעם ווי ער האָט עס אונטערגעשריבען „פ. ל." האָט ער עס אריינגעלעגט אין דעם שענסטען קאָרב בלומען וואָס ער האָט געקענט געפינען. דער אַדרעס איז געווען פרייליין העלענע פאָן דעניגעס.

7

דער „אָפענער ענטפער־בריף" האָט נישט אויפגערודערט די וועלט ווי אַ לוטעראַנישע דרשה, אָבער ער האָט די פּראָגרעסיסטען זייער בייז געמאַכט. וואָס! זיי האָבען נישט געהאַט דאָס פאָלק הינטער זיך? זיי האָבען בלויז עקספּלואַטירט, נישט רעפּרעזענטירט דאָס פאָלק! און אין דער צייט וואָס די הויף־אָרגאַנען האָבען געלאַכט איבער דער זייטיגער אַטאַקע אויף זייערע פלאַפלענדיגע פריינט, האָבען די ליבעראַלע אָרגאַנען פאַרדאַמט לאַסאַל'ן אַז ער איז בלויז אַ לייכט ווינטעל פון רעאַקציע. די אַמאָליגע פריינט פונ'ם אַרבעטער, אין זייער איילעניש איבערצוקערען לאַסאַל'ס פּאָזיציע, זיינען אריינגעפאַלען אין זייערע אייגענע גריבער. שולדע־דעליטש אַליין, דער גרינדער פון קאָאָפּעראַטיווע אַרבעטער פאַראיינען, פאַרדאַמער פונ'ם מיטעלמענטש, האָט זיך איצט אַליין געפונען — דורך לאַסאַל'ס אומקאָמפּראָמיסליכען

אנאַליז — לויבענדיג גאַר דאָס געזעץ פון קאָנקורענץ, אין דער צייט וואָס דאָס אייזערנע געזעץ פון לוין, זייער טענדענץ צו פאַלען צום מינימום פון דערהאַלטונג (וואָס דאָס איז געווען צווישען די געזעצען פון אַלע אָרטאָדאָקסישע עקאָנאָמיקער), איז פאַרלייקענט געוואָרען דעם מאָמענט ווען מען האָט געקוקט אויף דעם מיט אומצוטרוי פונ׳ם שטאַנדפּונקט פון לוין־אַרבעטער. אַ הערקולישע אַרבעט איז איצט געפאַלען אויף לאַסאַל׳ן — אַ גרויסע רעדע פון פיר שעה אין פראַנק־פורט אַם מיין, די גרינדונג פון דער אַלגעמיינער דייטשער אַרבעטער יוניאָן, מיט זיך אַליין אַלס דיקטאַטאָר אויף פינף יאָר, פלאַמענדיגע רעדעס וואָס ער האָט געמוזט האַלטען פון שטאָט צו שטאָט, אַרויס־געבען פּאַמפלעטען געגען די פּראָגרעסיסטען, פּרואווען צו פאַרכאַפּען בערלין פאַר דער באַוועגונג, דער ערפאָלגרייכער קאַמף פאַר זיין אייגען רעכט. און צווישען דעם אַלעם שרייבען איינס פון זיינע וואונדער־ליכסטע און מעכטיגסטע ביכער, וואָס האָט אין איין צייט טיף באַלערט און ליידענשאַפטליך אָנגעצונדען דעם דייטשען אַרבעטער.

און אַלע מאָל דער אייגענער שמידהאַמער, וואָס האָט געשלאָגען אין דעם אייגענעם טשוואַק — אַלגעמיינע עמאַנציפּאַציע. קריגט דאָס און איר קענט אַלץ קריגען. האַלט נישט אין זיך קיין כעס געגען די קאַפּיטאַליסטען. זיי זיינען דער פּראָדוקט פון דער געשיכטע פּונקט ווי אייערע גליקליכערע קינדער וועלען זיין. אָבער פון דער אַנדערער זייט קיין איינשלאָפען, קיין אונטערגעבען זיך! וואַכט אויף! ענג־לישע אָדער פראַנצויזישע אַרבעטער וועלען מיר אין אַ רגע נאָכגיין. איר זיינט אַ באַנדע דינערס.

אין אַזאַ ווירבעל איז העלענע פאָן דעניגעס אַרויסגעשאָסען גע־וואָרען פון זיין קאָפּ אַזוי ווי אַ דריידעל וואַרפט אָפּ אַ שטרוי.

נאָך ווען ער איז נאָך עטליכע חדשים פון געוואַלטיגער אַרבעט, אומאויפהערליכער קאָרעספּאָנדענץ, נוצלאָזע פּרואוון צו איבערצייגען פריינט, קריגערייען מיט דער רעגירונג, קאַמף מיט די אינערליכע שוועריגקייטען פון דער יוניאָן אַליין, אַנטלאָפען אויף זיין זומער־רייזע — וואו איז געווען די גרויסע נייע פּאַרטיי? ער האָט גע־האָפט צו האָבען פינף הונדערט טויזענט מאָן הינטער זיך, אָבער זיי זיינען אַריינגעקומען קוים־קוים אין הונדערטער. מען האָט אַפילו גערעדט וועגען אַ פאַרזיכערונגס־באָנוס זיי צוצוציען. לאַסאַל האָט

איבערטריבען אי דעם מאגנעטיזם פון זיין פערזענליכקייט, אי די אינ־טעליגענץ און אומצופרידענהייט פון די מאסען. זיין מייסטערהאפטע פאנטאזיע האָט געמאכט די אויסערליכע וועלט פאר בלויז אן אָפּ־שפּיגלונג פון זיין אינערליכער וועלט. אפילו אין יענע ערשטע טעג, ווען ער איז קוים באקאנט געווען, און דאָס אויך גינסטיג מער ווי אנדערש, האָט ער זיך איינגערעדט, אז ער איז דער באליבטסטער פאר־האסטער ביי די באקוועמע קלאסען. קענענדיג די ראָלע וואָס ער האָט באצוועקט צו שפּילען, האָט זיין דראמאטיש זעלבסטבאוואוסטזיין שוין פריער איינגעזאמעלט די באלוינונג פונ'ם רעוואָלטירער. און איצט, כאָטש ער איז שוין געווען נענטער צו פארהאסונג ווי פריער, האָט ער נאָך אלץ נישט געהאט קיין רעוואָלוציאָנערע פארטיי צו פירען. אָבער ער האָט ווייטער געארבעט אומדערשראָקען, טיטאניש, אויסגעבענדיג זיין געלט צו סובסידירען אונטערגייענדיגע דעמאָקראטישע צייטונגען, באנוצענדיג זיינע זומער־רייזעס צו פּרואווען צוציען פּערזענליכקייטען אין די לענדער וועלכע ער איז דורכגעפאָרען, און וואו ער איז גע־בליבען אין א קוראָרט האָט ער אויסגענוצט די צייט אָנצושרייבען א גרויסע רעדע, מיט וועלכער ער איז ארומגעפאָרען אויפ'ן וועג צוריק. און איצט א נייער רוף! די שרעקעדיגע פארקויפטע פּרעסע מוז אָפּגעווישט ווערען. „אזוי אמת ווי איר זיינט דאָ, הערענדיג מיינע ווערטער, פאראינטערעסירט און פאַרטראָגען, אזוי אמת ווי מיין נשמה ציטערט מיט דעם ריינסטען ענטוזיאזם זיך אויסגיסענדיג אינ־גאנצען אין אייערע נשמות, אזוי אמת'דיג דרינגט אין מיר דורך די זיכערקייט, אז א טאָג וועט קומען, ווען מיר וועלען ארויסשיקען דעם דונער וואָס וועט באגראָבען אָט די פּרעסע אין אייביגער נאכט". ער האָט פאָרגעשלאָגען, אז מען זאָל ביי די צייטונגען דערפאר צונעמען זייערע אנאָנסען. וואָס זשע איז דער וואונדער, וואָס מען האָט אים באשולדיגט אין שפּילען ביסמארק'ס שפּיל! און ווירקליך האָט אין זיין רעדע נישט געפעלט א דירעקטע דערמאָנונג אָן ביסמארק'ן. ער איז ווייניגסטענס געווען א מאן, אין דער צייט וואס די פּראָגרעסיסטען זיינען געווען אלטע ווייבער. דער אָראטאָר האָט חוזק געמאכט פון זייערע פייערליכע דעמאָנסטראציעס. זיי זיינען געווען אזוי ווי די רוימישע שקלאפען, וואָס האָבען זיך אין דער צייט פון סאטורנאליעס געשפּילט אין פרייהייט. צו פארשפּאָרען זיך אן אמת'ן קאמף, האָבען

די געשלאָגענע געזונגען צווישען די וויינען און עסענוואַרג אַ הימן פון זיג. „לאָמיר אויפהויבען אונזערע אָרעמס און שווערען, אויב אָט די רעוואָלוציע זאָל קומען, אויף איין אופן אויף אָדער אויף אַן אַנדער אופן, צו געדענקען, אַז די פּראָגרעסיסטען און מיטגלידער פון דער נאַציאָנאַלער ליגע האָבען ביז צום לעצטען דערקלערט אַז זיי ווילען נישט קיין רע־וואָלוציע! שווערט דאָס צו טאָן, הויבט אויף הויך אייערע הענט!״ ביים סאָנינגען־מיטינג אין דער גרויסער שיעס־נאַלעריע האָבען זיי נישט נאָר אויפגעהויבען די הענט, נאָר זייערע מעסערס געגען שטע־רענדיגע פּראָגרעסיסטען. דער בירגערמייסטער, אַ פּראָגרעסיסט, פאָר־אויס פון צען זשאַנדאַרמען מיט באַיאָנעטען, און פּאָליציי־לייט מיט בלויזע שווערדען, האָט צוטריבען דעם מיטינג. לאַסאַל, האַלב נאָכ־געפאָלגט, האַלב ווייטער געטראָגען פון זעקס טויזענט פריידיגע אָנ־הענגער, איז אוועק צו דער טעלעגראַפען־קאַנטאָר, און האָט אוועקגע־שיקט אַ טעלעגראַם צו ביסמארק׳ן. זיין ארבעטער מיטינג איז צו־טריבען געוואָרען דורך אַ פּראָגרעסיסטישען בירגערמייסטער אָן שום לעגאַלער בארעכטיגונג. „איך בעט די שטרענגסטע, שנעלסטע לעגאַלע באפרידיגונג״.

8

ביסמארק האָט עס אָפּיציעל נישט גענומען אין אמבאַטראַכט. אָבער עס האָט נישט גענומען לאַנג ביז עס איז דער גרעפין געלונגען די צוויי מענער צוזאַמענצוברענגען. דער וועג איז ווירקליך געוועזן אויסגעפלאַסטערט. אויב לאַסאַל׳ס אידעאַליזם האָט איבערגעלעבט די ערפאַרונג פון די האַטצפעלדער פּראָצעסען, אויב ער האָט נאָך באַדאַרפט ערשט אויסגעפינען, אַז דער קעמפּער קען זיך נישט אויסקלייבען זיינע טריט אַזוי ציכטיג און לאַגיש ווי דער דענקער, האָבען יענע זומפּיגע פּראָצעסען, וואָס זיינען געקעמפּט געוואָרען אָן רחמנות פוןביידע זייטען, אים צוגעגרייט זיך גיך אויסצולערנען די לעקציע און זי אומ־דערשראָקען צו באַנוצען. ווען מען האָט נישט קיין מאַכט הינטער זיך, מוז מען זוכען דעם זיג מיט מער אומוועגען. אָבער ווי אַזוי זאָל זיך ביסמארק צוהערען צו אַ מאַן וואָס רעפּרעזענטירט נישט קיין מאַכט? וואָס האָט איר פּאָרצושלאָגען?

איז זיין עפענטליכער מאָטאָ: צו אָרעמע שלעק האָב איך גאָר־נישט וואָס צו זאָגען. לאַסאַל מוז דערפאַר נויטוועגדיגערווייז פאָר־

גרעסערען די וויכטיגקייט פון זיין אמט אַלס פּרעזידענט, ער דאַרף אַ
מאַך טאָן אַ באַוועגונג מיט זיין האַנט ווי עס וואָלט זיך עפּעס גע־
האַנדעלט וועגען אומצופרידענע מיליאָנען. האָט עס אויף ביסמאַרק'ן
געווירקט? ווער קען וויסען? אין שפּעטערע יאָרען, כאָטש ער האָט
אונטער דער צייט געגעבען אַלגעמיינע עמאַנציפּאַציע אין פּרייסען,
האָט ער געזאָגט דעם רייכסטאַג, אַז ער איז בלויז געווען באַצויבערט
פון דעם וואונדערליכען קאָנווערזאַציאָנאַליסט, וועלכער האָט אים
שעה'נווייז פאַרשאַפט פאַרגעניגען, און אים נישט געגעבען קיין געלע־
גענהייט צו זאָגען אַ וואָרט; פון דעם גרויסרעדנערישען דעמאַגאָג
אָן אַ דעמאָס, וועלכער האָט קלאָר ליב געהאַט דייטשלאַנד און איז דאָך
געווען אומזיכער צי די דייטשע אימפּעריע וועט פאַרמירט ווערען
דורך אַ האָהענצאָלערן דינאַסטיע צי דורך אַ לאַסאַל דינאַסטיע. און,
ווירקליך, אַזוי ווי עקסטרעמען באַגעגענען זיך, איז געווען אַ סך אין
לאַסאַל'ס באַגריף פונ'ם שטאַט, און אין זיין דייטשען פּאַטריאָטיזם,
וואָס האָט אים געמאַכט איידעל פאַרוואַנדט מיט דעם קאָנסערוואַטיווען
קאַנצלער. זיי האָבען שפּאַצירט אָרעם אין אָרעם אין די גאַסען פון
בערלין, ביסמאַרק ברייט אויפגעלעגט; זיי האָבען דיסקוטירט די
אַנעקסירונג פון שלעזוויג־האָלשטיין. ביסמאַרק האָט פאַרשפּראָכען
אי אַלגעמיינע עמאַנציפּאַציע, אי שטאַט־קאַפּיטאַליזירטע פאַראיינען.
„נאָר לאָמיר וואַרטען ביז די מלחמה וועט זיין פאַרביי!" דערווייל
איז דער פּראָפיט פון דער מאָדנער חבר'שאַפט מיט איר דאָרן אינ'ם
שונא'ס פלייש, געווען אינגאַנצען דעם קאַנצלער'ס. אָבער לאַסאַל, אָן
איבערגליקליכער ביז צום פאַרגעסען די קליינליכקייט פון זיין אָרמע
הינטער זיך, האָט זיך שיר נישט איינגערעדט צו גלויבען, אַזוי ווי ער
האָט געגלויבט, אַז ביסמאַרק גלויבט. „ביסמאַרק איז מיין אינסטרו־
מענט, מיין באַפאָלמעכטיגטער", האָט ער ערקלערט זיינע פריינט.
און צו זיינע ריכטער האָט ער געזאָגט: „איך שפּיל מיט אָפענע קאָר־
טען, מיינע הערען, ווייל די האַנט איז גענוג שטאַרק. עס איז מעגליך,
אַז איידער אַ יאָר וועט אַריבער, וועט אַלגעמיינע עמאַנציפּאַציע זיין
דאָס געזעץ פונ'ם לאַנד, און ביסמאַרק וועט האָבען געשפּילט די ראָלע
פון סער ראָבערט פּיעל". ער האָט אפילו געגעבען זיינע נאָכפאָלגערס
צו פאַרשטיין, אַז דער צוזאָג פונ'ם פּרייסישען קעניג צו באַטראַכטען
די לאַגע פון די שלעזישע וועבער איז געווען דער רעזולטאַט פון זיין

דרוק. און איז נישט דער בישאָף פון מאַינץ געווען אַן אָפּענער אָנ־הענגער? קירך, קעניג און מיניסטער, זעט איר נישט ווי זיי שלעפּען זיך אַלע נאָך נאָך די רעדער פון מיין רייטוואָגען? און דאָך איז אים אבסאָלוט נישט געלונגען צו אָרגאַניזירען אַ צווייג אין בערלין. און נייע קלאַנגען פאַר אויפרייצען צו האַס און פאַראַכטונג, און פאַר הויכ־פאַרראַט, זיינען געקומען צו פאַרקריפּלען זיין טעטיגקייט. „אויב איך האָב פאַרהערליכט פּאָליטישע ליידענשאַפט", האָט ער אויסגערופען אין זיין פאַרטיידיגונג, האָב איך בלויז נאָכגעפאָלגט העגעל׳ס מאַק־סים: ,קיין גרויסע זאַך איז קיינמאָל נשט געטאָן געוואָרען אין דער וועלט אָן ליידענשאַפט׳".

ער האָט געטראָגען עלעגאַנטע אָווענט־קליידער, מיט לאַקירטע שיך, דער איינציגער קאַלטער מענטש אין דעם שטיקענדיגען געריכט. שעה׳ן דורכאַנאַנד האָט ער גערעדט, מיט די אייביג בייטענדיגע אינ־טאָנירונגען פונ׳ם גרויסען רעדנער, וועלכער האָט אזוי שטודירט זיין קונסט, אַז זי איז געוואָרען זיין נאַטור. אָט איז ער געווען חנ׳עוודיג, איבערצייגענדיג, אָט איז ער געווען דראָענדיג, שרעקליך, אָט מיט אַ גרינגשעציגען שמייכעל און האַלב־פאַרמאַכטע אויגען פון פאַראַכטונג. און ער האָט כסדר צוריקגעוואָרפען זיין קאָפּ מיט דער חוצפה׳דיגער מאַיעסטעט פון אַ רוימישען אימפּעראַטאָר. אפילו ווען עס איז געווען אַ שטריך פון פערזענליכען פּאַטאָס, איז אַ טראַציגקייט באַלד נאָכ־געקומען. „איך פלעג גיין אין תפיסה אריין, ווי אַנדערע גייען צו אַ באַל, אָבער איך בין נישט מער יונג. תפיסה איז שווער פאַר אַ רייפען מאַן, און עס איז נישטאָ קיין פּאַראַגראַף אינ׳ם קאָדעקס, וואָס זאָל אייך באַרעכטיגען מיך צו שיקען אהין". און דאָך האָט מען אים געגעבען זעקס חדשים געפענגעניש, און דאָס מערסטע וואָס ער האָט געקענט ארויסקריגען דורך זיינע שאַרפזיניגע אומערשעפּליכע טעכ־נישע אַפּעלירונגען איז געווען, אַז זיין באַשטראָפונג זאָל אָפּגעלעגט ווערען.

אָבער עס איז געווען טרייסט אין די עראַינערונגען פון זיין זיג־רייכער טור דורך די ריינישע פּראָווינצען, וואו די יוניאָן האָט געשלאָ־גען די טיפסטע וואָרצלען. שטאָט נאָך שטאָט האָט געשיקט איר גאַנ־צע באַפעלקערונג אים צו באַגריסען. טויזענטער האָבען אים מיט אויסגעשרייען באַגעגענט ביי די באַנסטאַנציעס, און ער איז דורכגע־

נאַנגען אונטער טריאומף־בויגענס און דורך גאַסען וואָס האָבען גע־פלאַטערט מיט פענער, וואו ארבעטס־מיידלאך האָבען אים באַגריסט מיט אַ רעגען פון רויזען. „אַזעלכע סצענעס ווי די", האָט ער גע־שריבען צו דער גרעפין, „האָבען געמוזט פאָרקומען ביי דער גרינדונג פון נייע גלויבענס". און ווירקליך, ווען וויינענדיגע ארבעטער האָבען געקעמפט צו שלעפען זיין קאַרעטע, און ווען ער האָט געקוקט אויף דער ריזיגער מאַסע, וואָס האָט געפלייצט ארום אים, האָט ער זיך געמוזט דערמאָנען היינע'ס נבואה: „דו וועסט זיין דער משיח פון ניינצענטען יאָרהונדערט".

„איך האָב אויפגעהויבען אָט די פאָן", האָט ער אויסגערופען אין ראַנסדאָרף, „וויסענדיג גאַנץ קלאָר, אַז איך אַליין קען פאַלען. אָבער ווי זאָגט דער רוימישער פּאָעט: ‚הלואי זאָל פון אונזערע ביינער אויפשטיין אַ נקמה־נעמער און אַ נאָכפאָלגער!' זאָל אָט די גרויסע און נאַציאָנאַלע באַוועגונג פון ציוויליזאַציע נישט פאַלען מיט מיר. נאָר זאָל די שריפה וואָס איך האָב אָנגעצונדען זיך פאַרשפּרייטען וויי־טער און ווייטער אַזוי לאַנג ווי איינער פון אייך אָטעמט נאָך!"

דאָס זיינען געווען זיינע לעצטע ווערטער צו די ארבעטער פון דייטשלאַנד.

ווייל הינטער אַלע בלומען און פרייד־געשרייען וואָס פאַר אַ טראַגעדיע פון צובראָכען געזונט און צובראָכענע האָפענונגען! יעדע פייערדיגע רעדע האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ זיג איבער האַלז־קראַנק־הייט און איבער זיינע אייגענע אָנפאַלען פון סקעפּטיציזם. זיינע נערוועז, צוטרייסעלט פון דער שרעקליכער אָנשטרענגונג פונ'ם יאָר, די פיבערס, די אַנטוישונגען, די נוצלאָזע ענדערונגען פון שטאַנד־פּונקט, האָבען געמאָלען די אויסזיכט אַזוי שוואַרץ ווי זיי האָבען זי פריער געמאָלען רויט. און די זעקס חדשים געפענגעניש וואָס האָבען געהאַנגען איבער אים, האָבען נאָך געוואָונען שרעקען פון זיין פּיזישען צוזאַמענברוך. אפילו אויף זיין פּוכענעם בעט האָט ער נישט געקענט איינשלאָפען — וואָס נאָך אויף אַ נאַרע אין געפענגעניש?

ווען ער האָט אָנגעהויבען די יוניאָן, האָט ער זיך פאָרגעשטעלט, אַז ער וועט קענען ברענגען די סאָציאַליסטישע באַוועגונג צום העכסטען פּונקט אין אַ יאָר. ווען ער האָט נאָך אַ יאָר, אָנגעפּולט אַזוי ווי אַן אַנדערענס אַ גאַנץ לעבען, זיך געלאָזט איבעררעדען פון דער גרעפין

צו נעמען די מילך־קור אויפ'ן ריגהי, האָט ער מודה געווען פֿאַר זיין פריינט בעקער, אַז ער זעט נישט קיין נאָענטע האָפנונג סיידען פון אַן אייראָפּעאישער מלחמה.

9

אין אַ שטורעמדיגען טאָג אין סוף יולי, איז אַ שווייצאַריש אינגעל מיט קעלבערנע אויגען, טריפענדיג פון רעגען, אריינגעקומען אין דעם היגיענישען האָטעל, וואו לאַסאַל איז געזעסען פאַר'חלומ'ט מיט די פיס אויפ'ן קאַמין־געזימס, אים אָנזאָגען, אַז אַ הערליכע דאַמע וויל אים זען. זי איז געווען מיט נאָך מענטשען, וואָס האָבען זיך צוזאַמען באַשיצט פונ'ם רעגען אין אַ שוצהויז אין דער זייט פונ'ם באַרג. אַ גרויסער פּלאַן וואָס זיין צוריקקומענדיגע ענערגיע האָט געפּלאַנעוועט דורכצופירען אין האַמבורג, איז אים גלייך ארויסגעפלויגען פון קאָפּ.

ער איז אראָפּגעלאָפען, זיין האַרץ קלאַפּענדיג מיט אַ שלעכטען אָנזאָג, און צווישען אַ פרעמדער גרופּע מענטשען האָט ער דערזען די גאָלדענע האָר פון העלענע פאַן דעניגעס, וואָס האָבען געלויכטען ווי אַ שטערען. ער האָט עס גלייך אָנגענומען פאַר דעם שטערען פון זיין גורל. זיין קראַפט איז אַזוי ווי צוריק אריינגעפלאָסען אין אים אין פלינקע כוואַליעס פון גליענדיג בלוט.

„ביי אַלע גריכישע געטער", האָט ער אויסגערופען, „עס איז זי!"

אין אַ רגע זיינען זיי ווידער געווען פאַרליבטע, און איר אַמעריקאַנישע פריינדין און פאַרטרויטע, מיסיס ארסאָן, איז געווען פאַרכשופ'ט פון דער פרעכטיגער דערשיינונג, וועלכע העלענע האָט געטענה'ט, אַז זי האָט די דערשיינונג בלויז ארויסגערופען האַלב אין שפּאַס. דער ליבער אַלטער האָלטהאָף האָט איר געשריבען, אַז לאַסאַל געפינט זיך ערגיץ אויפ'ן ריגי, אָבער זי האָט נישט אויף אַן אמת געגלויבט, אַז זי וועט זיך אָנשטויסען אָן אים. זי האָט געליטען פון אַ נערוועזען צוזאַמענברוך, און בלויז דער צופאַל פון מיסיס ארסאָנ'ס פּלאַן פאַר אַ וואַקאַציע פאַר אירע קינדער, האָט איר געגעבען די מעגליכקייט צו פאָלגען דעם דאָקטאָר'ס עצה צו אָטעמען פרישע באַרגלופט.

„איך אָטעם די לופט צום ערשטען מאָל" האָט לאַסאַל געזאָגט. „ווייסט איר וואָס איך האָב געטאָן ווען אייער מלאך־אינגעל איז אריינ־

נעקומען? איך האָב געהאַלטען אין שרייבען צו האַלטהאָפ'ן און צום אַלטען בעק דעם פילאָלאָג אַז זיי זאָלען מיך רעקאָמענדירען צו אייער פאָטער. דאָס שפּיל האָט זיך שוין געצויגען לאַנג גענוג. מיר מוזען ענדיגען".

העלענע איז חנ'עוודיג רויט געוואָרען און האָט געקוקט אויף מיסים אַרסאָן מיט אַ בליק וואָס האָט געזוכט באַשיצונג פון און באַוואונדערונג פאַר זיין דרייסטקייט.

„איך מיין, אַז איר זיינט באַשאַפען געוואָרען איינער פאַר'ן אַנדערען", האָט זיך מיסים אַרסאָן אָנגערופען אַ באַצויבערטע. „איר זיינט דאָך אַזוי ווי אַ צווילינג. איר זיינט משפחה?"

„דאָס פרעגט יעדער איינער", האָט העלענע געזאָגט. „אפילו איידער מיר האָבען זיך באַקענט, זיינען מענטשען געווען אַזוי גערייצט פון נייגעריגקייט וועגען אים, אַז זיי פלעגען זאָגען, אַז איך רעד אַזוי ווי ער".

„דאָס איז דער בעסטער קאָמפּלימענט וואָס איך האָב ווען עס איז באַקומען — און נאָך הינטער מיינע פּלייצעס דערצו. אָבער דאָס איינע מאָל זיינען מענטשען גערעכט. איר ווייסט, אַז דער מאָלער וואָס איך האָב אים געגעבען אייער פּאָרטרעט צו באַגייסטערען אים פאַר דעם פרעסקאָ פון ברונהילדע'ן, האָט געזאָגט, אַז ווען ער האָט געצייכענט אונזערעביידענ'ס פּנים'ער, האָט ער אַנטדעקט, אַז זיי האָבען גענוי די אייגענע אַנאַטאָמישע סטרוקטור".

איר פּנים האָט אָנגענומען יענע כשופ'דיגע טייוולישקייט, וואָס מענער האָבען נישט געקענט ביישטיין.

„זיינען אייערע קאָמפּלימענטען צו מיר בלויז בומעראַנגען?"

„בומעראַנגען קומען בלויז צוריק ווען זיי פאַרפעלען".

ווען דער שטורעם האָט זיך איינגעשטילט, זיינען זיי אַרויף אויפ'ן באַרג און לוסטיג געשמועסט. מיסים אַרסאָן מיט אירע קינדער זיינען נעגאַנגען גאַנץ פון הינטען מיט זייער פירער. העלענע האָט באַוואונדערט לאַסאַל'ס שטעקען. ער האָט אים איר דערלאַנגט.

„דאָס איז געווען ראָבעספּיער'ס. פערסטער דער היסטאָריקער האָט אים מיר געגעבען. דאָס געשלאָגענע גאָלד פונ'ם הענטעל איז, פאַרשטייט זיך, די באַסטיל".

„ווי פּאַסיג", האָט זי געלאַכט.

„וואָס פּאַסט? די באַסטיל דעם שטעקען, ציי דער שטעקען מיר?"

„ביידע".

ער איז געוואָרען ערנסט.

„וואָס וואָלט איר געטאָן, ווען איך פאַרליר דעם קאָפּ?"

„איך וואָלט געשטאַנען דערביי ביז אייער קאָפּ וואָלט שוין געווען אָפּגעטיילט, כדי איר זאָלט קענען ביז׳ן לעצטען אויגענבליק קוקען אויף אייער געליבטער. דערנאָך וואָלט איך גענומען סם".

„מיין קלעאָפּאַטרע!"

איר אויפגעלעגט פּנים האָט זיך פאַרענדערט.

„אָדער חתונה האָבען מיט יאַנקאָ׳ן!"

„אָט דער שוואַכלינג — מען זעט אים נאָך אַלץ?"

ער האָט פאַרבראַכט דעם ווינטער מיט אונז. ער קוקט אויף מיר ווי אויף זיינער", האָט זי פיינליך געזאָגט.

„איך שנעל אים אַוועק. פּרוואווט נישט געהערען צו אימעצען אנדערש. איך זאָג אייך פּייערליך, אַז איך פאַרלאַנג אייך אַלס מיינע. מיר קענען זיך נישט אַנטקעגענשטעלען דעם גורל. אונזער היינטיגע באַגעגעניש באַווייזט דאָס. מאָרגען וועלען מיר צוזאַמען קלעטערען צו זען דעם זון־אויפגאַנג, — דעם זון־אויפגאַנג איבער די בערג. דער סימבאָל פון אונזער צוקונפט וואָס הויבט זיך אָן. דער הימעל עפענט זיך אין פּורפּור און גאָלד איבער די ווייסע בערג־שפּיצען — די ליבע קומט אריין אין אייער יונגפרוילעכער ריינקייט".

זי האָט שוין איצטער געפילט ווי אַמאָל, גלייך אַ שטורעמדיגער ים טראָגט זי. אָבער דער שטורעם און דער עקסטאַז האָבען זיך געהאַט זייער געמיש פון שרעק. זיין מיט אים האָט געמיינט נישט מער זיין אַליין, נאָר אַ היפּנאָטיזירטע פּרעמדע. אפשר איז זי געווען נישט קלוג ארויסצורופען אָט די באַגעגעניש. זי האָט באַדאַרפט געדענקען, אַז מיט אים טאָר מען נישט קאָקעטירען. ס׳איז אַלצאיינס ווי צושטעקען אַ שוועבעלע צו אַ פּולווער־שאַכטעל זיך אַנצוואָרעמען די פינגער. מיט יעדען אַנדערען מאַן קאָן מען שפּילען. אָבער דער האָט דיך פאַרשלונגען.

„אָבער פּרינץ יאַנקאָ האָט קיינעם נישט אויסער מיר", האָט זי

פרובירט פראָטעסטירען. „מיין קליינער מאַרישער פאַזש, מיין יונגער אָטעלאָ!"

„האַלט אים פאַר אַ פאַזש. אָטעלאָס איז אַמבעסטען צו לאָזען בחורים. געדענקט דעסדעמאָנע'ס שיקזאַל".

„איך וועל אייךביידען אויפגעבען", האָט זי זיך געצערטעלט. „איך וועל גיין אויף דער בינע".

„איר!"

„יאָ. יעדער איינער זאָגט, אַז איך בין אויסגעצייכענט אין בור־לעסק. איר דאַרפט מיך זען פאַרשטעלט פאַר אַ אינגעל".

„אָ, קינד! איר נויטיגט זיך נישט אין קיין זיג אין דער שוי־שפּילערישער וועלט. אייער ראָלע איז גרעסער".

„אָ, איך בעט אייך, לאָמיר וואַרטען אויף מיסיס אַרסאָן. איר גייט צו גיך".

„ניין, איך גיי נישט צוגיך. איך האָב געוואַרט אַ יאָר אויף אייך. ווען זאָלען מיר חתונה האָבען?"

„נישט פאַר אונזער חופה־טאָג".

„איר ווילט אייך אַרויסדרייען, העלענע!"

„גרויזאַמער פערדינאַנד! בעט ביי מיר וואָס איר ווילט, נאָר נישט קיין ווילענסקראַפט".

אַ קליין הוסטעלע איז נאָכגעקומען אונטערצושטרייכען איר שוואַכקייט.

„מיין טייערע!", האָט ער אויסגערופען טיף גערירט. „מיר וועלען אַנטלויפען קיין עגיפּטען אָדער קיין אינדיע. איך וועל אוועק־וואַרפען די פּאָליטיק און די אַלע געשעפטען. איך וועל מיך ווידער אָפּגעבען מיט מיינע ביכער און מיין וויסענשאַפט, און איך וועל אָפּ־היטען מיין שוואַך מיידעלע ביז זי וועט ווידער ווערען די וואונדער־ליכע אַמאָליגע ברונהילדע!"

„ניין, ניין, איך בין נישט קיין ברונהילדע. בלויז אַ מאָדערנע פרוי מיט נערוועןֿ — די ווייבליכסטע פרוי אין דער וועלט, אומפאַר־אַנטוואָרטליך, קאַפּריזנע — איך בעט אייך, איך בעט אייך, געדענקט דאָס".

„ווען איר וואָלט נישט געווען איר אַליין, וואָלט איך אייך נישט ליב געהאַט".

„אָבער עס קען פון דעם גאָרנישט ווערען".

„עס קען נישט? דאָס וואָרט איז פאַר קאַליקעס".

„אָבער מיין מוטער?"

„זי איז א פרוי — איך וועל רעדען מיט איר".

„מיין פאָטער!"

„ער איז א מאַן, מיט מענער קען מען זיך אַלע מאָל אויסגלייכען. זיי האָבען שכל. אויסערדעם, זאָגט איר מיר, אז ער איז א שריפט־שטעלער, וועל איך לייענען זיינע באַרימטע ביכער".

זי האָט קוים געשמייכעלט. „אָבער איך בין דאָך אויך דאָ".

„איר זיינט איך אַליין — און איך צווייפעל קיינמאָל נישט זיך אַליין".

„אָ, אָבער עס זיינען פאַראַן דאָך בערג מיט אנדערע שוועריג־קייטען".

„עס זיינען נישטאָ קיין אנדערע".

זי האָט חנ'עוודיג אַרויסגעשטעלט די ליפּען. „איר ווייסט נאָך נישט אַלץ אונטער דער זון".

„אונטער אייער קרוין האָר, מיינט איר?"

„און אז איך מיין טאַקע?" האָט זי צוריקגעשמייכעלט. „איר דאַרפט מיר צופיל נישט געטרויען. איך בין אַן איבערגעפירט קינד — ווילד, אומגעצוימט, נישט צוגעוואוינט צופרידענצושטעלען אַנדערע, חוץ דורך צופרידענשטעלען זיך אַליין".

איר שוישפּילער־נאַטור האָט הנאה געהאַט פון דעם בילד פון זיך אַליין. זי האָט געפילט, אז באַדלער אַליין וואָלט עס באַוואונדערט.

לאַסאַל'ס ענטפער איז געווען זייער פיין געשטימט: „מיין סאַטאַנישע צויבערין! מיין כשופ'דיג קינד פונ'ם טייוועל".

„ווער ס'נאַרט זיך אַליין אָפּ איז אַ נאַר. ווען איך האָב געוואוינט אין ווענעדיג אין יענער קעניגליכער באַהעמיע, וואו מוזיקער האָבען זיך געריבען די עלענבויגענס מיט גרויס־הערצאָגינס, און דער קעניג פון בייערן האָט אויסגעטוישט עפּיגראַמען מיט בולווער ליטאָן, ווייסט איר ווי מען האָט מיך גערופען?"

„די קעניגין פון אַלע נאַרישקייטען!"

„איר ווייסט?"

„האָב איך נישט געליבט מיין ברונהילדע איידער מיר האָבן זיך באַגעגענט?"

„יאָ, און איך האָב געוואוסט וועגן אייך. נאָר איך האָב אייך צוערשט נישט דערקענט, ווייל זיי האָבן מיר געזאָגט, אז איר זיינט א שווידערליכער דעמאַגאָג און א—א—א—איד!"

ער האָט געלאַכט. „האָט איר אַלזאָ ערוואַרט א לאַנגע קאַפּאָטע. אָבער בולווער ליטאָן האָט דאָך אייך זיכער געמוזט געבען א פּרעזענט א קאָפּיע פון „לײלא". געדענקט איר נישט דאָרט דעם איד? ווען איך בין געווען א אינגעל, האָב איך געהאַט זיין אידעאַל — צו באַ־פרייען מיין פאָלק. נאָר אויב מיין אידישקייט באַליידיגט אייך, קען איך ווערען א קריסט — פאַרשטייט זיך, נישט אין גלויבען, נאָר —"

„אָ, פאר קיין וועלטען נישט. איך גלויב אַליין צו ווייניג צו דרייען א קאָפּ וועגען רעליגיע. מיינע פריינט רופען מיך דער גריך, ווייל איך קען לייכט גלויבען אין א סך געטער, אָבער מיט גרויס שווערקייט אין איינעם".

ער האָט געלאַכט. „דאָס אייגענע אין ליבע?"

אירע אויגען האָבן טייוואליש אויפגעלויכטען.

„יאָ. ביז איצטער ווייניגסטענס איז קיינמאָל איין מאַן נישט גענוג געווען. ווען איך האָב געהאַט בלויז איינעם, האָב איך צייט געהאַט צו זען אַלע זיינע חסרונות, און פון מיין ערשטען געליבטען אָן, א רוסישען אָפיציער, וואָלט איך אַלע מאָל בעסער פאַרגעצויגען צו האַלטען דריי מעסערס טאַנצענדיג אין דער לופטען. נאָר אַזוי ווי דאָס איז געווען אוממעגליך, האָב איך געוויינליך צוטיילט מיין ברויט אויף צוויי".

די בערג האָבען געקלונגען מיט זיין געלעכטער.

„מילא, איך האָב נישט געלעבט ווי קיין היילינער, און איך קען נישט ערוואַרטען, אז מיין פרוי זאָל ברענגען מער ווי איך".

„איר ברענגט צופיל. איר ברענגט יענע גרעפין".

„מיין טייערע העלענע", האָט ער געזאָגט פּלוצלינג ערנסט. „איך בין אבסאָלוט פריי וואָס אַמבאַלאַנגט די גרעפין, פּונקט ווי זי איז שוין לאַנג פריי פון מיר. פאַרשטייט זיך, אז זי וועט ביים ערשטען קלאַפּ זיך פילען געגען מיין הייראַט מיט א דיסטינגירטע יונג מיידעל, וואָס שטייט אינטעלעקטועל אויף איין שטופּע מיט איר. דאָס איז מענטש־

ליך, פרויליך, נאַטירליך. אָבער ווען זי וועט אייך קענען, וועט זי אייך פאַרגעטערען, און איר וועט איר צוריקצאָלען מיט דעם איינענעם, ווייל זי איז מיין צווייטע מוטער. איר פאַרשטייט זי נישט. די ליבע גרעפין באַגערט נישט קיין אַנדער גליק ווי נאָר מיך צו זען גליקליך".

„און דערפאַר", האָט העלענע ציניש געזאָגט, „וועט זי אייך וואָרענען זיך אויסצוהיטען. זי וועט אויספאָרשען אָלע מיינע קליינע פאַרברעכענס געגען דער הייליגער דייטשער מאָראַל —"

„מיך אַרט נישט וואָס זי וועט אויספאָרשען. אָלץ וואָס איך בעט אייך איז, זייט אַ מאָנאָטעאיסט פון איצט אָן".

„איצט בעט איר מיך, אַז איך זאָל ווערען אַ אידישקע".

„איך בעט אייך בלויז צו ווערען מיין פרוי".

ער האָט ליידענשאַפטליך אָנגעכאַפּט אירע הענט. זיינע אויגען האָבען אַזוי ווי אויסגעטרונקען זי. זי האָט ארומגעפלאַטערט, און הנאה געהאַט פון איר פויגעלשער הילפלאָזיגקייט.

„נעמט אַוועק אייערע אויגען, מיין קעניגליכער אָדלער!"

„דו ביזט מיין! דו ביזט מיין!" האָט ער געשריען.

„איך בין מיין פאָטער'ס — איך בין יאַנקאָ'ס", האָט זי הייס געאָטעמט.

„זיי זיינען שאָטענס. הער זיך צו צו זיך אַליין. זיי טריי צו זיך אַליין".

„איך האָב נישט קיין זיך. עס זעט אויס אַזוי עגאָאיסטיש צו האָבען אין זינען זיך אַליין. איך בין וואָס איך וויל — אַ פעע, אַ גייסט, אַן עלף". זי האָט מיט אַ פלוצימדיגען דריי אַרויס באַפרייט אירע הענט און איז לאַכענדיג ארויפגעלאָפען אויפ'ן באַרג.

„צום זונאויפגאַנג!" האָט זי געשריען. „צום זונאויפגאַנג!"

ער האָט זי נאָכגעיאָגט: „צום זונאויפגאַנג! צום סימבאָל!"

10

אָבער צומאָרגענס אינדערפרי איז דער סימבאָלישער זונאויפגאַנג, וועלכען זיי זיינען אויפגעשטאַנען זען, געווען באַהאַלטען פון נעפּעל און רעגען.

און — וואָס עס האָט לאַסאַל'ן נאָך מער אנטוישט — מיסיס ארסאָן איז באַשטאַנען אויף דעם, אַז זי מוז אַנטלויפען מיט אירע

קינדער פון דעם דריקענדיגען קלימאַט, און מוז צוריק אראָפּפאָרען קיין וואַבערן, דאָס דאַרף ביי בערן, וואו זיי זיינען איינגעשטאַנען.

אפילו לאַסאַל׳ס צויבערליכקייטען און איבעררעדערייען האָבען נישט געקענט ווירקען געגען דעם פאַר׳עקשנ׳טען פליוך־פליוך פונ׳ם רעגען, און דעם קאַלטליכען נעפּעל, און אפשר אויך געגען די אומרואיגע שטעך פון איר דערוואַכענדיג באַגלייטערינ׳ס־געוויסען. און ער האָט אויך נישט געקענט אַרויסקריגען קיין אַנטשלאָסענעם „יאָ" פון זיין פלאַטערדיגער פליענדיגער באַצויבערין. אין קאַלטבאַד, וואו זיי האָבען זיך געזעגענט, האָט ער געדריקט אירע הענט מיט ליידענשאַפט. „אויף אַ קורצער וויייל זיי קלוג און שטאַרק! דו האָסט די גוטסקייט פון אַ קינד — און אַ קינד׳ס ווילען. אָ, ווען איך וואָלט געקענט אריינגיסען אין אָט די בלויע אָדערען" — ער האָט זי ווילד געקושט — „בלויז איין טראָפּען פון מיין ריזען־ווילען, פון מיין טיטאַנישער ענערגיע. נעם אָן מיינע הענט. אפשר קען איך עס טאָן דורך מאַגנעטיזם. איך וויל פאַראייניגען אונזערע לעבענס. דו מוזט אויך וועלען. דאַמאָלסט זיינען נישטאָ קיין שוועריגקייטען. זאָג בלויז ׳יאָ׳ — אָבער ענדגילטיג, נישט צווייידייטיג, מיט דיין אייגענעם פרייען ווילען — און איך בין פאַראַנטוואָרטליך פאַר דעם איבעריגען".

דער געדאַנק וועגען יאַנקאָ איז מיט פּיין צוריקגעקומען, ווען זיין ריזען־ווילען איז געבליבען פון הינטען אויף די בערג. ווי אומגעטריי זי וואָלט געווען צו אים — איר שיין איידעל איינגעל!

דעם ווילען פונ׳ם ריז געלאָזט הינטער זיך? העלענע האָט קיינמאָל קיין גרעסערען טעות נישט געמאַכט. פּונקט פאַרקערט! ער איז געגאַנגען פאַראויס פון איר אַ גאַנצען טאָג ווי אַ פייער־זייל. ביים ערשטען אָפּשטעל־פּלאַץ האָט שוין אויף איר געוואַרט אַ בריף, וואָס אַ פלינקער שליח האָט געבראַכט. אביסעל נידעריגער אַ טעלעגראַמע. ווען זי איז אַראָפּ פון איר פערד — נאָך אַ בריף. אין איר האָטעל — צוויי לאַנגע טעלעגראַמעס. ווען זי איז אַרויף אויף דער שיף אויפ׳ן טייך, אַ לעצטער בריף — אַלע פול מיט ליידענשאַפט, דערמוטיגונג, בעטענדיגע אָנזאָגענישען זיך גוט איינצוהילען.

זיך גוט איינצוהילען! ער האָט איינע איינגעהילט אין זיך!

האַלב פאַר׳כשופ׳ט, האַלב באַגערענדיג פרייע לופט, אָבער פול מיט קאָמפּלימענטען און פאַרליבט, האָט זי גלייך געשריבען אָפּצו־

ברעכען מיט יאנקאָ און זיך אונטערגעבען צו איר סאטאנישען פערדינאַנד.

„יאָ, פריינט שטן, דאָס קינד וויל! אַ טראָפּען פון דיין טייוולִיש בלוט איז אריין אין אירע אָדערען. איך בין דיינע אויפ'ן לעבען. אָבער צוערשט פּרוואוו לאָגישע מיטלען. באַקען דיך מיט מיינע עלטערען, באַהאַלט דיינע הערנער און דיין עק, פּרואוו און געווין מיך ווי אַ בורזשוא. אויב דאָס וועט נישט גיין, איז אַלע מאָל דאָ עגיפּטען. אָבער שנעל שנעל: איך קען נישט פּאַרטראָגען קיין סצענעס און אָפּלייגענישען און דערקלערונגען. ווען מיר זיינען שוין פאַרהייראַט, זאָל די געזעלשאַפט אויסגלאָצען די אויגען. מיט דיר אויף וועמען זיך אָנצולענען פייף איך אויף דער וועלט. די שטערונגען זיינען ריזיג, אָבער דו ביזט אויך אַ ריז, וועלכער צושמעטערט מיט גאָט'ס הילף פעלזען אויף זאמד, וואָס אפילו מיין אָטעם קען אוועק־בלאָזען. איך מוז דערשטעכען דעם שיינעם חלום פון אַן איידעלען יונגלינג, אָבער אפילו דאָס — ווי שוידערליך פיינליך עס איז נישט פאַר מיר — טו איך פאַר דיר. איך זאָג גאָרנישט וועגען מיינע עלטערען'ס אַנטוישונג, וועגען דעם ווייטאָג פון אַלע וועלכע איך ליב און רעספּעקטיר. איך שרייב צו האַלטהאָפ'ן, מיין קאָנפעסיאָנס־פאָטער. מיר מוזען אים האָבען פאַר אונז, מיט אונז, נעבען אונז. גאָט האָט אונז באַשערט איינס פאַר ס'אַנדערע".

אַ טעלעגראַמע האָט געענטפערט: „בראַוויסימאָ! איך בין אויפ'ן וועג צו דיר".

און צו דער גרעפין, וועלכע האָט געקעמפט מיט רומאַטען ביי די וואַסערען פון ווילדבאַד אין שווארצען וואַלד, האָט ער געשריבען: „דער רעגען איז פאַרביי, דער לאַנגער נעפּעל איז אוועק. די בערג ווייזען זיך מעכטיג און בלענדענדיג, באַרגשפּיץ הינטער באַרגשפּיץ, ווי די הויכען פון אַ לעבען. וואָס פאַר אַ זונאונטערגאַנג! דער אייגער האָט אויסגעזען ווי איינגעהילט אין אַ פּאַרע פון ברענענדיג גאָלד. מיינע ליידען זיינען כמעט אינגאַנצען אָפּגעווישט. איך בין פול מיט פרייד, פול מיט לעבען און ליבע. און איך האָב אויך ענדליך געמאַכט אַ סוף צו דער שרעקליכער קאָרעספּאָנדענץ פאַר דער יוניאָן. זעקס און זיבעציג זייטלאַך געדיכט באַשריבען האָב איך געשיקט קיין בערלין נעכטען און היינט, און איך קען איצט ווידער אָטעמען. אין מיין

נעכטיגען בריף האָב איך אייך געלאָזט וויסען וועגען העלענע'ן. איך בין אויסערגעוויינליך מזל'דיג ביי נאָענט פון פערציג צו געפינען אַ ווייב אַזוי שיין, אַזוי סימפּאַטיש, וועלכע ליבט מיך אַזוי שטאַרק און וועלכע, ווי איר און איך האָבען איינגעשטימט, איז מיר אַזוי נויטיג, איז אינגאַנצען פאַרשלונגען אין מיין פּערזענליכקייט. אין אייער לעצטען בריף גיסט איר קאַלט וואַסער אויף מיין געפּלאַנטער רייזע קיין האַמבורג. און קען זיין, אַז איר זיינט גערעכט, ווען איר האַלט מיין פּלאַן פאַר נישט אַזוי גרויס און קריטיש ווי איך האָב מיר פאָרגעשטעלט. אָבער ווי איר מיספאַרשטייט מיינע מאָטיווען ווען איר שרייבט: ,קענט איר נישט, ביז איר וועט ווידער געזונט ווערען, געפינען אויף אַ ווייל צופרידענהייט און וויסענשאַפט, אין פריינט־שאַפט, אין נאַטור?' איר גלויבט, אַז פּאָליטיק איז דער אָטעם פון מיינע נאָזלעכער. אָ, ווי ווייניג איר קענט מיך! איך האָב נישט קיין שטאַרקערען באַגער ווי לויז צו ווערען פון דער גאַנצער פּאָליטיק, און זיך אָפּגעבען אינגאַנצען מיט וויסענשאַפט, פריינטשאַפט און נאַטור. איך בין שוין טויט מיד פון פּאָליטיק. איך וואָלטווירקליך אַזוי ליידענשאַפטליך געברענט פאַר דער פּאָליטיק ווי יעדער איינער, ווען עס וואָלט געווען עפּעס ערנסטעס צו טאָן, אָדער ווען איך וואָלט געהאַט די מאַכט אָדער געזען די מיטלען, מיטלען וואָס זאָלען זיין ווירדיג פאַר מיר. ווייל אָן העכסטער קראַפט קען מען גאָרנישט טאָן. פאַר קינדער־שפּיל ווידער, בין איך צו אַלט און צו גרויס. דערפאַר האָב איך עס זייער איבערלייגט אָנגענומען די פּרעזידענטשאַפט. איך האָב בלויז אייך נאָכגעגעבען, און דערפאַר ליגט עס איצט אויף מיר אַזוי שרעקליך שווער. ווען איך וואָלט נאָר לויז געוואָרען פון דעם, וואָלט איך אויסגעקליבען דעם איצטיגען מאָמענט אוועקצופאָרען מיט אייך קיין נעאַפּאָל. אָבער ווי אַזוי קען איך דערפון לויז ווערען? ווייל די געשעענישען, האָב איך מורא, וועלען זיך לאַנגזאַם אַנטוויקלען, אַזוי לאַנגזאַם, אַז מיין ברענענדיגע נשמה געפינט נישט קיין אינ־טערעס אין אָט די קינדער־קראַנקהייטען און קליינינקע פאָרטשריטען. פּאָליטיק מיינט ווירקליכע, באַלדיגע אַקטיוויטעט. אַז נישט קען מען פּונקט אַזוי גוט אַרבעטען פאַר דער מענטשהייט דורך שרייבען. איך וועל נאָך אַלץ פּרואווען אויסצואיבען אין האַמבורג אַ דרוק אויף די געשעענישען. אָבער אויף ווי ווייט עס וועט האָבען אַ ווירקונג, ווייס

איך נישט. און איך זאָג מיר נישט צו קיין סך דערפון. אָ, ווען איך וואָלט נאָר געקענט אַרויס פון דעם!

„העלענע איז אַ וואונדערליך באַשעפעניש, די איינציגע פּער־זענליכקייט, מיט וועלכער איך קען חתונה האָבען. זי קוקט אויס אויף אייער פּריינטשאַפט. איך ווייס עס. ווייל איך בין אַ גוטער באַאָבאַכטער פון פרויען און זע עס נישט אויס צו זיין. דאָס ליבע טייוולישע קינד, ווי יעדער איינער רופט זי אין זשענעוואַ, האָט אַ טיפע סימפּאַטיע צו אייך, ווייל זי איז, ווי געטע דריקט זיך אויס, אַן אָריגינעלע נאַטור. בלויז איין חסרון, אָבער אַ ריזיגער. זי האָט נישט קיין ווילען. אָבער ווען מיר וואָלטען געוואָרען מאַן און ווייב, וואָלט דאָס אויפגעהערט צו זיין אַ חסרון. איך האָב גענוג ווילען פאַר צוויי, און זי וואָלט געווען די פּלייט אין די הענט פון'ם קינסט־לער, אָבער ביז דאַמאָלסט — ״

די גרעפין האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר אַ גוטהאַרציגער קאַ־סאַנדראַ. זיין איילעניש, האָט זי געענטפערט, וואָלט רואינירט זיין אַ דעאַל. ער האָט דאָ געהאַט צו טאָן מיט פיליסטערס. דער פאַ־טער איז געווען אַ מענש פון נישט ווייניג זעלבסטאַכטונג — ער איז געווען דער געערטער לערער פון מאַקסימיליאַן דעם צווייטען, און איז איצט געווען שטאַרק גינסטיג אין בייערישען הויף, און האָט אפילו געהאַט צו זאָגען איבער אוניווערסיטעטליכע און קינסט־לערישע שטעלען. אַ סאָציאַליסט וואָלט געווען באַזונדערס געגען זיין געשמאַק. צוואַנציג יאָר צוריק האָט אים וואַרנהאַגען פאָן ענזע געהערט האַלטען אַ לעקציע וועגען קאָמוניזם — גוטמוטיג, וויציג, געצויגען די אַקסלען אַ בער די אָרעמע, פאַנטאַסטישע נאַראָנים, וואָס האָבען נישט פאַרשטאַנען אַז די וועלט איז געווען אויסגע־צייכענט אַראַנזשירט יאָרהונדערטען איידער זיי זיינען געבוירען געוואָרען. העלענע אַליין, מיט איר שוואַכען ווילען, וועט זיך נישט קענען אַנטקעגען שטעלען איר משפחה. איידער ער גייט זיך זען מיט אירע עלטערען, וואָלט נישט געווען בעסער אַז ער זאָל פריער אָפּוואַרטען צו זען וואָס עס וועט זיין דער סוף פון זיין פּראָצעס? אויב ער זאָל דאַרפען צייטווייליג פאַרלאָזען דייטשלאַנד צו אַנטלויפען פון זיין געפאַנגענשאַפט, וואָלט דאָס נישט געווען אַ גינסטיגע געלע־גענהייט זיך אָפּצוגעבען מיט זיינע ליבעס־אַפערעס אין דער שווייץ?

און עס איז דאָך אזא שאָד אוועקצואווארפען זיין מילך־קור! „איבּ־ריגענס, ווינש איך אייך ערפאָלג, מיין ליב קינד, כאָטש איך וועל מיך פולשטענדיג פאַרלאָזען בלויז אויף מיינע אייגענע אויגען. אין פרויען־פראגען האָט איר נישט קיין שכל און נישט קיין אורטייל".

לאסאל'ס ענטפער איז געווען דאָס איינשליסען אַ שיינעם בריף פון העלענע'ן, אין וועלכען זי האָט אונטערטעניג געבעטען דער גרע־פין'ס ליבשאַפט. זאָלען זיי צוזאַמען וואכען איבער דעם קראַנקען אָדלער. זי אליין איז בלויז אַ קינד, און זי וועט זיך אָפּגעבען מיט יעדער קינדישער נארישקייט צו פארטרייבען די וואָלקענס פון זיין שטערען. זי וועט פרואווען צו פארשטיין זיין הערליכע נשמה, זיין ריזיגען פארשטאַנד, און אין פרייד און אין לייד וועט זי פארבלייבען געטריי און פעסט ביי זיין זייט.

די גרעפין האָט געקנייטשט דעם שטערען. איז לאסאל שוין אַלזאָ מיט דער העלענע אין בערן.

11

עס איז געווען אַ וואָך פון זיס גליק, איינגעטוליעט אין די איי־ביגע בערג, צונויפגעמישט מיט הימלען און וואסערען.

מיט אַ דינסטפארטיגער באַגלייטערין, וואָס האָט קיין דייטש נישט געקענט, האָט דאָס פּאָרעל געקענט טאָן און זאָגען וואָס עס האָט זיך זיי געגלוסט. לאסאל, אראָפּוואַרפענדיג פון זיך די שווערע לאַסטען פון נביא און פּאָליטיקער, איז בלויז געווען אָט אַ גלענצענדיגער ליב־האָבער און אָט אַ יונגעל מיט אַ גליקליך הארץ. עס איז כמעט געווען אַ האָניג־חודש. אָט זיינען זיי געווען קינדער מיט די אַלע איבער־פילטע ליבעס־שפּילען פון פארבונדענע געליבטע. אָט זיינען זיי געווען אויף די הויכען פון אינטעלעקט, רעדענדיג וועגען פּאָעזיע און פילאָ־זאָפיע, און לעזענדיג לאסאל'ס ווערק. אָט האָבען זיי דיסקוטירט באָל־זאַק'ס „פיזיאָלאָגיע פון הייראַט". אָט איז לאסאל געווען אַ גרויסער הונט, און אַרומגעשפּרונגען פאַר זיין קאַפּריזנער הארין. „לייג דיך, מיין האר", האָט זי איינמאָל אַ געשריי געטאָן, ווען ער האָט איר גע־לייענט אַ ליד. און מיט קלאַנגען פון האַמערישען געלעכטער האָט פערדינאַנד דערקלערט, אז זי האָט געפונען דעם איינציגען אנשטענ־דיגען וועג אים איינצושטילען. „אויב דו וועסט נאָך אַמאָל זיין מיט

מיר אומצופרידען, דארפסטו בלויז זאָגען ,לייג דיך, מיין האר!' " און ער האָט אָנגעהויבען לוסטיג צו בילען.

און אין דעם פייער פון אָט דעם גליק איז זיין געפיל פון פּאָלי־טישען דורכפאַל ווי אַ פּארע אויסגעגאַנגען. ער האָט אויפגעבליט, זיך צעוואַקסען, צוריקגעוואָרפען זיין קאָפּ אויף זיין אַלטען, קעניגליכען שטייגער. „אויף מיין וואָרט!" האָט ער געזאָגט, אומגייענדיג פיבער־דיג אויף און אָפּ איבער דער שטוב, „דו האָסט דיר נישט אויסגעקליבען קיין שלעכטען גורל. דו האָסט עפּעס אַן אָנונג וואָס פערדינאַנד לאַ־סאַל'ס ווייב וועט זיין? קוק מיך אָן!" ער איז געשטאַנען שטיל. „זע איך אויס צו זיין אַ מענטש, וואָס קען זיין צופרידען מיט אַ צווייטער ראָלע אין שטאַט? מיינסטו, אַז איך גיב אַוועק דעם שלאָף פון מיינע נעכט, דעם מאַרך פון מיינע ביינער, די קראַפט פון מיינע לונגען, ארויסצוציען אימעצען אַנדערש'ס קאַשטאַנעס פונ'ם פייער? זע איך אויס ווי אַ פּאָליטישער מארטירער? ניין! איך וויל טאָן, קעמפען, און אויך דערגרייכען די קרוין פון זיג, אַז איך זאָל זי קענען אָנטאָן אויף דיין שטערען".

אַ זעאונג פון שטורעמדיגע גאַסען און בלומען־טויערען פון די דייטשע שטעט האָט פאַר אים אַ בליץ געטאָן. „הויפּט פונ'ם פאָלק, פּרעזידענט פון דער דייטשער רעפּובליק, — דאָס איז דאָס איינציגע אמת'ע קעניגטום. אָט דאָס זיינען קעניגען אַמאָל געווען — ריזען פון מאַרך און מח. קעניג — איינער וואָס ווייסט, איינער וואָס קען! זיין דער קאָפּ איז פאַר אַ קאָפּ. וואָס מיינט אָט די חוזק'דיגע דינ־ניטעט וואָס ליגט אויף די ליגנערישע פּנים'ער פון ווינקענדיגע הויפּ־לייט? וואָס מיינט אָט דער לעכערליכער, קינסטליכער גלאַנץ וואָס קען נישט פארטראָגען דאָס ליכט פונ'ם טאָג? איז דאָס גאָט'ס גענאָד? יאָ, גיב מיר אַ געטליכען מענטש און איך וועל בייגען די קני. אָבער פארלאַנגען פון מיר, אַז איך זאָל פארערען ‎׃ שטויביג פורפור קלייד אויף אַ וואָרם־צופרעסענעם טראָן! דאָס איז אַ באַליידיגונג פאַר'ן מענטש און זיין שכל, גע'ירשנ'ט קעניגטום! ווען איר וועט קענען דערציען נשמות אַזוי ווי איר דערציט לויף־פערד, דאַמאָלסט וועט זיין די צייט דאָס צו באַטראַכטען. שטיי דאָ ביי מיין זייט פאַר אָט דעם שפּיגעל. איז דאָס נישט אַ שטאָלצע, קעניגליכע פּאָר? האָט די נאַטור נישט ארויסגעבראַכט אָט די צוויי באַשעפענישען אין אַ יום־

טוב'דינער שטימונג פון פרייד און פאַר'שכור'ונג? לעבען זאָל די רעפּובליק און איר קעניגין מיט די גאָלדענע לאָקען!"

„לעבען זאָל די רעפּובליק און איר אָדלער קעניג!" האָט זי אויס־געדופען, אַ פאַר'שכור'טע, אָבער מיט מער דראַמאַטישער הנאה ווי מיט ערנסטער איבערצייגונג.

„בראַוואָ! דו גלויבסט אין אונזער שטערען! צייט איך האָב דיך באַגעגענט זע איך אים שיינען קלאָרער איבער די הויכען. מיר שטייגען, מיר שטייגען, באַרגשפּיץ איבער באַרגשפּיץ. מיר האָבען געגנוג שונאים איצטער, געדיכט ווי שלאַנגען אין די טראָפּישע וועלדער. נו, זאָלען זיי איינריכטען מיט זייער אומקלאָרען גאַוואַר דעם זוים פון אונזערע קליידער. אָבער ווי זיי וועלען קריכען אָן גיפט־נאָדלען, ווען פערדינאַנד — דער דערוויילטער פונ'ם פאָלק — וועט מאַכען זיין פייערליכען אַריינצוג קיין בערלין. און ביי זיין זייט, געצווינגען פון זעקס ווייסע פערד, זיין בלאָנדע שיינהייט, אַ פּאַרוואַנדעלטע אין דער ערשטער פרוי פון דייטשלאַנד". ער אַליין, כאָטש אים אַליין איז די פאַנטאַזיע געוועזן גענוג ווירקליך פאַר דעם מאָמענט, האָט זיך אויך געפרייט דעריבער מיט אַ געוויסען קינסטלערישען שטאָלץ.

12

לכבוד די חתן־כלה — ווייל אַזוי האָבען זיי זיך עפענטליך גע־רופען, מיט זשענעוואַ און העלענע'ס משפחה געגוג ווייט אַוועק אַז מען זאָל זיי דערוויייל פאַרגעסען — האָט דער אַמעריקאַנישער קאָנסול אין בערן געגעבען אַ פיינעם מאָלצייט. עס איז דאָרט געוועזן אַ גאַלאַנ־טער אַלטער פראַנצויז, אַן איטאַליענער מיט אַ זיסער צונג, און די אַטמאָספערע איז געוועזן דורכגעדרונגען מיט קאָמפּלימענטאַרע גראַטו־לירונגען. העלענע האָט זיך אומגעקערט צו זיך אין האָטעל אַריין, פול מיט צופרידענהייט און מיט גליקליכע סימנים. די נאַכט איז געוועזן לינד און וואַרעם. איידער זי האָט זיך אויסגעטאָן, האָט זי זיך אַרויסגעלענט פונ'ם פענסטער פון איר צימער אויפ'ן אונטערשטען שטאָק און האָט געקוקט אויף די אייביגע גלעטשערס, וואָס האָבען גע־פינקעלט ווי זילבער אונטער דער פולער לבנה. מיט יעדען חוש האָט זי געטרונקען דעם סוד און דעם ריח פון דער נאַכט, ביז איר גייסט

איז געווען אזוי ווי איינס מיט די שטערען און מיט די בערג. פלוצלינג האט זי געפילט צוויי מעכטיגע אָרעמס ארום זיך. לאַסאַל איז גע־שטאַנען אין דרויסען. איר הארץ האט ווילד געציטערט.

„שטיל!" האָט ער געזאָגט, „שרעק דיך נישט. איך וועל דאָ שטיין אינדרויסען, גוט און שטיל, ביז דו וועסט מיד ווערען און זאָגען ,לייג דיך, מיין האר!' דאַמאָלסט וועל איך אוועקגיין".

„מיין ליבער ראַמעאָ!" האָט זי געמורמעלט און צוגענויגט אירע שמעקענדיגע ליפּען צו באַגעגענען זיינע — דער געטליכער קוש פון גאָט און געטין אין דער געטליכער נאַכט. „מיין פערדינאַנד!" האָט זי ארויסגעאָטעמט. „ווען מיר זאָלען זיך נאָך אַלעם דארפען שיידען. איך ציטער ווען איך טראַכט וועגען דעם. מיין פאָטער וועט קיינמאָל נישט צושטימען".

„ער וועט צושטימען. און דו דאַרפסט אפילו נישט זיין צושטי־מונג. דו ביזט שוין אַ דערוואַקסענע".

„דאַן נעם מיך איצטער, ליבסטער. איך בין דיינע — דיין באַ־שעפעניש, דיין זאַך. פלי אוועק מיט מיר, מיין שיינער אָדלער, קיין פּאַריז, קיין עגיפּטען, וואוהין דו ווילסט. לאָמיר זיין גליקליכע באַ־העמיער. מיר דארפען נישט די וועלט. מיר האָבען זיך אליין, און דאָס ליכט פון דער לבנה, און די בערג".

„זי איז געווען שיין ביז משוגע צו ווערען היינט ביינאַכט, זיין טייוולישׁ קינד. אָבער ער האָט זיך מיט די לעצטע כחות אָנגעהאַלטען אָן זיין פשוט'ן שכל. וואָס וואָלטען זיינע פריינט געזאָגט, ווען ער זאָל פאַרמישען העלענע'ן אין אַ סקאַנדאַל פון אַנטלויפען מיט איּם? וואָס וועט האַלטהאָף זאָגען? וואָס וועט באַראָן קאַרף זאָגען? דאָס איז זיכער נישט קיין אויפפירונג וואָס זאָל געפעלען די ריטער און איידעללייט פון בערלין! און אויסערדעם, ווי וואָלט זיין פּאָליטישע קאַריערע געקענט איבערלעבען אַ נייעם סקאַנדאַל? ער האָט שוין געהאַט גענוג שטערונגען דורך זיין אַלטער פאַרבינדונג מיט דער גרע־פין, און אפילו אַן עפענטליכע באַפרייאונג און אַ צייט פון צוואַנציג יאָר איז נישט גענוג געווען איינצושטילען יענע באַשולדיגונג אין פאַר־אורזאַכען די גנבה פון אַ קעסטעל פּאַפּירען פון איר מאַנ'ס מעטרעסע, וואָס דאָס איז אפשר געווען דאָס ערגסטע איבערבלייבאַכץ פון דעם גרויסען האַצפּעלד פּראָצעס. ניין, ער מוז געווינען זיין כלה אויף

אַן ערנהאַפטען אופן: די הייליגקייטען און ערנהאַפטיגקייטען פון חתונה האָבען געדייצט דעם באַהעמיער אין ליבע.

„מיר וועלען האָבען זיך אַליין און די וועלט אויך", איז ער צערט־ליך באַשטאַנען. „לאָמיר אַריין אין אונזער קעניגרייך מיט די זעקס ווייסע פערד, נישט אין אַ קאַטש מיט אַראָפּגעצויגענע ראָלעטען. דיין פאָטער וועט דיך אָפּגעבען צו מיר, זאָג איך דיר, אין מיטען העלען טאָג. וואָס בין איך, אַן אַנאָנסען־אַגענט, אַז מען זאָל מיר ווייזען די טיר? זאָל מיין ליבסטע נישט האָבען אַזאַ ווירדיגע חתונה ווי איר פאָטער׳ס ווייב. זאָל דער אויסדערוויילטער פון פאָלק דאַרפען צוגעבען, אַז אַ קליינער דיפּלאָמאַט האָט אים נישט געהאַלטען גוט גענוג פאַר זיין איידעם? דערמאָן דיך נאָר ווי ביסמאַרק וואָלט געלאַכט. נאָך דעם אַלעם וואָס איך האָב געזאָגט צו אים!

זי האָט ווידער געוואונען זיין צוטרוי. יאָ, מען מעג זיך בויען אַ הויז אויף אַזאַ ווילען! „וואָס האָסטו געזאָגט צו אים?"

ער האָט שטיל געלאַכט. „איך האָב מיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ סוד, מיידעלע".

„זאָג מיר".

„אומגלויבליך! דאָס קינד מיט אירע קליינע פינגערלאַך" — ער האָט זיי אָנגעכאַפּט, — „מיט אירע צויבער־לאַפּקעלאַך, שפּרינגט דרייסט אַריין אין מיינע טייערסטע סודות, אין מיין האַרצען׳ס אוצר־קעסטעל, נעמט אַרויס די קאָסטבאַרע דימענטען און וויל זיי".

„זאָג, האָסטו אים ליב? איז ער אַן אינטעלעקטועלער גייסט?"

„הם! אויב ער איז, זיינען מיר נישט. ער איז אייזען, און פון אייזען מאַכען מיר שטאָל, און פון שטאָל מאַכט מען שיין געווער. אָבער איינער קען גאָרנישט מאַכען חוץ געווער. איך האָב ליבער גאָלד. גאָלד ווי מיין ליבסטער׳ס האָר", — ער האָט זי געגלעט, — „ווי מיין אייגענע כשוף׳דיגע מאַכט איבער מענטשען. דו וועסט זען, טייערסטע, ווי דיין גאָלד און מיינס וועלען זיגען".

„אָבער דו רעדסט דאָך אויך אַלע מאָל פון געווער, פון בלוט, פון קאַמף. און רעוואָלוציעס ווערען זעלטען געמאַכט אָן געווער און אייזען".

„קינד, קינד", האָט ער געענטפערט, נעמענדיג אירע גאָלדענע לאָקען צו זיינע ליפּען, „פאַרוואָס ווילסטו דיך אַלץ אויסלערנען אין

דער שיינער אויסגעשטערנטער נאַכט? די באַזינונגען פון טויזענ־טער יאָרען, די רעזולטאַטען פון טיפע שטודיען, בעטסטו אזוי ווי מען בעט שפּילעכלאַך. צו רעדען וועגען קאַמף, צו רופען צום געווער, מיינט נישט אומבאַדינגט דאָס אייגענע ווי אריינצושטעכען אַ שווערט אַן אייגענעם, אַ ברודער, מיט אַ האַרץ פון אייז און פאַרבלוטיגטע הענט. פאַרשטייסטו נישט, דו כיטרע מיידעלע, פון וואָס פאַר אַ גע־ווער איך רעד, פון דעם גאָלדענעם געווער פון'ם גייסט, באַרעדזאַמקייט, די ליבע צו דער מענטשהייט, די אָנשטרענגונג אויפצוהויבען צו מענטשליכען שטאַלץ די אָרעמע, די אומגליקליכע, די אַרבעטער. איי־בער אַלעם, מיין איך — ווילען. אַט דאָס פיינע געווער, דאָס אמת גאָלדענע געווער, האַלט איך פאַר העכער און נוצליכער ווי די פאַר־זשאַווערטע שווערדען פון מיטעלאַלטערליכקייט".

אירע אויגען האָבען זיך אָנגעפילט מיט טרערען. זי האָט זיך געפילט געטראָגען אויף כוואַליעס פון רעליגיעזען עקסטאַז צו יענע ליכטענדיגע שטערען. דער נסיון איז פאַרביי.

„אַ גוטע נאַכט, מיין ליבסטער", האָט זי אונטערטעניג געזאָגט.

ער האָט אַ צי געטאָן איר פנים צו זיינס אין אַ ליידענשאַפטליך געזעגענען זיך און האָט אויסגעזען, ווי ער וועט זי קיינמאָל נישט אָפּ־לאָזען. ווען איר פענסטער האָט זיך פאַרמאַכט איז ער געגאַנגען צו די גלעטשערס.

עפּעס וואָס האָט געטראָפען צומאָרגענס האָט באַוויזען דער באַ־זיגטער העלענע'ן, אַז איר גייסטיגער ריז איז אויך פיזיש נישט וויי־ניגער געוואָן קעניג צווישען מענטשען. ביים אַמעריקאַנישען קאָנ־סול'ס מאַלצייט האָט מען געהאַט אראַנזשירט אַן עקספּעדיציע אויפ'ן ניעסען. נאָר ווען די געזעלשאַפט האָט זיך צוריקגעקערט ביינאַכט איבער די פעלדער, לאַכענדיג פון לאַסאַל'ס גייסטרייכע אַנעקדאָטען, איז פּלוצלינג אַרויפגעשפּרונגען אויף זיי אַ באַנדע קליינע טייוואָלים־לאַך מיט ווילדע געשרייען און אומפאַרשטענדליכע אומקלאָרע פּלאַפּ־לערייען, און האָבען אָנגעהויבען צו שלאָגען אויף לינקס און רעכטס מיט זייערע קורצע, גראָבע שטעקענס, כמעט איידער די איבערגע־שראָקענע פּיקניקערס האָבען געקענט דערקענען אין די ווילדע באַ־שעפענישען, מיט זייערע ריזיגע געשוואָלענע קעפּ און שרעקליכע הייג־גענדיגע גווידערס, די אומגליקליכע אידיאָטען־פויערן פונ'ם טאָל. דער

גאַלאַנטער פראַנצויז און דער האָניג־צונגיגער איטאַליענער האָבען גע־קווײטשעט צוזאַמען מיט די פרויען, און האָבען נאָך אפילו ווייניגער געקעמפט מיט זייערע רעגענשירעמס און רימענס. נאָר לאַסאַל איז ווי אַ דונער געפאַלען מיט זיין ראָבעספיערישען שטעקען איבער דער גאַנצער באַנדע פארזעענישען און האָט פון זיי געמאַכט געוויין און בלוטיגע טרערען. ערשט דאַמאָלסט בלויז האָט לאַסאַל געקענט פון זיי אַרויסקריגען, אַז די געזעלשאַפט האָט געטראָטען איבער היי אין זייערע פעלדער, און אַז זיי האָבען פארלאַנגט, אַז מען זאָל זיי באַצאָלען. ווען מען האָט זיי געגעבען געלט, זענען זיי אוועק, בורטשענדיג און ווייענדיג מיט די שטעקענס. ווען די פיקניקערס האָבען זיך אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערען, האָבען זיי געזען, אַז זיי זיינען אינגאַנצען אין שמאַטעס, און לאַסאַל׳ס פּנים פארוואונדעט פון צוויי שווערע קלעפּ. העלענע איז צוגעלאָפען צו אים מיט אַ געשריי.

„דו ביזט פארוואונדעט, צובלוטיגט!"

„ניין, בלויז איינער פון די טורעמס פון דער באַסטיל", האָט ער געזאָגט, און מיט באַדויער געקוקט אויף זיין שטעקען. „די חיות האָבען אים אויסגעבויגען".

„און עס זיינען דאָ מענטשען, וואָס רופען אים פייגלינג, ווייל ער וויל זיך נישט שלאָגען אויף דועלען", האָט העלענע געטראַכט מיט פארגעטערונג.

.13

די דראַמע האָט זיך איבערגעטראָגען קיין זשענעווע, וואוהין די עלטערן איז אוועק מיט עטליכע שעה פאַר דעם העלד, אַ באַפוילענע צו שווייגען ביז אירע עלטערען וועלען זיך פערזענליך באַקענען מיט לאַסאַל׳ס חנ׳ען. ער האָט זיך קוים באַזעצט אין זיין צימער אין דעם פּאַנסיאָן באָווע, ווען אַ דינסט האָט אים געבראַכט אַ בריף פון העלע־נע׳ן, און איידער ער האָט קוים צייט געהאַט צו עפענען דעם קאָנווערט, איז העלענע אַליין אַריין מיט שטורעם.

„נעם מיך אוועק, נעם מיך אוועק", האָט זי היסטעריש געוויינט.

ער איז צוגעלאָפען זי אונטערהאַלטען.

„וואָס איז געשען?"

„איך קען עס נישט אַריבערטראָגען. איך קען מיט זיי נישט

קעמפען. ראטעווע מיך, מיין קעניג, מיין האר. לאָמיר אנטלויפען איבער דער גרעניץ — קיין פּאריז". זי האָט זיך ווילד געטוליעט צו אים.

אַן ערנסטקייט האָט זיך פארצויגען אויף זיין שטערען.

„האסטו מיך אלזאָ נישט געפאָלגט!" האָט ער געזאָגט. „פאר־וואָס?"

„איך האָב דיר געשריבען", האָט זי געזיפצט.

ער האָט זי צערטליך אוועקגעלעגט אויפ'ן בעט, און האָט פלינק איבערגעקוקט דעם לאנגען, היסטערישען בריף.

אומגליקליכער צופאל! ביי העלענע'ס אָנקומען האָט זי איר גאנצע פאמיליע מיט פרייד באגעגענט ביי דער באַן־סטאנציע, און זיינען פול געוועזען מיט דער גליקליכער נייס, אז איר קליין שוועסטערל מארגאריטע האָט נאָר וואָס באקומען א פאָרשלאָג חתונה צו האָבען מיט גראף קייזערלינג.

העלענע האָט געהאלטען, אז דאָס איז א הימלישע געלעגענהייט צו דערציילען פון איר אייגען גליק דער שטראלענדיגער מוטער, און האָט ווי א נאַר פארגעסען, אז דער גראף קייזערלינג וואָלט געוועזען דער לעצטער מענטש אין דער וועלט צו פארטראָגען א איד און א דע־מאגאָג פאר א שוואָגער. נאָכדעם זיינען פארגעקומען שרעקליכע סצע־נעס — דער מוטער'ס טרערען, דעם פאָטער'ס געשרייען, דער גאנצער פאמיליען געיאָמער און געקלאָג, שוועסטער וואָס האָבען געציטערט פאר זייערע אויסזיכטען, ברידער וואָס האָבען ערוואַרט מען זאָל פון זיי חוזק מאכען אין קלובען. וואָס! אויסבייטען פרינץ יאנקאָ אויף א גנב!

ווען לאסאל האָט זי גענומען אויפ'ן קרייצפארהער, האָט העלענע צוגעגעבען, אז איר מוטער איז נישט געוועזען אזוי ווילד אין כעס ווי איר פאָטער, און וויינענדיג אויף איר ברוסט האָט זי איר אפילו צו־געזאָגט צו פּרואווען איינצושטילען דעם באראָן. אָבער זי האָט גע־וואוסט, אז דאָס איז אוממעגליך — איר פאָטער האָט קיין זאַך נישט גענומען אין אָמבאטראכט חוץ זיינע עגאָאיסטישע פּלענער. און דערפאר, ווען דער מיטאָג־גלאָק האָט געקלונגען, האָט זי ביים גערדאנק אז איר העלד איז נאָענט, באקומען א ווילדען מוט, און איז אנט־לאָפען צו אים.

לאַסאַל האָט געפילט, אַז דער פּרואוו־מאָמענט פון זיין לעבען איז געקומען און דער מענטש פון טאַט מוז דערוואַכען אין אים. ער האָט פלינק אויפגעשריבען דריי טעלעגראַמעס — איינע צו זיין מוטער, איינע צו זיין שוועסטער, פרוי פרידלאַנד, און איינע צו דער גרעפין, בעטענדיג אַלע, אַז זיי זאָלען גלייך קומען.

„דו מוזט האָבען אַ באַגלייטערין", האָט ער אויסגערופען. „און ביז איינע פון די דריי קומט, ווער איז דאָ פאַראַן?"

זי האָט אַרויסגעזיפצט דעם אַדרעס פון מאַדאַם ראַניאָן. לאַסאַל האָט געעפענט די טיר איבערצוגעבען די טעלעגראַמעס, און ער האָט געזען ווי די פרוי האָט געבראַכט העלענע'ס בריף איז אומרואיג געשטאַנען, און ער האָט געהאַט דעם אומגליקליכסטען, כאָטש נישט דעם אומכאַראַקטעריסטישסטען איינפאַל פון זיין לעבען. „נעמט דאָס גלייך צום טעלעגראַף", האָט ער הויך געזאָגט, און שטילערהייט: „זאָגט דער באַראָנעסע פאָן דעניגעס, אַז מיר וועלען זיין ביי מאַדאַם ראַניאָן".

ווייל מיט בליציגער שנעלקייט האָט זיין מח אויסגעאַרבעט אַ פיין שטיק העלדישע קאָמעדיע. ער וועט צוריקברענגען העלענע'ן צו איר מוטער, ער וועט שפּילען דעם גרויסען סעניאָר, דעם אמת'דיגען ריטער, ער, דער איד, דער גנב, דער דעמאַגאָג, דער דאָן זשואַן. זיין ריטערליכקייט וועט פאַרשעמען אָט דעם קליינעם דיפּלאָמאַט. זיי קע־נען אים אויף קיין פאַל נישט אָפּזאָגען דאָס מיידעל, זי איז שוין געוועזען צו שרעקליך קאָמפּראָמיטירט. דער גאַנצער פאַנסיאָן האָט זי געזען — די מוטער וועט זיין קלוג גענוג דאָס צו פאַרשטיין. זי וועט זיך מוזען באַנוגענען בלויז מיט ווערטער, אָבער ווי הערליך די ווערטער וועלען קלינגען!

די סצענע איז ווי געהעריג אָפּגעשפּילט געוואָרען. די דער־שטוינטע העלענע, וועלכער ער האָט גאָרנישט געזאָגט און וועלכע איז צוטומעלט געוואָרען דורך איר מוטער'ס פּלוצימדיגען אָנקומען, איז אַריינגעפאַלען אין דער לעצטער סטאַדיע פון דערשטוינונג, ווען ער האָט זי רואיג צוריקגעקערט צו דער מוטער'ס האַרץ. ער האָט זי גע־קושט אַדיע, און זי איז פאַרשוואונדען פון זיין בליק אויף אייביג.

.14

ווייל ער האָט גערעכענט אָן זיין יאַנקאָ, וועלכער איז נאָך אַלע מאָל געווען ביי דער האַנט צו פאַרדעקען אַ סקאַנדאַל. דער ווילען, וואָס ער האָט אַריינגעאָטעמט אין העלענע׳ן איז געווען אויסגעשעפּט אין דער איינציגער הערליכער אָנשטרענגונג פון איר לעבען. איינגעזויגען צוריק אין דעם פאַמיליען עגאָאיזם, וואָכען געהאַלטען אונטער אַ רעזשים פון שרעק און אונטערגעשלאָגענע בריף, אויף גיך אַוועקגעפירט פון זשענעווע. דערצו געערגערט און פאַרביטערט דורך איר געליבטענ׳ס אומבאַגרייפליכען אָפּזאָגען זיך פון איר, וואָס נאָר ערפאָלג האָט געקענט דערקלערען, און וואָס איז דערפאַר געוואָרען נאָך אומפאַרצייליכער ווען טאָג נאָך טאָג איז פאַרגאַנגען אָן דער רעטונג פון אַ ריז, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזען צו זיין בלויז אַ בלאָזזאַק, האָט זי זיך אַ דערדריקטע אונטערגעגעבען דעם צאַרטען אויפהאַלט פון דעם אייביג וואַרטענדיגען יאַנקאָ. דער איינציגער בריף וואָס איר פאָטער האָט דערלויבט איר צושיקען, האָט פאָרמעל דערקלערט איר אייביגע ליבע און איבערגעבענקייט צו איר פריערינגען חתן. עס איז נוצלאָז צו דערציילען די געשיכטע ווי אַזוי דער געשלאָגענער ריז, אַ פאַרצווייפעלטער אין אַבסאָלוטער פינסטערניש, דער פאָליפעמוס וואָס האָט אויסגעשטאָכען זיין איינגען אויג, דער הערקולעס, וואָס האָט זיך אַליין אָנגעטאָן אין נעסוס׳עם פאַר׳סמ׳טען מאַנטעל, האָט אויפגערודערט דעם הימעל און די ערד זי ווידער צו זען. עס איז געווען אַן ערדציטערניש, אַ ציקלאָן, אַ קאָשמאַר. ער האָט געהאַט אָנפאַלען פון געוויין, זיינע נעכט זיינען געווען שלאָפלאָזע איבערזיכטען פון זיין נאַרישקייט זי אַוועקצואוואַרפען, און פוסטע פאַנטאַזמען פון אירע אויגען און ליפּען. ער האָט אויסגעגאָסען כוואַליעס פון טעלעגראַמעס און בריף, אין וועלכע מאַרטער־געשרייען זיינען געווען געמישט מיט די קלענסטע לעגאַלע אינסטרוקציעס. אפילו די קאָרעספּאָנדענץ פון דער אַרבעטער יוניאָן איז פאַרנאַכלעסיגט געוואָרען. ער האָט יעדען און אַלץ אַריינגעדריקט אין זיין פיבערישען דינסט — מוזיקער, קינסטלער, זעלנער, אַנטיקוואַרען, אַריסטאָקראַטען. צי וועט נישט וואַגנער באַאיינפלוסען דעם קעניג פון בייערען צו רעדען צו פאָן דעניגעס? צי וועט אים דער קאַטוילישער בישאָף קעטעלער נישט העלפען? — ער וועט ווערען

אַ קאַטאָליק. און אַלע מאָל אַ משוגע'נער גלויבען אין דער ווירקליכ־קייט פון איר אומטריישאַפט, וואָס איז חוזק'דיג געווען באַגלייט פון אַ שרעקליך קלאָרער אַנערקענונג פון דער אומבאַשטענדיגקייט פון כאַראַקטער וואָס האָט עס געמאַכט זיכער. דער „ניין" — איר ערשט וואָרט צו אים ביי זייער ערשטער באַגעגעניש — האָט אים געקלונגען אין די אויערען נביא'יש פינסטער. דער זונאויפגאַנג, באַהאַלטען פון רעגען און נעפּעל, האָט צוגעגעבען זיין סימבאָלישען טרויער. אָבער ער האָט געפילט אירע ליפּען אויף זיינע אין דעם וואונדערליכען לבנה־ליכט. טויזענט מאָל האָט זי זיך געטוליעט צו אים און געשריען „נעם מיך אַוועק!" און איצט דאַרף זי געהערען אַן אַנדערען. זי וויל אים אפילו נישט זען. אומגלויבליך! שוידערליך! ווען ער וואָלט נאָר איין מאָל געקענט רעדען מיט איר פנים צו פנים. דאַמאָלסט וואָל־טען זיי געזען צי זי וויל אים נישט פון איר אייגענעם פרייען ווילען צי אונטער אַ דרוק וואָס איז אומלעגאַל פאַר אַ דערוואַקסענעם. עס איז אוממעגליך, אַז זיין ווילענס־קראַפט איבער איר זאָל נישט ווירקען.

העלענע האָט, ווייזט אויס, אויך אַזוי געדענקט. דורך ריינע מיטלען און אומריינע, דורך שפּיאָנען און אַדוואָקאַטען און פּריינטליבע אַגענטען, האָט לאַסאַל'ס וואַנזיניגע ענערגיע דורכגעדרונגען דורך יע־דער צוים צו דער אינערליכסטער פעסטונג, וואו זי איז געזעסען איינ־געטוליעט. ער האָט אַרויסבאַקומען פון איר פאָטער אַ באַוויליגונג זי צו זען. ער האָט בלויז באַדאַרפט העלענע'ס אייגענע צושטימונג. זיין פריינט, קאָלאָנעל רוסטאָוו, האָט געבראַכט דעם קראַנקען הערקולעס די בשורה, אַז זי זאָגט זיך אָפּ — אַן אָפּזאָג וואָס האָט געמאַכט לעבער־ליך זיין באַוועגען בערג.

„אָבער איר זיינט דאָך וויניגסטענס שולדיג לאַסאַל'ן אַ געוויסע ערקלערונג", האָט ער פּראָטעסטירט.

„צו וואָס? צו זיין פאַרוואונדעטער פוסטקייט?"

עס איז געווען די לעצטע שטרוי.

„הור!" האָט לאַסאַל אויסגערופען, און ווי אין אַ וואולקאַנישען אויסברוך האָט ער זי אָפּגעוואָרפען פון זיין ברענענדיג הארץ.

אַ שרעקליכע רואיגקייט איז געקומען אויף אים. עס איז געווען אַזוי ווי פייער וואָלט געוואָרען אייז. יאָ, ער האָט ענדליך פאַרשטאַנען, וואָס דאָס שיקזאַל האָט אים אַלע מאָל געפּרואווט זאָגען — אַז ליבע

און גליק זיינען נישט פאר אים. ער איז געהייליגט פאר גרויסע זאכען. זיין ווילען, פארפלאנטערט מיט דעם ווילען פון אנדערע, איז געווארען שוואך, פרוכטלאז. פרויען זיינען ווירקליך קינדער פונ׳ם טייוועל. ער האט שוין שיר אויפגעגעבען זיין היסטארישע מיסיע. איצט וועט ער אויפוואכען, שטארק, געטליך: א מעכטיג געווער געשמידט דורך די געטער, און געהארטעוועט דורך פייער און טרערען.

אבער, איין זאך דארף פריער געטאן ווערען. די פארגאנגענהייט מוז אפגעווישט ווערען. ער מוז אויפסניי אנהויבען מיט א ריין בלאט. אמת, ער האט זיך אלע מאל אפגעזאגט פון דועלען, אבער איצט האט ער געזען די פיינקייט, די נויטווענדיגקייט פון דועלען. אין א וועלט פון פאלשקייט און פארראט האט די שווערט אליין געשניטען ריין.

ער האט געשיקט אן ארויסרוף צום פאטער, א שליחות פון גוטען ווילען צום ליבהאבער. אבער יאנקא איז געווען דער וואס האט אנגענומען דעם ארויסרוף.

דאס געווער וואס מען האט אויסגעקליבען איז געווען די פיסטויל.

לאסאל׳ס פריינט האבען אים געבעטען צו פראקטיצירען.

„נוצלאז! איך וויים וואס עס איז באשערט".

קיינמאל איז ער נישט געווען אזוי ריזיג, אזוי זיכער. זיינע נערוועןן האבען אזוי ווי צוריקגעוואונען זייער שטארקייט. די נאכט פאר׳ן דועל איז ער געשלאפען ווי א רואיג קינד.

גאנץ פרי, אויפ׳ן וועג צום פעלד הינטער זשענעווע, האט ער געבעטען זיין סעקונדאנט צו אראנזשירען דעם דועל אויף דער פראנצויזישער זייט פון דער גרעניץ, אזוי אז ער זאל קענען בלייבען אין זשענעווע און אויסגלייכען זיין רעכענונג מיט׳ן פאטער. ביים קאמאנדע־ווארט „איינס!" האט יאנקא׳ס שאס אפגעהילכט. לאסאל׳ס איז געקומען נישט א סעקונדע שפעטער, אבער ער האט שוין געהאט באקומען זיין שטערבליכע וואונד.

ער איז געלעגען דריי טעג, שטארבענדיג אין א שרעקליכער גסיסה, דערלייכטערט בלויז דורך א סך אפיום. צווישען די ספאזמען האט א פארוואונדערונג באהערשט זיין מח און זיין ווילען זאל זיך האבען געדעכענט פאר גארנישט פאר דעם אומדערשיטערליכען מארש פונ׳ם אוניווערס. „עס וועט קיינמאל נישט זיין קיין גערעכטיגקייט פאר׳ן

פאָלק״, האָט ער ביטער געטראַכט. „איך בין געווען אַ טרוימער.
היינע איז געווען גערעכט. אַ משוגע׳נע וועלט, מיינע הערען״. נאָר
טיילמאָל האָט ער געהאַט אַ פונק פון פאַרדאַכט, אַז ער איז עס געווען
דער, וועמען עס האָט געפעלט געזונטער פאַרשטאַנד. זיין ווילען איז
געוואָרען בלויזע ווילקירליכקייט. אין זיין ליבע ווי אין זיין קרייץ־
צוג האָט ער פאַרמאַכט זיינע אויגען צו די ברוטאַלע פאַקטען. האָט
צוגעאַיילט וואָס מען האָט בלויז געקענט צולאַשטשען. „איך שטאַרב
פון מיין אייגענער האַנט״, האָט ער געזאָגט. אָ, ווען ער וואָלט חתונה
געהאַט מיט ראָזאַליע זאַנדער, וועלכע לעבט נאָך, און ליבט אים! די
רוסישע און בייערישע שטיפעריגס זיינען געווען נעראָטיש, פאַרענדער־
ליך, הינאַונהעררדיג ווי זאַמד. די טעכטער פון יהודה זיינען מיט
גראַדען שכל, לוסטיג, פעסט. דאַן האָט ער געטראַכט פון זיין אייגע־
נער שוועסטער, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט דעם וואולגאַרען פריד־
לאַנד. ער האָט זי געזען אַ מיידעל מיט ראָזע באַקען, ווי זי איז
געזעסען פסח ביים שיינעם סדר. ווי גליקליך זיינען געווען יענע
ווייטע פרומע טעג! דערנאָך האָט ער געפילט אַ קאַלטען ווינט, ווען
ער האָט זיך דערמאָנט ווי ריעקכען האָט באַהאַלטען איר פנים לאַ־
כענדיג פון די מיטעלאַלטערליכע פאַרשטעלעניש, און האָט אויסגע־
שפיגען דעם מרור וואָס האָט גאָרנישט געמיינט פאַר איר.

אָ, שרעקליכע טראַגי־קאָמעדיע פון לעבען, אָ, מאָדנע, פאַרפלאָנ־
טערטע וועלט, אין וועלכער אָרעמע, קליינע מענטשען מוזען גיין, און
זיך פאַרטשעפּען אָן ענדלאָזע פלאָנטערס — רעליגיע, ראַסע, געשלעכט,
מנהגים, רייכקייט, אָרעמקייט! אַ וועלט וועלכע ער האָט איינגעלוויז,
דאַכט זיך, געזען שטרעקען אַזוי קלאָר פאַר אים, צו מאַכען אַ לאַנד־
קאַרט פון איר מיט אַזאַ קלאָרער לאָגיק, באַטראָטען צו ווערען מיט
זיגרייכע פים פון מענטשען וואָס ווערען ווי געטער, וויסענדיג גוטס
און שלעכטס.

בלויז איין זאַך איז געבליבען — צו שטאַרבען נישט געבראָכען.

ער האָט זיך געהייסען ברענגען דעם אַדוואָקאַט צו זיין בעט, איז
נאָך אַמאָל דורכגעגאַנגען זיין לעצטע צוואה, האָט געלאָזט געלט פאַר
דער יוניאָן, האָט זי רעקאָמענדירט צו די אַרבעטער אַלס זייער איינ־
ציגער זיכערונג צו רעטונג. משה׳ן איז בלויז דערלויבט געוואָרען
אַ קוק צו טאָן אויף דעם פאַרשפּראָכענעם לאַנד, אָבער דאָס אויס־

דערוויילטע פאָלק — די דייטשען — וועלען זיך נאָך קוויקען מיט זיין מילך און האָניג.

א חודש נאָך זיין באַגעגעניש מיט העלענע'ן אויפ'ן ריגהי — א חודש נאָך זיין גליקליכען אויסרוף, „ביי אַלע גריכישע געטער, דאָס איז זי!" — איז ער געלעגען א טויטער, זיין צויבערליך קול פאַר־שווינגען אויף אייביג. אין דער צייט וואָס די פרוי, וועלכע ער האָט געזוכט, האָט זיך באַדאַרפט איבערגעבען צו דעם וואָס האָט איס דערשאָסען, און די באַוועגונג, וואָס ער האָט כמעט אויפגעגעבען צו־ליב איר, האָט באַדאַרפט ווערען א גרויסע מאַכט אי"נ'ם שטאַט, אונ־טער דעם שטענדיג וואַקסענדיגען גלאַנץ פון זיין ערינערונג.

די גרעפין האָט זיך איינגעבויגען איבער דעם קערפער. א מאָדנע, פאַרביסענע פרייד האָט זיך געמישט מיט איר כעס און פאַרצווייפלונג. קיינע פון די אַלע פרויען האָט נישט געהאַט קיין רעכט צו טיילען מיט איר טרויער. ער האָט געהערט צו איר — צו איר און צום פאָלק. יאָ, זי וועט טראָגען דעם קערפער פון איר טייער קינד דורך די ריינישע פראָווינצען — מען האָט איס דערמאָרדעט דורך א ביטערער פּאָליטי־שער אינטריגע, דאָס פאָלק וואָס האָט אים ליב געהאַט זאָל אויפוואַכען און נקמה נעמען פאַר זייער געמאָרדעטען משיח.

און פלוצלינג האָט זי זיך דערמאָנט מיט א פרישען ווייטאָג די איינציגע פרוי, וואָס האָט געהאַט א רעכט צו טיילען איר פיין, ניין, צו רופען אים — נישט אין א פיגוראַטיווען זין — „קינד". די איינ־געשרומפּענע אַלטע אידישע פרוי, געליימט און טויב און פאַרפינס־טערט, וועלכע האָט נאָך אַלץ געלעבט אין א וועלט וואָס איז באַרויבט געוואָרען פון זיין פרעכטיגער קראַפט צו קעמפען, פון זיינע הערליכע פּאָרזעאונגען.

# דער בלומיגער ספינקס

1

אינ׳ם כאָר פון דער אַלטמאָדישער קירך פון הוגענדען, וואָס חלומ׳ט אין דער שיינער רואיגקייט פון ענגלישע לאַנקעס, שטייט, אויף דער לינקער זייט פונ׳ם דורכגאנג, א שווארצער שטול פון גע־גלאַנצטען דעמב מיט אַ הויכען אַנלען, באַהאַנגען מיט דעם בילדליכען הערב פונ׳ם אָרדען פונ׳ם זאַקענבאַנד.

אין דעם טראָטואר פון הינטען שיינט אַ פירקאַנטיגער שטיין, געווידמעט פון „זיין דאַנקבארער קעניגין און פריינט״ צו איר גרוי־סען פרעמיער מיניסטער, און אין פרילינג פארלייגט מיט בלומען — פרימרויזען.

און אויף אָט דער ווייסער מצבה איז אויסגעקריצט אין האַלב־רעליעף דער פּראָפיל פונ׳ם קאָפּ פון אַ סעמיטישען ספינקס, וואָס ארום זיינע שטומע ליפּען פלעמעלט אין אַ שוואַכען סאַרדאָנישען שמייכעל די חכמה פון די יאָרהונדערטען.

2

איך זע אים, דאַכט זיך מיר, אין לעבען, פרעמיער פון ענג־לאַנד, לאָרד פון געהיים זיגעל, גראַף ביקאָנספילד פון ביקאָנספילד, וויקאָנט הוגענדען פון הוגענדען, זיצענדיג אין זיין ריטערליכען שטול, זיך איינהערענדיג אָן געפיל צום לאַנד־פּאַסטאָר׳ס פּרעדיגונג. זיין קאָפּ הענגט אראָפּ אויף זיין ברוסט, נאָר זיינע קויל־שווארצע, אומדורכדרינגליכע אויגען זיינען אָפען.

דאָס איז די שעה ווען זיין שטערן לייכט.

ער איז נאָר וואָס צוריקגעקומען פונ׳ם בערלינער קאָנגרעס, און האָט געבראַכט „פרידען מיט ערע״. דער קאָנטינענט איז געשטאַנען אויף די שפּיצפינגער צו זען דעם וואונדערליכען ענגלישען גראַף

דורכגיין הין און צוריק. ער איז געווען דער לייב אויף אַ קאָנגרעס וואָס האָט געהאַט מיט זיך ביסמאַרק'ן. די לאַרבער־קרענץ און די אָריענטאַלישע פּאַלמען וואָס זיין ווירט האָט אוועקגעלייגט אויף זיין האָטעל־באַלקאָן האָבען בלויז קוים־קוים אויסגעדריקט דאָס געפיל פון אייראָפּע. זיין פיבערדיגע אויפנאַם אין ענגלאַנד, פון דער דאָווערער לאַנדונג אָן, האָט דערמאָנט אַ פריערע, אַ מער ראָמאַנטישע וועלט. פּאַטערס האָבען געבראַכט זייער קליינוואַרג איינצודריקען אין זייער זכרון די שטערבליכע זייטען פון אָט דער אומשטערבליכער געשטאַלט, וואָס גייט דורך אַ רעגען פון בלומען צו זיין טראָן אין דאַונינג סטריט. די לאָנדאָנער פּרעסע איז, כמעט אָן אַן אויסנאַם, ביים שטויב פון זיינע פיס — מיט די שטאָלצע ענגלישע איידללייט און אַלץ וואָס האָט אמאָל געשפּעט פון אים אָדער אים באַפאַלען.

די זון קומט פאַרביג אַריין דורך די קאָלירטע שויבען, און לייגט זיך אויפ'ן שטרענגען קרוציפיקס.

3

דורך וואָס פאַר אַ זייטיגע וועגען האָט ער אַריינגעוואַנדערט אַהער — פון יענער וואַרעמער אַלטער פּאָרטוגעזישער שול אין בעווים מאַרקס, פון וואַנען זיין פאָטער האָט אָפּגעצויגען אונטער'ן ווייטאָג פון אַ שטראָף פון „די איידללייט פונ'ם מאַכאַמעט ?"

אָבער הער! דער פּאַסטאָר — אויך אין פּאַראַדאָקס — לייענט אַ אידיש קאַפּיטעל תהילים.

„'דער האר האָט געזאָגט צו מיין האר: דו זיץ ביי מיין רעכטער האנט ביז איך וועל מאַכען דיינע שונאים פאַר דיין פיסבענקעלע. דער האר וועט שיקען די רוט פון דיין מאַכט פון ציון אַרויס: דו זאָלסט זיין דער פירער אין דער מיט פון דיינע שונאים. אין דעם טאָג פון דיין מאַכט זאָל דאָס פאָלק דיר אָפּפערען פון זיין פרייען ווילען קרבנות מיט אַ הייליג געבעט: דער טוי פון דיין געבורט איז פון די אינגעווייַדען פונ'ם מאָרגען'."

דער גראַף בלייבט אומבאַוועגליך.

„אַ האַלב קריסטענטום פאַרגעטערט אַ אידיון, און די אַנדערע העלפט אַ איד".

„וועמען פאַרגעטערט ער?"

„מענטשען מיט שכל זאָגען קיינמאָל נישט".

4

דאָך דאַכט זיך מיר, אַז אין יענער געזיכטס־מאַסקע לעז איך די גאַנצע געשיכטע פון יענע לאַנגע יאָרען פון דעספּעראַטען וואַרטען, וואָס זיינען בלויז האַלב פאַרזיסט געוואָרען דורך פּריצייטיגע זיגען פון פּען און מענטש. די אַלע פאַרביטערטע ענערגיעס פון פּאָלי־טישען קאַמף.

און ווי איך קוק, דריקט מיך אַ געפיל פון עפּעס נאָכגעמאַכטס, פון פאַלשען גלאַנץ און פּראַכט און אויפשוואונג: אַ געפיל, אַז דאָ איז נישט קיין אמת'ע גרויסקייט, קיין ספינקסאַרטיגע הערליכקייט. אַ שאָטען פון דער וועלט און פון גוף פאַלט איבער דער טרוימערישער געשטאַלט, אַ נאַפּאָלעאָנישע וואולגאַריטעט מאַכט רויער די געזיכטס־צוגען, עס איז פאַראַן אַ מעפיסטאָפעלישער קנייטש אין די ווינקלען פון די ליפּען.

איך טראַכט וועגען זיינע ביכער, וועגען זיין גראַנדיעזען סטיל, פּרעכטיג אַזוי ווי זיינע אמאָליגע וועסטען און גאָלדענע קייטען, די פּראָזע אָפט געמאַכט פון שלעכטען פּרייען פערז, איבערבלייבאַכץ פון זיין לאַנגער נאַרישער אָנשטרענגונג צו זיין אַ פּאָעט. פון זיינע פאַלש־הערליכע און פאַלש־ראָמאַנטישע, פון זיינע ראָקאָקאָ העלדען, וואָס זיינען לאַנגווייליג פּרעכטיג. פון זיינע פּסעוודאָ־אידישע דער־ציילונגען, און זיינע פלאַפּלערישע באַהויפּטונגען פון בלוט, וואָס ער האָט אַראָפּגעשפּילט אַנטקעגען דעם באַליידיגענדען שטאָלץ פון דער שטאָלצעסטער אַריסטאָקראַטיע אין דער וועלט, און פאַראייניגט מיט אַ פּאָליטישען אויסדרויער וואָס איז מער ענגליש פון די ענגלענדער. פון זיין נאַאיווער פרייד אין פיינע קליידער און פיינע עסענס און פיינער געזעלשאַפט. פון זיינע פיינע שפּאַצירען מיט'ן שטעקען אין דער פרי און אין אָוועגט. פון זיין דריקענדיגען זעלבסטבאַוואוסטזיין איבער זיינע טאַלאַנטען און זיין געניאַליטעט. פון זיין געוויסענלאָזער יאַגד נאָך פּערזענליכען ערפאָלג און באַרימטקייט — יענעם שאָטען וואָס

גרויסע נשמות ווארפען, און קליינע נשמות יאָגען זיך נאָך אים ווי עפּעס וואָס האָט אַ ממשות. פון זיין געוויסענהאַפטען פערזענליכען אָפּזאָג פון ליבע — ליבע, דער איינציגער שטריך פון אמת'ער ראָמאַנ־טישקייט אין זיינע נאָוועלען — און זיין גנעלט־הייראַט צוליב זיין קאַריערע, לויט דעם מנהג פון זיין שבט. פון זיין ראָמאַנישען באַגריף פון דער בריטישער אריסטאָקראַטיע, וועלכע ער באַהערשט נאָך, ווייל ער איז נישט ווירקליך פּאַרוואָרצעלט אין די סאָציאַלע באַגריפען, וואָס גיבען איר איר פּרעסטיזש, און ער קען זי דערפאַר קינסטלעריש מאַנעווירען פון דרויסען, אינטעלעקט אָפּגעזונדערט פון געפיל: צו שפּילען ענגלישע פּאָליטיק ווי אַ שאַך־שפּיל, באַוועגענדיג שטאָלצע איידעללייט ווי שאַך־פיגורען, מיט באַזונדערען טאַלאַנט צו פירען זיין קעניגין. זיין אומדערשיטערליכקייט אַליין אונטער אַטאַקעס, איז בלויז געווען דעם מיטעלאַלטערליכען אידען'ס זעלבסטבאַמייסטערונג פאַר דעם גראָב־מח'דיגען פאַרפאָלגער.

איך טראַכט די זאַכען און דער ספינקס גיט אויף זיין סוד — דעם אָפענעם סוד פון'ם געטאָ פאַרוועניו.

5

נאָר ווען איך קוק ווידער אויף זיין מאָדנע מזרח'דיג פּנים, אַזוי טיף געקנייטשט, אַזוי אָפּגעצערט, רופט צו מיר עפּעס איידעלערס און פיינערס פון די חורבות פון זיין מעלאַנכאָלישער שיינקייט.

אין זיין שווערער ענגלישער אַטמאָספערע ברענגט ער אריין נישט נאָר דעם גלאַנץ פון אידעען און וויץ, נאָר — אַ היינע פון טאַט — די פאַנטאַזיע פון פערזענליכען אבענטייער, און — ווען די דרייסט־קייט איז געקרוינט געוואָרען מיט קעניגטום — אויך דראַמאַטישע איבערראַשונגען פון פּאָליטיק. אָן ערפאָלגרייכער לאַסאַל, צופלאַטערט ער די פאַרגליווערטע קאַסטעס פון אריסטאָקראַטיע דורך דער איבער־מעכטיגקייט פון'ם אינדיווידועלען ווילען.

צו אַ לאַנד וואָס לייגט אָן פרעצעדענט אויף פּרעצעדענט, און האָט אפילו זיין קאָנסטיטוציע צו פאַרדאַנקען דעם דרוק פון פּראַק־טישע באַדערפעניסען, ברייגנגט ער דעם אידען'ס פאַראייניגנדיגען שוואונג פון אידעע. צוערשט איז ער דער דערמוטיגער פון דער יונג ענגלענדער פּאַרטיי, ווייל, באַטראַכטענדיג זיך פאַר אַ קינד פון אַ ראַסע

פון אַריסטאָקראַטען, וואָס זייער מיסיע איז צו ציוויליזירען די וועלט, פילט ער די פליכט פון דער פירערשאַפט צו וועלכער אָט די יונגע ענגלישע פּריצים און איידעללייט זיינען געבוירען. דעם בורזשואַ האַסט ער — בלויז דער פּאָמפּ פון קעניגליכקייט און דער פּאַטאָס פון אָרימקייט רירען זיין נשמה. זיין לעבענסלענגליכער חלום איז אַ טאָרי דעמאָקראַטיע, אין וועלכער די איידעללייט זאָלען מאַכען גליקליך דאָס פאָלק וואָס ווערט עקספּלואַטירט פון די מיטעלקלאַסען. דער פּראָדוקט פון אַ טעאָקראַטישען שטאַט, וואו די רייכע און די אָרעמע זיינען פאַראייניגט אין גאָט, איז ער דערשיטערט פון די „צוויי נאַציעס”, אויף וועלכע, דורך דעם שטופּענווייזען צוזאַמענברוך פון דער פעאָדאַלער וועלט, ענגלאַנד איז צושפּאָלטען. דאָס געשריי פון די טשאַרטיסטען לאָזט אים נישט קאַלט. ער איז צוזאַמען אין רעוואָלט מיט בייראָנ׳ען און מיט שעלי׳ן געגען דער פיליסטערישער וועלט. און שפּעטער, צו אַ מעכטיגען קעניגרייך וואָס איז צופעליג אויסגעוואַקסען, שטיקלאַכוויז, דורך די פּערזענליכע קאַמפען פון אומ־אָפּהענגיגע פּיאָנערען אָדער אָפּגעזונדערטע פּאַרכאַפּערס, גיט ער אַ פאַראייניגענדע נשמה, אַ גייסט, אַ מיסיע. ער דערפילט גלייך ווי היינע, אַז אַ פּוריטאַנישע בריטאַניע איז שוין די יורש׳טע פון דעם אוראַלטען פּאַלעסטינע, און איר שטאַטס־קירך איז בלויז די היטערין פון דעם סעמיטישען פּרינציפּ, פּאָפּולאַריזירט, אַזוי איז זי אויך דורך איר מאָראַלישער און פיזישער ענערגיע, די באַשערטע אויספירערין פון די אידעאַלען פון ציון. אַז זי פאַרפלאַנצט דאָס געזעץ ווי אַ גרויסען שאָטענדיגען בוים אין די טראָפּישע ווילדערנישען און טרוקענע מדבריות פון באַרבאַריזם. יענע גרויסקייט און ראָמאַנטישקייט פון זייער קעניגרייך, וואָס די ענגלענדער פון זיין צייט האָבען בלויז טונקעל געקאָנט, איז אים, דעם דרויסענדיגען, קלאָר פאַר די אויגען. ער איז פאַרכאַפּט דורך דעם צויבער פון דער ריזיגקייט דערפון, פון די הערליכע מעגליכקייטען. און ער בינדט ווירקליך צו ענגלאַנד נענטער צו אירע קאָלאָניעס, און ברייננט צוריק איר פאַרגאַנגענעם פּרעסטיזש אינ׳ם פּאַרלאַמענט פון די פעלקער. ער דערקלערט אפילו ענגלאַנד פאַר אַן אַזיאַטישער מאַכט.

ווייל זיין הארץ איז אַלע מאָל מיט זיין אייגען פאָלק — זיינע פאַרגאַנגענע הערליכקייטען, זיין פאַר׳עקשנ׳טע אומעטומיגע מאַכט,

נישט קוקענדיג אויף אומעטומיגער פארפאלגונג. ער זעט זיך אלס דעם באשטימטען אפשפראָץ פון אן אויסדערוויילט פאָלק, דאָס איינציגע פאָלק צו וועלכען גאָט האָט אמאָל גערעדט, און דער רייץ פון דעם ער־וואָרבענעם אינזעל ציפערן איז אפשר די נאָענטקייט דערפון צו פאַ־לעסטינע, די איינציגע ערד אויף וועלכער גאָט האָט ווען עס איז אראָפּ־געניזערט זיך צו אנטפּלעקען.

און, פונקט ווי זיין פאָלק, האָט ער קייטענרינגען מיט דער גאַנצער מענשליכער פאנאָראמע.

ער איז אין בארירונג מיט די העפליכקייטען און געבענטשטקייטען פון אייראָפּייאישע קעניגליכע הויפען און שטעט, האָט פריינטליכע באציאונגען מיט דעם רייכפארביגען, אומענדערליכען אָריענט, פאר־בריינגט אַ פיין לעבען אין די שפּאַנישע בערג: ער פילט די טראַ־געדיע פונ׳ם פארשוואונדענעם רוים, דעם מארמאָרנעם רוף פונ׳ם אַלטען אטען, די מיסטעריע פון די פּיראמידען, די נישטיגקייט פון לעבען. זיינע ביכער אָטעמען מיט וועלט־פּראָבלעמען.

און, ווי איך טראַכט אָט די זאַכען, ווערט זיין פּנים פארוואַנדעלט און ער ווערט — הינטער זיין גלאַנץ פון טאַט — אַ טרוימער פונ׳ם געטאָ.

אזוי דענק איך. אָבער וואָס — ווי דעם לאַנד־פּאַסטאָר׳ס דרשה זשומעט ווייטער — דענקט דער ספינקס?

ווער קען וויסען?

# טרוימערס אין קאָנגרעס

„ביי די טייכען פון בבל זיינען מיר געזעסען, און געוויינט, ווען מיר האָבען געדענקט אָן ציון". ביי די טייכען פון באַזעל זעצען מיר זיך אַנידער, אַנטשלאָסען נישט צו וויינען מער. נישט דער דייטשער רהיין, נאָר דער רהיין איידער ער פאַרלאָזט דאָס לאַנד פון פרייהייט. וואו, זונענדיג זיך אין דער הערליכקייט פון בלויען הימעל און ווייסען וואָלקען, און טונקעל באַוואַכט פון די אייביגע בערג. ווירבעלט ער זיינע פרישע גרינע כוואַליעס און איילט זיך מיט זיינע באַלאָדענע כראַטוועס צווישען די אויסטערלישע אַלטע הייזער און פאַר'חלום'טע קירכשפּיצען, און אונטער די געשעפטיגע בריקען פון דעם גאָלדענעם טויער פון דער שווייץ.

אין דעם שאָטענדיגען הויף פון דעם ראָטהויז זיינען פאַראַן פאַרשידענע פרעסקען וואָס זאָגען עדות אויף דעם הערשענדיגען איינדרוק אויף די מוחות פון די בירגער, וואָס עס האָבען געהאַט דאָס לעבען אין די געדאַנקען פון אַ קליין פאָלק וואָס האָט געבליט צווישען צוויי און דריי טויזענט יאָר צוריק אין די הויכלענדער פון קליין־אַזיע. אָבער צווישען אָט די דערמאָנענדיגע אילוסטראַציעס פון דער אַלטער אידישער געשיכטע, איז די מאָדערנסטע זאַך זיכער דער משה מיט די לוחות, אויף וועלכע עס שטייען די ווערטער: „וואָס ער האָט דיך אַרויסגעצויגען פון'ם לאַנד מצרים, פונ'ם הויז פון קנעכטשאַפט".

ווייל דאָ, נאָך די אַלע מאַטערנישען פון די יאָרהונדערטען, פלאַנט ווידער אַ זייער מאָדערנער משה — אין דער אַבסטראַקט־קאָנקרעטער פאָרם פון אַ קאָנגרעס — די באַפרייאונג פון ישראל פ; דעם הויז פון קנעכטשאַפט.

אָבער נישט אין דעם ראָטהויז, נאָר אין דער קאַסינאָ באַגעגענט זיך דער קאָנגרעס, און, וואו שווייצערישע פאַרליבטע פלעגען טאַנצען, ווערען דעבאַטירט די טראַגישע פּראָבלעמען פון אַן אויסגעשטויסען

פאָלק. א לענגליכער זאַל, פון ברודיגען געל, מיט געפלאַכטענע שטולען וואָס זיינען נעט צוטיילט אין דער מיט, און גרין־באַדעקטע טישען פאַר ציימונגס־רעפּאָרטערן, און א גרין־באַדעקטע פּלאַטפאָרם און טיש, אי־בער וועלכע עס זעען זיך די קעפּ און די יום־טוב׳דיגע העמדער־פראָנ־טען פון די פירערס.

א מאָדנע געמישטע גרופּע פירערס, אָבער אַלע מיט יענעם טינט־ציינען אויפ׳ן שטערען, וואָס איז אויפ׳ן קאָנטינענט פּונקט אזא צייכען פון טעטיגקייט, ווי אין ענגלאַנד דער סימבאָל פון פרוכטלאָזיגקייט. אַלע מער אָדער ווייניגער נאַאיוו גלויבענדיג אז די פּען איז מעכטיגער פון דעם מיליאָנער׳ס גאָלד.

בלויז איינער פון זיי האָט ביז איצטער ווירקליך אויפגערודערט די וועלט מיט זיין פּענשפּיץ — א נביא פון די מאָדערנע, וואָס פּרע־דיגט „וויי, וויי” דורך פּסיכאָ־פּיזיאָלאָגיע. אַליין א פּלינקער, שטאַר־קער אומדעגענעראַט, מיט א גרויסען גראָען קאָפּ וואָס איז וואונדערליך אָנגעשטאָפּט מיט פאַקטען און שפּראַכען. און דאָ ווייזט ער זיך נאָך ארויס מיט א גאָלדען האַריץ און א גאָלדען מויל ,אָן אַראַטאָר וואָס קען אַלצאיינס רירען צו טרערען אָדער געלעכטער. אין שאַרפען קאָנט־ראַסט מיט אָט דער האַלב טעטאָנישער פיגור ווייזט זיך דער לייבען־קאָפּ, מיט זיין טרייסלענדיגער שוואַרצער גריווע און אַקסלען, פונ׳ם רוסישען פירער, אַפּאָלאָ פאַרוואַנדעלט אין א בערסערקער, שיין, אי־בערמעכטיג, וואָס פון זיין פּרעכטיג מויל ראָלען זיך ארויס ווי באַרג־דונער די באַרבאַרישע רוסישע זילבען.

און פּונקט ווי קיין איינציגע צוויי פירערס זיינען נישט ענליך, אזוי זיינען די געוויינליכע דעלעגאַטען נישט ענליך איינער צום צוויי־טען. שרייבער און זשורנאַליסטען, פּאָעטען און נאָוועליסטען און סוחרים, פּראָפעסאָרען און מענטשען פון פּראָפּעסיעס — טיפּען וואָס האָבען אמאָל געזוכט אראָפּצושינדען פון זיך זייער אידישע הויט, און נאָכמאַכען, לויט דאַרווינ׳ס פּרינציפּען, די קאָלירען פון דער אומ־געבונג, נאָר וועלכע רופען איצטער אויס, מיט א געוויסען שפּעטליכען זין פון נוצלאָזיגקייט אָדער אויפריר פון שטאָלץ, זייער ברודערשאַפט אין ציון — זיי זיינען געקומען פון א סך ערטער. פון ווייטע לענדער און פון נאָענטע, פון פאַרוואָרפענע, אומבאַקאַנטע דערפער פון דער בוקאָווינע און פון קאַווקאַז, און פון די גרויסע אייראָפּייאישע הויפּט־

שטעט. צום געדיכטסטען פונ'ם תחום פון פאַרפאָלגונג, אין זעלטענע איינצעלפאַלען פון די פרייע מדינות פון ענגלאַנד און אַמעריקע — אַ מאָדנע פאַנטאַסמאַגאָריע פון פנים'ער. אַ קליינער, פאַרגעלטער פּאַ־לאַק, מיט הויכע באַקענביינער, אַ בלאָנדער אונגאַר, מיט פלאַקסענע וואָנסען, אַ ברוינער, שפּיציג־פּנים'דיגער רומענער, אַ פריש־פאַרביגער פראַנצויז מיט אויגענגלעזער, אַ טונקעלער האָלענדער פון מאַראַנישען אָפּשטאַם, אַ קורצער און דיקער דייטש, אַ רוס מיט פייערדיגע אויגען, וואָס האָט זיך אַ צוהיצטער געצופּט ביי די האָר, מעגליך אין אַ פאַר־געפיל, אַז טורמע האָט אים ערוואַרט ווען ער וועט צוריקקומען. אַ טונקעלער עגיפּטער, מיט די קורץ־געשוירענע געקרייזעלטע שוואַרצע האָר, כמעט אינגאַנצען ווי אַ ניגער אַ חוץ דער נאָז. אַ שווייד מיט אַ געלער באָרד, אַ הויפמעסיגער ווינער אַדוואָקאַט, אַ דייטשער סטודענט מיט שטאָלצע דועל־שניטען איבער דער באַק, אַ ווינער סטודענט, ער־שטער קעמפער אין אוניווערסיטעט, מיט אַ קאָלירטען באַנד איבער'ן פראָנט פון העמד. אַ פראַנט, וואָס שמעקט פון די בעסטע פּעטער־בורגער קרייזען, און איין איינזאַמער קאַפּטאַן־איד, מיט פּאות און אַ יאַרמעלקע, וואָס ברייננגט אריבער אין ניינצענטען יאָרהונדערט דעם קבלה־מיסטיציזם פון דעם קאַרפּאַטישען משיח.

ווער רעדט וועגען דעם אידישען טיפּ? מען קען בלויז זאָגען נעגאַטיוו, אַז די פּנים'ער זיינען נישט קיין קריסטליכע. איז דאָס דער שטעמפּעל פון אַ לענגערער קאָמפּליצירטער ירושה? איז דאָס דער צייכען פון צרות? זיכער אַ שטרייננגער קאָנגרעס, די רעדעס ווייניג פאַרלייכטערט פון הומאָר, און דערצו שוועבט נאָך די אַטמאָס־פערע פון היסטאָרישער טראַגעדיע צוצוגעבען אינטעלעקטועלע צערט־ליכקייט. אפילו די אָנוועזענהייט פונ'ם פריילינכען געשלעכט — ווייל עס זיינען דאָ עטליכע דאַמען צווישען די דעלעגאַטען, און נאָך מער קוקען אַראָפּ פון דער געפּאַקטער צושויער־גאַלעריע וואָס לויפט ביי דער זייט איבער'ן זאַל — ניט בלויז צו עטליכע ליכטיגע פלעקען פאַר'ן אויג אין דעם גראָען בילד. ערנסטקייט איז אָפּגעשטעמפּעלט אומע־טום: אויף די ברייט־אַרויסגעזעצטע שלייפען פונ'ם רוסישען אַקו־ליסט, אויף דעם איי־פאָרמיגען שאַרבען און די דינע ווייסע האָר פון דעם היידעלבערגער פּראָפעסאָר, אויף דעם אָפענעם פּנים פון דעם אונגאַרישען אַרכיטעקט, אויף די שוואַכע, פיינע געזיכטסצוגען פון

דעם נעאוראָטישען העברייאישען דיכטער. דער ערנסט גיט צו דיגניטעט צו רויטע האָר און צו זומערשפּרענקלאַך, מאַכט ווייכער די רויקייט פון צו־פליישיגע באַקען, און גיט נאָך צו שיינקייט צו פיין־געשניצטע פּנים׳ער.

איבערפלעכליך, אַלזאָ, האָבען זיי וויניג וואָס געמיינשאַפטליך, און אויב כמעט אַלע רעדען דייטש — די שפּראַך פון׳ם קאָנגרעס — איז עס נאָר דערפאַר ווייל אַלע באַמייסטערען זיי דריי אָדער פיר שפּראַכען. דאָך עפּעס אַ פיינער אינסטינקט קייטעלט זיי צוזאַמען איינעם צום אַנדערען. אפשר אַ פאָרבאַטייט פון עפּעס אַ ברודערשאַפט פון דער מענטשהייט, פון וועלכער דער צוזויפגעזאַמעלטער ישראל — אָדער אפילו אַן אייביגער ישראל — שטעלט מיט זיך פאָר דעם טיפּ.

דורך די פאַרמאַכטע פענסטער מיט די רויטע פאָרהאַנגען קומט פון צייט צו צייט אריין דער שאַרפער קלונג פון׳ם גלאָק פון דעם עלעקטרישען טראַמוויי, און דער פּרעזידענט, וואָס פירט ענגסטליך דעם וועג פון דעבאַטען דורך שווערע אינטערנאַציאָנאַלע קרייץ־וועגען, קלינגט זיין גלאָק כמעט אַזוי אָפט.

אַ מאַיעסטעטישע אָריענטאַלישע פיגור, דעם פּרעזידענט׳ס — נישט אַזוי הויך ווי ער ווייזט אויס ווען ער שטרעקט זיך אויס און שטייט דאָמינירענדיג די פאַרזאַמלונג מיט אויגען וואָס חלום׳ען און גליען — איר וואָלט אים געהאַלטען פאַר איינעם פון די אַסירישע קעניגען, וואָס זייערע געשניצטע קעפּ באַצירען אונזערע מוזעאומס, דער פּראָפיל אינגאַנצען ווי פון טיגלאַט פּילעסער. באמת, דאָס שיינע טונקעלע פּנים פון אַ קעניגליכען טרוימער, אָבער פון אַ אידישען טרוי־מער וואָס קוקט אין פּנים אריין דעם פאַקט, אַז בלומען וואַקסען אין שמוץ. אַ שעלי „קלאַפּט אין דער לופט זיינע ליכטיגע פליגעל אומ־זיסט”. אונזער אידישער טרוימער טרוימט לויט די מעגליכקייטען פון לעבען. זיין טרוים איז בלויז אַן אַנטקעגענגעוואַרטען דער צוקונפט, זיין נבואה איז בלויז אַ פאָררעדען, זיין זען אַ פאָרזען. ער רעדט פון אַגרי־קולטור, טרויבענפלאַנצונג, הילף פון דער טערקישער רעגירונג, דורך דירעקטען טריבוט און אומדירעקטער באַרייכערונג. קאַפּיטאַל און אַקציעס, באַנען, אינלענדישע און קיין אינדיע. נאַטירליכע אַנטוויק־לונג אונטער אויספּרייטונג — דער גאַנצער זשאַרגאָן פון אונזער אייזערנער עפּאָכע. זאָל אָט די באַוועגונג נישט צוביטען ווערען מיט

יענע קליינינקע פּראָיעקטען צו העלפען אידישע קאָלאָניסטען פון פּאַלעסטינע. וואָס! פאַרבעסערען דעם סולטאַנ'ס לאַנד איידער ער וועט פאַראויס גאַראַנטירען אַ וואָסער עס איז פּאָליטישען גלייכווערט! שוועריגקייטען וועגען די הייליגע ערטער פון קריסטענטום און איסלאַם? בע! אויסער־טעריטאָריעל.

אַ פּראַקטיצירטער פּובליציסט, אַ שטודירטער אדוואָקאַט, אַ נישט אומערפאָלגרייכער קאָמעדיען־שרייבער, פאַרוואַנדעלט צו ראַסען־זעלבסטבאַוואוסטזיין דורך דעם „העפּ, העפּ" פון ווין, און אריינגע־איילט אין נישט פאַראויסגעזעענער האַנדלונג דורך זיין אייגענעם פּאַפּירענעם פּלאַן פון אַ אידישען שטאַט, האָט ער אפשר ענדליך — און נישט אומגעצעגערט — זיך געפונען אלס אַ פירער פון מענטשען.

אין אַ קאָנגרעס פון פייערדיגע רעטאָריקער בלייבט ער רואיג, מעסיג. זיין שטים איז מערסטענטיילס איינגעהאַלטען. ווען זי איז אממייסטען גערירט איז דאָ אין איר אַ טרוקענער אונטערטאָן, כמעט דוי. ער דערשטיקט אַן אומרו מיט אַ בליק, מיט אַ וואָרט, מיט אַ שאַרפען ריר פונ'ם גלאָק. דער שד'ישער פּוס פונ'ם סאָציאַליסט קוקט ארויס פון אַ קליינער גרופּע. און גלייך „דער קאָנגרעס וועט נישט געפּאַנגען ווערען פון קיין פּאַרטיי!" און דער קאָנגרעס שטורעמט פון צופרידענהייט.

עס איז די גליקליכע פעאיגקייט פון אַלע אידעאַליסטען צו פאַר־זען דאָס זעבאַרע—דאָס איז דער פּרייז וואָס זיי צאָלען פאַר זען דאָס אומגעזעענע. אפילו אונזער אָפען־אויגיגער אידישער אידעאַליסט איז געווען געבענטשט מיט נישט קענען די ווירקליכקייט. אָבער, טאַקע אין דעם נישט קענען דאָס פּאָלק וואָס ער פירט און אין דעם לאַנד צו וועלכען ער וועט זיי פירען, ליגט זיין קראַפט, פּונקט ווי אין זיין צוגעבען אַז זיין ציוניסטישע אייפריגקייט איז בלויז פון יענעם צווייט־קלאַסיגען סאָרט, וואָס ווערט ארויסגערופען דורך לאָקאַלען אַנטי־סעמיטיזם, ליגט אַ מעכטיגער ענטפער צו דער געפערליכער באַשול־דיגונג אין לאָקאַלען אומפּאַטריאָטיזם. וועגען די ווירקליכע אַגרי־קולטורעלע און פּאָליטישע באַדינגונגען אין פּאַלעסטינע ווייסט ער בלויז פון דעם וואָס ער האָט געהערט. וועגען אידען ווייסט ער נאָך ווייניגער. ער ווייסט גאָרנישט פון דעם פּאַראַליזירענדיגען זין פון די אייגענזיניגקייטען פון זיין ראַסע, פון דעם קליינליכען קאַמף צווישען

חאַלענדישען און פּוילישען איד, דאָס געגענזייטיגע העכער האַלטען זיך פון ספרדי און אשכנזי, די גראָטעסקע נישט־פאַראיינבארקייט פון דעם מערב־איד מיט דעם מזרח־איד, דער ציניזם און די אויפגעקומענקייט פון די פאַרמעגליכע, דער מאַטעריאַליזם פון די אומגעבילדעטע אויס־וואַנדערער אין נאָך נישט עקספּלואַטירטע געגענדען. ער שטייט אַזוי הויך און אַריבער, אַז אַלע ספּעציפישע באַפאַרבונגען און באַצייכענונגען זיינען ביי אים פאַרשוואומען אין איין אַלגעמיינער ברודערשאַפט, און, אויב ער איז ציניקער גענוג זיי צו פאַרדעכטיגען, איז ער פילאָזאָף גענוג צו אַנערקענען, אַז אַלע פעלקער זיינען פול מיט אומגלייכקייטען, וואָס ווערען באַלעבט פון קריגערישע עלעמענטען. און ער האָט אויך נישט קיין סימפּאַטישען באַגריף פון די מיסטישע רעליגיעזע האָפענונ־גען פון דורות פון פאַנאַטיקער, פון די גרויסע ווירבעלדיגע גייסטיגע כוואַליעס פון געטאָ לעבען. אָבער אין אַ נאַציאָנאַלער באַוועגונג — וועלכע זעט ביים ערשטען בליק אויס האָפנונגסלאָז, ווייל עס פעלט איר דער גרויסער מאַגנעטיזירער, רעליגיע — ליגט אַ געלעגענהייט וועלכע איז נישט מעגליך פאַר איינעם וואָס זאָל זיך דרייסט ערקלערען פאַר דעם נביא פון אַ מאָדערנעם אידענטום, דעם לעצטען פון די נביאים. בלויז פּאָליטישער ציוניזם קען איבערשטייגען און פאַר־איינינגען: אַ וואָסערע עס איז רעליגיעזע פאָרמעל וואָלט צושטערט און צוריסען. אויף דעם אופן מעגען אַלע פאָרען קיין ירושלים. און, פונקט אַזוי ווי דער לאָקאָמאָטיוו פון יפו ציט אַלעמען גלייך צו דער הייליגער שטאָט און לאָזט זיי דאָרט צו זייערע פאַרשידענע געטער, אַזוי מעג די פרומע אינגאַנצען נישט אָנגיין דעם אינזשיניר׳ס רעליגיע.

דאָס איז נישט די זעערישע פיגור וואָס איז באַשאַפען פון דער טרערען־פאַרטונקעלטער בייִנקשאַפט פון׳ם געטאָ. נישט קיין צווייטער שבתי־צבי, מייסטער פון הימלישע סודות, געטליכער ווידערפאַרקער־פערונג, געקומען מיט סימנים און נסים צוריקצופירען ישראל׳ן אין פאַר־שפּראָכענעם לאַנד אריין, נאָך ווייניגער דער נביא וואָס איז פאָראויס־געשטאַלט געוואָרען פון די קריסטליכע זעערס, וואָס טייל פון זיי, באָטש ציטערדיג, דריקען אַרויף אויף׳ן קאָנגרעס אַליין קאָמפּליצירטע פאַרגלייכונגען פון פסוקים, אָדער קליינע קאַרטלאַך מיט דעם צלם. פּאַלעסטינע, אוודאי, אָבער אַ נאָכגעדאַנק: אַ באַגייסטערונג פון אומ־פאַרדעכטיגטער קראַפט, וואָס מוז אויסגענוצט ווערען — ווי אַלע

מענטשליכע כחות — דורך דעם באַשאַפער פון געשיכטע. שטאַמען זענען דער אויסדרוק פון נשמות. אין יעדען לאַנד וואָלט זיך די אַידישע נשמה געקענט אויסדריקען אין כאַראַקטעריסטישע אינסטיטוציעס, וואָלט געקענט פון זיך אָפּטרייסלען די לאַנגע אונטערדריקונג פון די יאָרהונדערטען, און באַנייען איר יוגענט אין באַרירונג מיט דער ערד. אבער אזוי ווי עס איז פּאַראַן די בענקשאַפט נאָך פּאַלעסטינע, לאָמיר שלאָגען קאַפּיטאַל דערפון — קאַפּיטאַל וואָס וועט אומקערען זיין זיכערען פּראָצענט. אַ געלויף נאָך פּאַלעסטינע וועט מיינען דאָס גאַנצע קאָכיגע געמישעניש פון מענטשליכע באַגערען און טעטיגקייטען פון וועלכען די דורכגעטריבענע כאַפּען אַרויס פּראָפיטען — גאָלד־געלויף און גאָט־געלויף, זיי זיינען ביידע איינס אין זייער עקאָנאָמישען מעכאַניזם. זאָלען די אידען אליין נישט נעמען קיין אקציעס איז אזא צוזאָגליכען פּראָיעקט? וועלען נישט אפשר אפילו זייערע גרויסע באַנקירען געבען זייערע נעמען צו אזא פּראָספּעקט? די אקציאָנערען נעמען נישט אויף זיך קיין חובות אַ חוץ דעם באַטרעף פון זייערע אקציעס. עס דאַרף קיין שום פליכט נישט אַרויפגעלייגט ווערען אויף זיי צו קומען קיין פּאַלעסטינע — זאָלען זיי זיך בלייבען אין זייערע וואַרעמע נעסטען. די אידישע געזעלשאַפט, באַגרענעצט, זוכט אַ היים בלויז פאַר דער איינזאַמער טויב וואָס געפינט נישט קיין רו פאַר דער זויל פון איר פוס.

און דאָך הינטער אָט די אלע שטאַטסמאַנליכע רייד, באַרירט מיט דער ספּעציעלער טרוקענקייט פונ'ם יוריסט, לויערט די ראָמאַנטישקייט פונ'ם דיכטער און די צוועקפולע אומבאַשטימטקייט פון דעם מאָדערנעם עוואָלוציאָניסט. די פאַנטאַזיע פונ'ם אונגאַר, דאָס דראַמאַטישע זעלבסטבאַוואוסטזיין פונ'ם ליטעראַרישען קינסטלער, דאָס האַרץ פונ'ם איד.

איז איינער דערפאַר ווייניגער אַ דיכטער ווייל ער נעמט אין אַנבאַטראַכט די געזעצען פון ווירקליכקייט, ווייניגער רעליגיעז ווייל ער נעמט זיי אָן, ווייניגער אַ איד ווייל ער וויל לעבען אין זיין אייגענעם יאָרהונדערט? אונזער טרוימער וויל גאָרנישט האָבען פונ'ם מיטעלאַלטער, ער איז פאַרליבט אין דעם מאָדערנעם. ער האָט אַ באַהאַלטענע פאַרגעטערונג פאַר דעם „איבערמענטש" פון ניטשע, וועלכער דאַרף אפילו איבערגעשטיגען ווערען פון דעם קומענדיגען ירושלים'ער

אי. דער פסיכישער עראזיער, דער קיימעגרינג און פארטיימשער צווישען מזרח און מערב — ניין, צווישען די אלטע צייטען און דעם נאָדערנעם גייסט. די סינטעזע פון דער מענטשהייט, דורכגעזאפט מיט דער קולטור פון די פעלקער, און וועלכע ווענדט זיך איצטער ענד־ליך צוריק אהיים, באלאָדען מיט דעם גייסטיגען רויב פון דער וועלט — פאר דער וועלט'ס טובה ווענען. ער וועט גרינדען אן אידעאלען מאָ־דערנעם שטאט, אלמענטשליך אין גלויבען, רעכטפארטיג אין געזעץ, א צענטער פון געוויסען — אפילו געאָגראפיש — אין א וועלט וואָס פאלט צוריק אריין אין היידנישען כאאָס. און זיין פאָן וועט זיין א מגן דוד, מיט דעם אומבאצווינגבארען לייב פון יהודה, און צוועלף שטערען פאר די שבטים. אויס מיט דעם קריכען און שושקען זיך אין פינסטערע ווינקלען. קיין שום פאר'גנב'עט אריינדרינגען קיין פאלעסטינע. דער איד וועט פאָדערען רעכט, נישט טאָלעראנץ. ישראל וועט גיין אויסגעשטרעקט. און ער, ישראל'ס פאָררעדנער, וועט נישט זשאָנגלירען מיט קיין דיפלאָמאטישע קאָמבינאציעס — ער וועט שפי־לען מיט די קאָרטען אויפ'ן טיש. ער האָט גאָרנישט וואָס צו זאָגען דער מאסע, דער קריסטליכער צי דער אידישער, ער וועט נישט אינ־טריגירען מיט קיין פאָליטישע אונטערלינגען. ער איז נישט קיין דעמאגאָג. ער וועט רעדען מיט מלכים אין זייערע פאלאצען, מיט פרעמיער מיניסטאָרען אין זייערע קאבינעטען. עס איז דאָ פאראן עפעס פון דעם אידען לאסאל, פון דער פרעכטיגקייט פון מנשה בוענא ברזלי אזעווערא דא קאָסטא, קעניג פון די פראגע־בעטלערס.

האָט איר דאגעגען, אז די אָרעמע ווילען זיין די איינציגע וואָס ווילען אימיגרירען קיין פאלעסטינע? פארוואָס, גראָד די ווילען מיר דאָך. איך בעט אייך, ווי אזוי דען ווילען מיר מאכען אונזערע ווענען און פארפלאנצען אונזערע בוימער? מען דארף איצט אבסאָלוט נישט דערמאָנען דעם עראזישען עקזעמפלאר, דעם סינטעטישען „איבער־מענטש". אפשר וועט ער זיך ערשט אנטוויקלען. ווילט איר זאָגען, אז אן אינערליכע דערהויבונג פונ'ם צושפרייטען ישראל וואָלט געווען א פיינערער ציל, דער אמת'ערער געגענגיפט צו אנטיסעמיטיזם? אומשולדיג הארץ, זעט איר נישט, אז גראד פאר אונזערע מעלות — נישט פאר אונזערע חסרונות — ווערען מיר פארפאָלגט? פאר די קרעפטיגע „קאמף פאר'ן לעבען" קוואליטעטען אוועקגעשטעלט אָנ־

שטאָט גייסטיגע, אַנשטאָט עטישע. און דאָך צו צווייפלען אז די וועלט וועט — און טוט — זיך סימפּאַטיש אָפּרופן צו די פייגערע עלע־מענטען וואָס זיינען פאַראַן אַזוי פיל אין ישראל, וואָלט דאָס נישט געמיינט צו פאַרצווייפלען אין דער וועלט, אין דער מענטשהייט? אין אַזאַ וועלט, וואָס פאַר אַ גאַראַנטיע האָט מען געגען אַ חורבן פון דריטען בית־המקדש? און וואָלט זיך אין אַזאַ וועלט איינגאַנצען גע־לוינט צו לעבען? און אפילו מיט פאַלעסטינע אַלס דעם ענדליכען ציל, ראַט איר אַז מען זאָל עס אָפּלייגען, וואַכען איבער דעם ציוניסטישען פּלאַן, שטופענווייז אויסבילדען און צוגרייטען די ראַסע פאַר אַ גרויסער באַוואוסטזיניגער היסטאָרישער ראָלע אין דער וועלט׳ס צוקונפט, אַ פערציג־יעריגע וואַנדערונג אין דער מדבר צו אָרגאַניזירען אָדער אויס־צו׳הרג׳ענען דעם געמישטען ערב־רב — וועט איר אַלזאָ, טרוימער, ווענדען אַ טויב אויער צום געשריי פון די מיליאָנען וואָס ווערען אונ־טערדריקט היינט? וועט איר איגנאָרירען דאָס געבעט פון אָט די הונדערטער טעלעגראַמען, פון אָט די טויזענטער פּעטיציעס מיט מי־ריאַדען אונטערשריפטען, צוליב עפּעס אַ וויזיאָנערע פאָלקאָמענהייט פון מאָרגען? ניין, ניין, דער מאָדעל פונ׳ם קאָנגרעס וועט זיך אַליין מוזען פאַרווירקליכען. אַנטקעגען די בילדליכע קלאָג־אידען ביי די חורבות פון דער כותל מערבי וועלען אַוועקגעשטעלט ווערען די נישט ווייניגער בילדליכע פּויערים וואָס פאַרזייען זאָמען, וואָס זייער שניט איז אין דער אייגענער צייט כוואַליענדיגע זאַנגען און אַן אויפגעלעבט ישראל. די פלעקען פון שמוציגען האַנדעל וועלען אָפּגערייניגט ווערען דורך די טויען און די רעגענס. אין דעם אידישען פּויער זע דעם אידעאַלען פלעבעער פון דער צוקונפט. אַ זון פון דער ערד, אָבער אויך אַ זון פונ׳ם גייסט. און וואָס פאַר אַ שיינע אויפבליאונג פון קונסט און ליטעראַטור קען אַמאָל די וועלט געווינען פון אָט דעם גרויסען געלייטערטען פאָלק, וואָס טראָגט אין זיין ברוסט די ערפאַרונג פון די צייטען?

נישט אַלע די אידען זיינען זיינע אייגענע. טייל האָט ער אפשר אין אַ אונטער־באַוואוסטזיין, אַזוי אַז אַפילו דאָ ביים קאָנגרעס הערט זיך אַ טאָן פון אייפערזוכט, דער רוף פון אַ פריערדיגען נביא האָט ווילד גערופען. אויף אַ מאָמענט ווערט די חשוב׳ע פאַרזאַמלונג אַ קרבן פון די בלוט־איינגעשאַפטען, און ברענגט צוריק די מיאוס׳ע רייד־

**סעריייען פונ'ם קהל. גליך יעדער מאָמענט וואָלט נישט געגערט גע־**וואָרען פון אונטערערדישע פייערען, וואָס אַ ווייט דונערען זאָגט אָן, באַטש עס איז בלויז די ערדציטערניש, אָדער וואולקאַנישער אויסברוך וואָס לויפט אריין אין דער געשיכטע!

אָבער דער פּאָרזיצער איז פיין אומפערזענליך. נישט ער, נאָר דער קאָנגרעס. די בולגארען האָבען אַ טראַדיציע, אַז משיח וועט גע־בוירען ווערען דעם 20טען אויגוסט. ער גלויבט אויך אין דעם. היינט איז משיח געבוירען געוואָרען — דער קאָנגרעס. „אין דעם קאָנגרעס באַשאַפען מיר פאַר'ן אידישען פאָלק אַן אָרגאַן, וועלכען עס האָט ביז איצטער נישט געהאַט, און אין וועלכען עס האָט זיך אַזוי טרויעריג גענויטיגט. אונזער זאַך איז צו גרויס פאַר דער אַמביציע און עקשנות פון איין מענטשען. זי מוז דערהויבען ווערען צו עפּעס אומפערזענ־ליכעס אויב זי דאַרף האָבען ערפאָלג. און אונזער קאָנגרעס דאַרף זיין אַ שטענדיגער, נישט בלויז ביז מיר וועלען באַפרייט ווערען פונ'ם אַלטען שטאַט, נאָר נאָך מער שפּעטער... ערנסט און הויך, אַ ברכה פאַר די אומגליקליכע, פאַר קיינעם נישט שעדליך, צום כבוד פון אַלע אידען, און ווירדיג אַ פּאַרגאַנגענהייט, וואָס איר הערליכקייט איז ווייט אַוועק, אָבער אייביג".

און ווי ער גייט אַראָפּ פון דער טריבונע, אין דעם שטורעם פון „האָכס", און דעם דונער פון הענט און פיס און שטעקענס, און די פלאַטעריי פון טיכלאַך, מיט מענער וואָס זיינען צוגעלאָפען צו קושען זיין האַנט, און אַנדערע וואָס האָבען געוויינט און אים אַרומגענומען, זייט זיכער אַז קיין פּריוואַטע אַמביציע באַהערשט אים נישט, זייט זיכער אַז זיין האַרץ וואַקסט אין אים בלויז מיט דעם פאָרגעפיל פון גרויסע געשעענישען און מיט דערהויבענדיגע געדאַנקען פון די מיליאָ־נען וואָס וועלען אויפציטערען מיט דעם ווייטען ווידערקלאַנג פון אָט דעם געטליכען מאָמענט.

וועלכער אייראָפּייאישער פּאַרלאַמענט האָט געקענט גליען מיט אַזאַ גלענצענדער פּאַרזאַמלונג פון אינטעלעקט? איז ניט יעדער מאַן אַ געבוירענער אָראַטאָר, מייסטער פון קונסטען אָדער וויסענשאַפטען? האָט נישט אפילו דער קאַפּטאַן־איד פון די קאַרפּאַטען אַרויסגעגעבען זיין פּאָעזיע און זיין פילאָזאָפיע, וואו ער האָט העלדיש אַרויסגעשטעלט דעם בעל־שם אַנטקעגען אַ דאַרווינישער וועלט? היינע האָט אויס־

געמאָלען דעם איד ווי אַ הונט, וואָס ווערט ביים אָנקומען פון דער פרינצעסין שבת צוריק פארענדערט אין אַ מענטש, מעכטיגער פון דער פרינצעסין האָט דער קאָנגרעס באוויזען דעם אידענ'ס מעגליכקייט צו דער וועלט. יענער אַלטער מאלער, וואָס זיין בארימטער טויטענ־טאַנץ האָט יאָרהונדערטען געצויגען די נייגעריגע קיין באזעל, האָט נישט געקענט אויסמאָלען דעם אידען אַנדערש ווי דעם קארגען אין דער קאַפּאָטע, וועלכער האָט בלויז אַוועקגעוואָרפען זיין געלט־בייטעל ווען דער טויט האָט אים אָנגערירט. אַלזאָ, דאָ האָט ער עפּעס אַנדערש צו זען — ווען דער טויט, וועלכער האָט אים אויך צוגענומען, וואָלט געקענט אים צוריקברייננגען אויף איין מאָמענט — אָט די געלערטע, דענקער, פּאָעטען, פון אַלע לענדער פונ'ם גלות, וועלכע שטייען אויף צום כבוד פון די טויטע פּיאָנערען פון ציוניזם, און ,אויפהויבענדיג זייער רעכטע האנט צום הימעל, שרייען זיי, „אויב איך וועל דיך פאַר־געסען ירושלים, זאָל מיין רעכטע האנט מיר פארגעסען ווערען!" יאָ, דער חלום ציטערט נאָך אינ'ם הארץ פונ'ם פארמומיעטען פאָלק, דאָס פייער וואָס איז דערשטיקט געוואָרען מיט צוויי טויזענט יאָר צוריק שלאָפט נאָך אינ'ם אַש. און אויב אונזער פרעזידענט פארגעסט, אַז די ריזיגע מערהייט פון זיינע ברידער זיינען נישט רעפּרעזענטירט אין זיין קאָנגרעס, אַז זיי זיינען צופרידען מיט די בירגערליכע רעכט וואָס זיי האָבען מיט אַזאַ פּיין געוואונען, און האָבען אַנדערע באַגריפען פון דער צוקונפט פון זייער גלויבען, ווער וועט אים נישט פארגינען אָט דעם מאָמענט פון פיינער באגייסטערונג?

אָדער, ווען ביינאכט, אין די סטודענטען־שטובען, די חכמים און גראַ־בערדיגע, זינגען מיט מיט פריידענס־טרערען און מיט ברודערליכע קושען, דעם „גאודעאמוס איגיטור", ווער קען אים פארלייקענען. אור־זאכען פאַר זיין גלויבען, אַז „מיר זיינען נאָך יונג", אַז די פּלאָגענדיגע יאָרהונדערטען האָבען נישט געהאַט קיין מאכט איבער אונזער אומ־שטערבליך פאָלק. „אַלטקייט קען זי נישט פארוויאַנען, און די מנהגים קענען נישט אלס מאכען איר אומענדליכע פארשידענארטיגקייט".

די וועלט אין וועלכער נביאות ווערען ארויסגעזאָגט, קען נישט זיין די וועלט אין וועלכער נביאות ווערען מקוים. און דאָך ווען — ביים סוף פון אָט דער געדענקליכער פארזאמלונג — דער רב פון באזעל, אין זיין שווארצער יאַרמעלקע, איז ארויף אויף דער טריבונע, אונטער

פּאַרטײבענדיגע אַפּלאָדיסמענטען פון אַן אַלוועלטליכען קאָנגרעס, און דריקט אוים די מורא פון די גלויביגע, אַז אין דעם נייעם אידישען שטאַט זאָל דער רעליגיעזער איד נישט פאַרפאָלגט ווערען; און ווען דער פּרעזידענט גיט ערנסט די פאַרזיכערונג, אין אויך אַזאַ ווילדען ענטוזיאַזם, אַז די אידישקייט האָט נישט וואָס מורא צו האָבען — די אידישקייט, די איינציגע אורזאַך און טרייסט פון די יאָרהונדערטען פון אָפּגעזונדערטקייט און מאַרטירעריי — דרינגט נישט אַריין אַ געפיל פון דער איראָניע פון געשיכטע אין זיין דערהויבענער שטימונג?

# דער וואנדערער קיין ארץ ישראל

אַ ריזיגער, געמישטער עולם פון אָרימע אידען און ווייבער האָט זיך באוועגט אין דרויסען פאר די טירען פון דער גרויסער מאָג־טשעסטער שול, און געוואָרימט זיך אנטקעגען דעם ווינטערדיגען נאָכמיטאָג דורך אַ ווילדען דריקען זיך און שטופּען זיך. זיי האָבען זיך געצויגען פון דעם ברייט־זייליגען טויער אראָפּ די שטיגען און אריבער דעם אייזערנעם אָנלען, ווייט אין דער גאס אריין. די היל־צערנע בענק פון דער הייליגער געביידע זיינען שוין געווען געפּאקט מיט אַ פארשוויצטען עולם, וואָס איז געזעסען אויסגעמישט, ווייבער מיט מענער, און אפילו מענער אין דער פרויען־שול, וואָס זיינען טאקע אין כעס געווען — צום ערשטען מאָל — אויף די גראָטען. די שעה פון דער דרשה איז שוין אָנגעקומען, נאָר די פּאָליציאַנטען האָ־בען זיך אומזיסט באַמיט צו פארמאכען די טירען געגען דעם מעכ־טיגען מענשליכען שטראָם וואָס האָט זיך כסדר געדריקט, צעווילדע־וועט פון שרעק אנטוישט צו ווערען און פון לאנגען ווארטען.

אַ פּאָליציאַנט, וואָס האָט זיך קוים דורכגעדרייט אין שול אריין דורך דעם שמש׳עס אריינגאנג, האָט געבראַכט צום העלד פון׳ם נאָכ־מיטאָג אַן אָנזאָג פון׳ם סופּעראינטענדענט, אַז אויב ער וועט נישט צואווארטען מיט דער דרשה ביז מען וועט די מערסטע אַנטוישטע אריינלאָזען, וועט מען נישט קענען פארמיידען קיין ראַיאָט. און אזוי האָט זיך דער שטראָם ווייטער געצויגען פּאמעליך פּאָראויס, אריינפליסענדיג אין יעדען ווינקעל און דורכגאנג, ביז ער איז גע־שטאַנען פעסט און אומרירבאר, אָנגעהויפט ווי די וואסערען פון׳ם רויטען ים. און ווען די טירען זענען ענדליך פאררינעלט געווארען, און טויזענטער טונקעל־ברוינע פּנים׳ער, שוואך באלויכטען פון די זשיראַנדעלען הענגענדיגע גאַז־גלאָבען, זיינען געווען געווענדט צום הויכען בעלעמער וואו דער רעדנער איז געשטאַנען, הערשענדיג,

אנטקעגען דעם מיסטישען הינטערגרונט פונ׳ם פּרוכת, האָט עס אויס־געזען גלייך דאָס גאַנצע געטאָ פון מאַנטשעסטער — די גאַנצע באַ־פעלקערונג פון סטרענדזשוועים און רעדבענק — וואָלט זיך אויסגע־גאָסען אין דער איינער שול אריין אין איין גרויסער צופלוס־כוואַליע, באוועגט דורך איינעם פון יענע מאָדנע הימלישע איינפלוסען וואָס האָבען דורך דער גאַנצער געשיכטע אויפגערודערט די פאַרשטאַרקונג פון די אידענשאַפטען.

צווישען אָט די פּאַראַרימטע טויזענטער, וואָס זיינען צוגעצויגען געוואָרען אהער דורך דעם נאָמען פון אַ סאָלדאַט וואָס מען האָט געזאָגט אז ער רעדט פאַר אַ משיח׳שען מיליאָנער וואָס האָט בדעה אויסצולייזען און באפרייען די אידען, איז אהרן דער פּעדלער געווען אַ שטויבעלע — מיאוס, בלייך, און איינגעבויגען, מיט פּאות, אין אַ לאַנגער, דומפּיגער קאַפּאָטע, ווייניג באמערקט אפילו פון יענע צווישען וועלכע ער האָט זיך געדולדיג געדרייט און געדריקט שעה׳ען דורכאַנאַנד. אהרן האָט באטייט ווייניגער פון גאַרנישט אין אַ וועלט וועלכע ער האָט בלויז געהאָלפען צו זיין איבערגעפּאַקט, און פון וועלכער ער האָט זייער ווייניג באַגריפען. ווייל כאָטש ער האָט זיך געמאַכט פּרנסה פון זיין געגילטער סחורה, און האָט געוואוסט ווי צו שמייכלען דינערס ביי זייטיגע טירען, איז ער געווען ווייט הינטער־זיינע מיטברידער אין יענעם מיספאַרשטיין דעם מענשליכען ווירוואַר וואָס מאַכט דעם געוויינליכען רוסישען איד פאַר אַ פּאָליטישען וואונ־דער. אהרון׳ס אינטערעס אין פּאָליטיק איז געווען באגרעניצט צו די מלחמות פון די מלכים פון ישראל און צו די שענדליכקייטען פון טיטוס הרשע און אַנטיכוס עפּיפאַנעס. פאַר אים איז די היינטיגע וועלט באַשטאַנען פון אידען און גוים. און די געזעלשאַפט האָט געהאַט בלויז צוויי איינפאַכע אָפּטיילונגען — די רייכע און די אָרימע.

„האָט איר נישט ליב ארומצופאָרען?“ האָט אים אַמאָל איינער פון דער ערשטער אָפּטיילונג פריינדליך אַ פרעג געטאָן. „אפילו ווען עס איז אומאַנגענעם אין ווינטער מוזט איר אָבער דורכגיין אַ סך וואונדער־שיינע לאַנדשאַפטען אין זומער“.

„ווען איך בין פאַרנומען מיט האַנדעל“, האָט דער פּעדלער גע־

ענטפערט, „ווי קען איך מיר דרייען א קאָפּ מיט דעם וואָס איז שיין?"

און, כאָטש ער איז צוטומעלט געוואָרען פון דער גוטסקייט פון דעם גרויסען מענשען, האָט אָבער זיין נאַאיווע געגען־פראַגע אויס־געדריקט אַן אמת. ער האָט באמת געלעבט אין א מאָדנער חלום־וועלט, און האָט נישט געהאַט קיין אויג פאַר דעם ווירקליכען א חוץ פאַר וואָלוועלער צירונג. ער איז געווען גליקליכער אין די שמוציגע גאַסען פון סטרענדזשוועים, וואו פּאַסען מיט אידישע אותיות האָבען געלאָטעט די פענצטער פון גאָרקיכען, און וואו עס איז אַלעמאָל געווען א שול ביי דער האַנט, ווי ווען ער איז געגאַנגען איבער די פּורפּורנע זומפען אונטער אַן אָפענעם בלאָען הימעל, אָדער ווען ער האָט זיך אָפּגערוט מיט זיין פּאַק ביי דער זייט פון א ריזלדיג טייכעל. זיינע שונאים וואָלטען אים געהאַלטען פאַר א נאַר, נאָר ער איז געווען צו אומוויכטיג צו האָבען שונאים, און די גראָביאַנעס און די קינדער וואָס האָבען פון אים חוזק געמאַכט ווען ער איז פאַרבייגע־גאַנגען האָבען עס בלויז געטאָן ווייל זיי זיינען געווען בייזוויליג. פאַר זיינע פריינט — אויב מען האָט די עטליכע וואָס האָבען געוואוסט פון זיין עקזיסטענץ געקענט אָנרופען פריינט — איז ער געווען א שלעמיעל.

„א מענש וואָס פאַרדינט א פונט א וואָך זאָל לעבען אָן א ווייב!", האָט זיך געקלאָגט דער שדכן פאַר א חברה היטעלמאַכערס וואָס האָבען געהאַלטען מיט אים.

„איך מיין, ער מוז זיין אזא שלעמיעל אז קיין כלה'ס פאָטער וועט קיינמאָל נישט וועלען קוקען אויף אים!" האָט געזאָגט א פאָטער מיט א בינטעל שוואַרץ־אויגיגע טעכטער.

„אָ, אָבער ער האָט דאָך געהאַט א ווייב אין רוסלאַנד", האָט אַן אַנדערער געזאָגט. „נאָר פונקט ווען ער האָט געשיקט דאָס געלט צו זיין ווייב אז זי זאָל אַהערקומען, איז זי געשטאָרבען."

„און דו רופסט אים נאָך א שלעמיעל!" האָט אויסגערופען משה'לע דער ציניקער.

„יאָ, אָבער איר משפּחה האָט צוגענומען דאָס געלט!" האָט דער דערציילער געענטפערט, און געוואונען אַלעמענס געלעכטער.

דאָס איז געווען אמת. נאָך דריי יאָר פון שרעקליכען קאַמף און

גויט, האָט אהרן צוגעגרייט אַן ענגלישע היים פאַר זיין יענטע'ן, אָבער זי איז אָנשטאָט דעם געשלאָפען אין אַ קבר אין רוסלאַנד. אפשר ווען זיינע פריינט וואָלטען געוואוסט ווי ער האָט פריהער אוועקגעוואָרפען די געלעגענהייט צו שיקען נאָך איר, וואָלטען זיי נאָך מער געווען איבערצייגט, אַז ער איז אַ געבוירענער שלעמיעל. ווייל אין אכצען חדשים צייט זיין אָנקומען אין לאָנדאָנער פּאָרט, האָט אהרן, דורך אויסלערנען זיך שנעל ענגליש און רעכענען אין די אָווענט־קלאסען פאַר אידישע דערוואַקסענע, געפונען אַ שטעל אַלס בוכהאַלטער אין אַ קליידער־געשעפט אין ראַטקליף האַיווּעי. אָבער ער האָט איינגיכען אויסגעפונען, אַז מען האָט דערוואַרט פון אים צו פעלשען די רעכענונגען, באַזונדערס ווען שכור'ע מאַטראָזען זענען געקומען זיך אויספּוצען אין ציוויל קליידער.

„נו, מיר וועלען צוּוואַרפען אָט דעם שאַל", פלעגט דער פריינטליכער פאַרקויפער לוסטיג צוגעבען. „און דאָס וועסטעל? איינס מיט דריי — אַ פיין וועסטעל, אַזוי ריין ווי נייַ, און ביליג ווי בלאָטע, אַזוי זאָל מיר גאָט העלפען".

נאָר ווען אהרן האָט אויסגעמאַכט די רעכענונג האָט מען אים אַ לייכטען שטוים געטאָן מיט'ן עלענבויגען צו שרייבען איינס מיט דריי אין דעם קאָלום פאַר פונטען און שילינגען ווי געהעריג, און אפילו, אויב דער קונה האָט געהאַט ממתקים און שנאַפּס, צו פאַרשרייבען די דאַטע פונ'ם חודש אין די איינענע קאָלומס פאַר געלט, און דאָס נלאַטיג צוזאַמענרעכענען, די דאַטע מיט די פּרייזען צוזאַמען. אָבער אהרן, כאָטש ער האָט גאָרנישט געהאַט געגען ערליך איבערטרייבען דעם ווערט פון סחורה, האָט זיך אָפּגעזאָגט פון קונצען, און דערפאַר האָט מען אים אַרויסגעוואָרפען. עס האָט אים גענומען אַ יאָר פון אומבאַשטימטע באַשעפטיגונגען אָנצוזאַמלען אַ ביסעל סחורה פון פאַלשער צירונג מיט וואָס צו האַנדלען, און מאַנטשעסטער האָט ער געפונען פאַר אַ צענטער וואו עס האָט זיך בעסער געלוינט ווי אין לאָנדאָן. ווען יענטע איז געשטאָרבען, האָט בלויז פּראָפיט און תורה פאַרנומען זיינע געדאַנקען, און ווייניג פון זיינע באַקאַנטע, האָבען דערגרייכט ווייניגער פון דעם ערשטען און מער פון דעם לעצטען ווי אונזער וואַנדערענדיגער אידעאַליסט.

דאָס איז געווען איינע פון די טויזענטער נשמות וואָס האָבען גע־

שווינבעלט יענעם נאכמיטאג אין שול, דאס איז געווען איין פאר־אכטער מענש פון א קהילה וואס האט זיך אליין געזעכבענט ביי דער וועלט פאר אן אומגליקליכער מאסע פון אבערגלויבערישער אָרימקייט, און וועלכע האט זיך איצט באוועגט מיט גרויס געפיל אין די טונקעלע רוימען פון דער הייליגער געביידע.

די אָריענטאלישע פאנטאזיע פון די צוהערער האט פארגרעסערט די איינפאכע זעלנערישע זאצען פונ'ם רעדנער, האט זיי צוגעגעבען קאָליר און זיי באלויכטען מיט מיסטעריע, ביז, ווען די טיפע דער־שטוינונגען און זיפצען פונ'ם עולם האבען ווי שטארקע קלעפ צוריק־געקלאפט אין דעם רעדנער'ס ברוסט, האט די אָנשטעקונג פון זייער ליידענשאפט אים אויפגעציטערט מיט א געגענזייטיג געפיל. און, געזען דורך טרערען, איז פאר אים און פאר זיי אויפגעגאנגען א בילד פון ישראל'ן ווידער אויפ'ן טראָן אין ארץ ישראל, דאס לאנד פליסט ווידער מיט מילך און האָניג, רויטשט מיט קאָרן און וויין וואס זייערע אייגענע הענט האבען פארזייט, און ציון — אין שלום מיט דער גאנצער וועלט — דער בורר פון די פעלקער, וואס מאכט מקוים דאס וואָרט פונ'ם נביא: „כי מציון תצא תורה, ודבר אדני מירושלים".

צו אהרנ'ען איז די זעאונג געקומען ווי א געטליכע פאר־שכור'ונג. ער האט געטופעט מיט די פיס, געקלאפט די הענט, גע־וויינט, געשריען. ער האט געפילט ווי טרערען שטראָמען אראפ איבער זיינע באקען אזוי ווי די טייכען וואס באוואסערען דעם גן עדן. וואס! אָט די האָפענונג וואס האט אים פארפאָלגט פון קינדערוייז אָן, וואס האט ארויסגעאָטעמט פון די בלעטער פון די הייליגע ספרים, איז, הייסט עס, נישט געווען בלויז א שאָטענדיגע פראכט אויפ'ן זוים פונ'ם האָריזאָנט. דאס איז געווען א ווירקליכקייט וואס מען האט געקענט זען, כמעט אָנטאפען. ער אליין מעג האָפען צו זיצען בשלום אונטער זיין אייגענעם פייגעבוים, נישט מער קיין חוזק פאר די גאסען־אינגלעך. און די אומקלאָרע זעאונג, כאָטש ווען זי איז קלאָר געווארען איז זי פארוואנדעלט געווארען אין ערדישקייט, איז שוין צוליב דעם אליין געווען גרויס. ער האט אלעמאָל אזוי ווי דערוואַרט משיח'שע נסים, נאָר אין יענעם כשוף'דיגען נאָכמיטאָג האָבען די פשוט'ע ווערטער פונ'ם זעלנער אויפגע'חתמ'עט זיינע אויגען, און ער האט פלוצלונג קלאָר דערזען, אז אזוי ווי יעדער איז

זיין אייגענער גאָט־בעטער ביי אידען, און דארף נישט קוון פארמיט־לער, פונקט אזוי איז יעדער מענש זיין אייגענער משיח.

און אזוי ווי ער האָט זיך ארויסגעשטופט פון דער שול, נישט פילענדיג דעם פלאַפלענדיגען, שטופענדיגען עולם, האָט ער זיך פאר־געשטעלט אז ער איז אין ציון, דאוּוענט אין בית המקדש, וואָס איז געשטאַנען ריזיג און פּרעכטיג ווי די מאַנטשעסטער בערזע. יאָ, די אידען מוזען זיך אומקערען קיין ארץ ישראל, עס מוז זיין א גרויסער פרייוויליגער שטראָם — גרויס, כאָטש שטופענווייז. פּאַמעליך אָבער זיכער מוזען אידען צוריקגעווינען זייער לאַנד. זיי מוזען אויפהערען צו האנדלען מיט גוים און זיך אומקערען צו דער ערד, זייען און שניידען, אזוי אז דער יום טוב פון איינזאַמלונג זאָל ווערען א ווירק־ליכקייט אַנשטאָט א תפילה. דאמאָלסט וועט ישראל׳ס פארגעבונג דערגרייכט ווערען און די מאָרגענשטערענס וועלען זינגען צוזאַמען אזוי ווי אין דעם ערשטען טאָג.

ווען ער איז אהיימגעגאַנגען איבער די שמוציגע בערגיקייטען פון פּוירני סטריט און ווערדאָן סטריט, און האָט אריינגעקוקט אין די נישט פאַרהאַנגענע פענצטער פון די איינשטאָקיגע הייזער, איז אין אים אויפגעהאַנגען א נייַ געפיל פון זייער אָרימזעליגקייט, אין געגענ־זאַץ צו יענער ליכטיגער זעאונג. אַנשטאָט גרויסע משפחות אין איין איינגעפּאַלענער שטוב, באַשווערט מיט דער פּאַרע פון וועש, האָט ער געזען גרויסע פּערמעס מיט רחבות׳דיגע פעלדער. און אָט די גאַנצע שיינקייט פון דעם אַנגעזיכט פון דער ערד צו וועלכער ער איז האלב בלינד געווען, האָט אַנגעהויבען צו אַפּעלירען צו אים אצינד ווען זי איז געווען פאַרמישט מיט רעליגיע. אויף אַזאַ אופן איז אהרן געוואָ־רען א פּאָליטיקער און א מאָדערנער מענש.

פאַרבייגייענדיג די יאַטקע אויפ׳ן וועג צו זיין צימער — דער הינער־הענדלער מיט אים האָבען צוזאַמען באַוואוינט א הויז, יעדער האָט געדונגען איין שטוב — האָט ער זיך אָפּגעשטעלט צו שמועסען מיט דער גרופּע ווייבער וואָס האָבען געפּליקט די עופות, און ער האָט זיי אַנגעזאָגט די גוטע בשורה פון גרויסע הינער־פּערמעס אין ארץ־ישראל. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט אויפ׳ן בעט, וואָס האָט פאַרנומען א העלפט פון דעם קליינעם קאַמער, און ער האָט אָנגע־הויבען במעט האלטען א רעדע איבער דער גרויסער קאָלאָניזאציע־

באוועגונג און דער געזעלשאפט „חובבי ציון", וואָס האָט זיך אָנגעהויבען צו פארצווייגען איבער דער וועלט.

„יאָ, אָבער ווען דאָס גאנצע פאָלק ישראל זאָל האָבען פערמעס, ווער וועט קויפען מיינע הינער?" האָט זיך דעם הינער־הענדלער'ס ווייב אָנגערופען.

„איר וועט נישט דארפען פארקויפען קיין הינער", האָט אהרן איר געפרואווט דערקלערען.

דער הינער־הענדלער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. „די גאנצע קהילה איז משוגע וואָרען", האָט ער געזאָגט. „איך פון מיין זייט גלויב אז ווען דער הקדוש ברוך הוא וועט אונז צוריקברענגען קיין ארץ ישראל, וועלען מיר אליין דערביי נישט דארפען האָבען קיין צרות. ווי עס שטייט געשריבען: „איך וועל דיך טראָגען אויף אָדלער־פליגלען."

אהרן האָט באקעמפט אָט דעם באגריף — וועלכען ער האָט ביז איצט געהאט אָנגענומען אלס א גרונדזאץ — מיט דער גאנצער איפריגקייט פון דעם באקערטען. עס האָט אים פארשאפט ביטערניש איינצוזעפינען, ווען ער האָט דיסקוטירט די זאך אין פארלויף פון די נעכסטע עטליכע וואָכען, אז א סך אפילו פון די וואָס זענען געוועזן ביי דער דרשה האָבען אריינגעטייטשט נסים אין דעם וואָס איז געוועזן א באשערטע זאך און אין דעם מיליאָנער. אָבער אהרנ'ען איז געלונגען צוזאמענצוברענגען א קליינע גרופּע פארברידערטע נשמות, וואָס זיינען געווען געניויגט צוזאמען צו עמיגרירען קיין ארץ ישראל, דאָרט צו פארזייען די זאָמען פון דער מלוכה, און ווערטליכען און אין פארשטעלטען זין. דער ענטוזיאזם אָבער האָט נישט לאנג אָנגעהאלטען. ביסלעכווייז, אזוי ווי דער זכר פון דער צויבערליכער פארזאמלונג איז פארשוואונדען, איז זיך די ברודערשאפט פון די אויסוואנדערער צעפאלען, ביז צום סוף איז בלויז איר קערנדל — אהרן — געבליבען דער איינציגער אין זיין אנטשלאָסענהייט.

„דו האָסט בלויז זיך אליין צו פארזאָרגן", האָבען די אָפּטריניגע געטענה'ט. „מיר האָבען ווייב און קינדער".

„איך האָב מער ווי זיך אליין", האָט אהרן מיט ביטערקייט געענטפערט. „איך האָב גלויבען".

און זיין גלויבען אין דער זעאונג איז ווירקליך געווען אומצושטער־

באַר. אזוי ווי יעדער מענש איז זיין אייגענער משיח וועט ער ווייניג־סטענס זיך נישט צוריקציען פון דעם אויסזיכטלאָכן אַקעראַייזן צו וועלכן ער האָט צוגעלייגט זיין האַנט. ער האָט געהאַלטן אין איין אָפּשפּאָרן פאַר דער גרויסער רייזע און אַביסל איבעריגס מיט וואָס זיך אויפצוהאַלטן אין ארץ־ישראל אין דער צייט וואָס ער וועט זיך אומקוקן. וועט ער אָבער שוין זיין איינגעאָרדענט אין דעם הייליגען לאַנד, מיט וואָס פאַר אַ קראַפט וועט ער דאַמאָלס פּרעדיגען דורך שריפט צו די וואָס האָבען ווייניג אמונה! זיי וועלען ארויסקומען אַהין און וועלען אַרבעטען מיט אים צוזאַמען. ער — דער פאַרהאַס־טער אהרן — דער מינדסטער פון דעם הויז פון ישראל — וועט שפּילען אַ ראָלע אין דער ווידעראויפבויאונג פון זיין פאָלק.

„דו וועסט צוריקקומען", האָט דער הינער־הענדלער סקעפּטיש געזאָגט, ווען זיין מיטוואוינער האָט זיך געזעגענט מיט אים. און נאָכקרימענדיג די הייליגע האָפענונג — „לשנה הבאה במאנטשעס־טער", האָט ער געוויינט, מיט פרייליכען חוזק. די הינער־פּליקערינס האָבען הארציג געלאַכט און געמאַכט די פעדערען פליען אין דער לופטען.

„ס'איז נישט אזוי", האָט אהרן געזאָגט. „איך קען נישט צוריק־קומען. איך האָב פאַרקויפט דעם צעטעל פון מיינע קונים צו יוסף פּעטאָווסקי, און האָב זיי אַלע איבערגעגעבען".

אַ טייל פון דער אַנטרונענער ברודערשאַפט, וואָס האָבען אים מיט חרטה באוואונדערט, האָבען אים דערמוטיגט דורכדעם וואָס זיי זענען געקומען אויף דער פּלאַטפאָרם פון דער סטאַנציע אים צו ווינשען זיי געזונט.

„לשנה הבאה בירושלים!" האָט ער פאַר זיי אויך נביאות גע־זאָגט, נקמה נעמענדיג אין דעם הינער־הענדלער'ס עם הארצ'ישער אפּיקורסות.

ער איז געפאָרן איבערלאַנד קיין מאַרסעיל, פון דאָרט מיט דער שיף קיין קליין־אַזיע. עס איז געווען אַ שרעקליכע רייזע. פּרומקייט האָט אים פאַרבאָטען צו עסען אָדער טרינקען מיט די גוים, אָדער פון זייערע כלים. זיין רייזעטאַש האָט געהאַט אַ ביסעל עמענוואַרג און כלים, און טרוקען ברויט איז געווען דאָס איינציגע וואָס ער האָט גע־קויפט אויף דער רייזע.

נעגנאַרט און געשונדען פון אונטערזאָגערס און פורמאַנעס, האָט ער זיך ענדליך געפונען אויף אַ ביליגער שיף אויפ'ן מיטעללענדישען ים, וואָס האָט זיך געהויבען און געוויגט דורך אַ פאַר'עקשנ'ט שטורעמדיג וועטער. זיין בעט איז געווען אַ פאַרכאַפּט ווינקעל פון דעם בלויזען דעק, וואו בערג מיט פאַרפאַלענע מענשען פון דער וועלט, פון אַלע ראַסען און גלויבענס און קאָלירען, שמוציג בילדליך, זיינען געשלאָפען אין זייערע קליידער אויף אַזעלכע געלעגערס וואָס זיי האָבען געבראַכט מיט זיך. עס איז דאָרט געווען אַ סטאַיע קליינע קינדערלעך, אַ סטאַדע בהמות און עופות אין שטייגען, אַ שוואַרם פון מענשליכע בינטלעך, וואָס מען האָט קוים געקענט אונטערשיידען פון פעק, ווען עס שטעקט נישט ארויס אַ האַנט אָדער אַ פוס. עס זיינען דאָרט געווען בעדואינער, אַרמענער, שפּאַניער, אַ טערק מיט עטליכע ווייבער אין אַ צייטווייליגער פּאַלאַטקע, עטליכע גריכישע פרויען, אַ גרופּע סיריער פון הר לבנון. עס זיינען אויך געווען עטליכע אידען און אידישע פרויען. אָבער אהרן האָט אין אָנהויב נישט געזוכט צו באַקענען זיך מיט זיי — זיי זיינען געלעגען איילען אַוועק, און ער איז געווען האַלב־טויט פון ים־קראַנקהייט און נישט עסען. ער האָט געקענט צו מאַכען טיי אין זיין אייגענער שאָל פון זיין אייגען טשייניקעל, נאָר דער קוכער האָט זיך נישט געוואָלט געבען די מי אים צו געבען הייס וואַסער. בלויז די גרויסע זעאונג וואָס איז מיט יעדער שעה געקומען נענטער און נענטער האָט אים אויפגעהאַלטען.

עס איז געווען דער פרואוו פון אַ האַלב־משוגע'נער עגיפּטישער פרוי זיך אריינצוואַרפען אין וואַסער מיט איר ניי־געבוירען קינד וואָס האָט אים געבראַכט אין באַציאונג מיט די אַנדערע אידישע פּאַסאַזשירען. ער איז געוואָר געוואָרען פון איר געשיכטע: די אַלטעגליכע געשיכטע פון אַ פרוי וואָס איז אָפּגע'גט געוואָרען אין ניו יאָרק, לויט דעם מוסטער פונ'ם דאָרטיגען געטאָ, און איז צוריקגעשיקט געוואָרען כמעט אָן אַ פּעני אין איר געבורטס־שטאָט קאַיראָ, ווען דער קאָפּ איז איר נאָך געווען לייכט נאָך דער קימפּעט. ער איז אויך געוואָר געוואָרען די געשיכטע פון דער שיינער, גוטהאַרציגער אידישער טאָכטער וואָס איז איר איצט נאָכגעגאַנגען ווי אַ שאָטען זי צו באַשיצען. די נישט וויניגער אַלטעגליכע געשיכטע פונ'ם שיינעם מיידעל וואָס אַן אויסוואורף אַ איד האָט זי פאַרנאַרט אויף אַ שטעל קיין מאַרסעיל.

צוזאמען מיט די מענער, א רוסישען איד פון שיקאגא, און א דייטש פון ברינדיזי, האבען זיי צוגעגעבען אהרנ'ען א ניי אביעקטיוו געפיל פון דער טראגעדיע פון דעם וואנדערענדיגען איד, וואס איז כסדר געוואָרפען געוואָרען צווישען פארפאלגונג און אָרימקייט, כסדר פוןביידען געפּרואווט פאלש צו ווערען זיך אליין: די טראגעדיע צו וועל־כער — א דאנק גאָט! — עס קומט איצט א סוף. אידען פון עגיפּטען, פון אמעריקע, פון גאליציע, פון ענגלאנד, פון רוסלאנד, פון האָלאנד, זיי האָבען בלויז געהאַט איין לעצטע וואנדערונג פאר זיך — די וועלכע ער, אהרן, האָט איצט דערגרייכט. צו זיין גליק האָט איינער פון זיינע נייע באקענטע — דער רוסישער — געהאַט דעם אייגענעם חלום וואָס ער וועגען אַן ארץ ישראל וואָס זאָל ווידער פליסען מיט מילך און האָניג און תורה און איז געוועזן א מיטגליד פון די „חובבי ציון". ער איז געוועזן א יונגערמאַן מיט א טייגעדיג פּנים מיט גראָע אויגען און ברעמען און א רויטליכער באָרד. ער האָט געטראָגען פארפעצטע קליידער, א נידעריגען אלטען קאפּעלוש און א ברודיג באוועלען העמד, אָבער ער האָט פאראייניגט אין זיך די גאנצע געלע־רענטקייט פון דעם פארצייטיגען, פארפעסטיגטען אידען מיט א לעבע־דיגער פארווירקליכונג פון דעם וואָס זיינע באגריפען האָבען באטייט, און אזוי איז דער סוף פון אהרנ'ס רייזע — ביז דער רוסישער האָט געלאנדעט אין אלעקסאנדריע — געווען געלינדערט און פארקירצט דורך זיצען מיט פארערונג ביי די פיס פון דעם אידעאַליסט, איינזאַ־פּענדיג די פּסוקים פון בחיי'ס „חובות הלבבות" אָדער סעדיה גאון'ס „ספר האמונה". עס האָט דאָרט נישט געפעלט איינער וואָס זאָל שפּילען סאנטשאָ פאנזא, ווייל דער דייטשער איד, כאָטש ער האָט פרום ארומגעוויקעלט זיין האנט מיט תפילין ווען אלע האָבען עס גע־קענט זען אויף דעם דעק פול מיט מענשען, האָט ליב געהאַט צו פאָ־זירען אלס א מענש מיט א גלייכען שכל, פריי פון אבערגלויבען.

„די איינציגע אורזאך פארוואָס מענשען פאָרען קיין ארץ ישראל", האָט ער גע'טענה'ט, „איז ווייל זיי מיינען, ווי דער תהילים זאָגט, אז דאָס לאנד איז מוחל זינד. און זיי גלויבען אויך אז יענע קערפּערס וואָס ווערען נישט פארברענט אין ארץ ישראל, וועלען זיך מוזען קייקלען אונטער לענדער און ים'ען, ווען משיח'ס לעצטער שופר וועט בלאָזען, כדי צו קומען קיין ירושלים. פאָרען זיי דערפאר אהין שטאר־

בען, כדי צו אנטרינען פון דעם אונטערערדישען וועג. אחוץ דעם זאגט דער רמב"ם, אז משיח'ס צייט וועט בלויז געדויערען פערציג יאר. האבען זיי אפשר מורא אז דאס גאנצע פארגעניגען וועט פאר־ביי און מען וועט דעם לויתן אויפעסען איידער זיי וועלען אנקומען".

„נאראנים זיינען אלעמאל דא אויף דער וועלט", האט דער רוסי־שער געענטפערט, „און זייער פרומקייט קען זיי נישט געבען קיין מארך אין קאפ אריין. אט די מענשען וואס נעמען אלץ ווערטליך זיינען פון יענעם סארט וואס שטעלען זיך פאר אז דאס בית המקדש האט זיך דורך א נס אויסגעשפרייט, ווייל די גמרא זאגט אז ווי גרויס עס איז נישט געווען דער עולם וואס איז אהינגעקומען תפילה טאן, איז אלעמאל געווען ארט פאר זיי. זעט איר נישט וואס פאר א פיינער משל דאס איז! פונקט אזוי וועט דאס דריטע בית המקדש זיין פון גייסט, נישט פון פייער, ווי אט די ווערטליכע מאטעריאליסטען טייטשען אוים די נבואה. ווי דער נביא יואל זאגט: „איך וועל אויס־גיסען מיין גייסט. אייערע אלטע לייט וועלען חלומ'ען חלומות, אייערע יונגעלייט וועלען זען זעאונגען". און אט דער גייסט ווירקט היינט. אבער דורך אונזערע אייגענע נשמות. עס וועט קיינמאל קיין משיח נישט אראפקומען פון א געשפאלטענעם הימעל. אויב א גוי טוט עפעס שלעכטס, איז עס ער אליין. אויב א איד, איז עס דאס פאלק. פארוואס? דערפאר ווייל מיר האבען קיין לאנד נישט, און דערפאר זיינען מיר אפגעזונדערט אין אלע לענדער. אבער מיר מוזען און מיר וועלען האבען א לאנד. דער פאקט וואס מיר חלומ'ען נאך אלץ וועגען אונזער לאנד, ווייזט אז מיר וועלען עס ווידער האבען. אן א לאנד זיינען מיר טויט, און אונז איז דאס לאנד טויט. עס האט געווארט אויף אונז. פארוואס האט עס קיין אנדער לאנד נישט באזעצט און באקערט?"

„פארוואס? פארוואס גייען די קאטשקעס בארוועס?" האט דער דייטשער איד דערמאנט דאס אידישע שפריכווארט מיט חוזק.

„דאס לאנד ווארט אויף אונז", האט דער יונגער רוסישער איד געענטפערט מיט פייער, „אז מיר זאלען קענען פארענדיגען אונזער מיסיע. ירושלים — וואס איר נאמען אליין מיינט די ירושה פון טאפעלטען שלום — מוז זיין דער וואכט־טורעם פון שלום אויף דער

ערד. די פעלקער וועלען געלערענט ווערען נישט צו קעמפען מיט קיין שטאָלענע כלי־זין און נישט מיט גאָלד, נאָר מיט אמת און ריינקייט. יעדער מענש דאַרף געלערענט ווערען אז ער לעבט צוליב אַן אַנדערען מענש, אז נישט וואָלטען מענשען געווען ווי די חיות. און אויף אזא אופן וועט ענדליך „דאָס קענען גאָט באדעקען די ערד ווי די וואסערען באדעקען דעם ים".״

„ווען זיי וואָלטען נאָר אזוי געבליבען באדעקענדיג דעם ים!״ האָט זיך דער דייטש אפיקורסיש אָפּגערופען, ווען אַ שפּריץ פון אַ כוואַליע האָט אַ גאָס געטאָן אויף זיין מאטראץ.

„די וואָס האָבען שוין אָט דעם גלויבען פארלוירען זיינען נישט מער קיין אידען", האָט דער רוס קורץ געענטפערט. „אָן אָט דער האָפנונג איז די אויפהאַלטונג פונ'ם אידישען פאָלק אַן אבערגלויבען. זאָלען די אידען איינגעשלונגען ווערען אין די פעלקער, און איך אין ים. ווען איך וואָלט געטראכט אז ישראל'ס האָפנונג איז אַ ליגען וואָלט איך אריינגעשפרונגען אין ים אריין".

דער דייטש האָט גוטמוטיג אַ צי געטאָן די אַקסלען. „איר און די עגיפּטישע פרוי זיינט אַ פּאָר".

אין אַלעקסאנדריע, וואו אַ טייל פון דער פּראכט און זיינע אידי־שע מיט־פּאסאזשירען האָבען באדארפט לאנדען, איז אהרן טעג דורכ־אנאַנד געקוועלט געוואָרען פון קוואראנטין, אזוי אז ער מוז נאָך ארומ־ציטערען צווישען דומפּיגע גערוכען לאַנג נאָכדעם ווי ער האָט שוין געטראכט צו באַטרעטען די הייליגע גאסען פון ירושלים. אָבער ענדליך האָט ער דערלעבט צו זען ווי ער גייט גלייך צום הייליגען לאנד. און אין איין פאר'כשופ'טען טאָג האָט דער וואנדערער, אַ בלייכער און אָפּגעצערטער, געקוקט מיט פרומער פרייד אויף דער גראָער רייע פעלזען וואָס האָבען זיך שטופּענווייז געענדערט אין טעראסען פון רויטע שיפּע דעכער באשאָטענט מיט אַ פּאַלמען־בוים. יפה! נאָר אַ גרויזאַמער ווייסער ים האָט זיך נאָך אַלץ געוויגט און געוועוועט צווישען אים און דעם הייליגען ברעג, באוואַכט פון דעם פעלז פון אנדראָמעדא און קייקלענדיגע און שפּרינגענדיגע כוואַליעס. און די שיף איז געלעגען אינדרוויסען פון דעם אוראַלטען פּאָרט, אין דער צייט וואָס שווערע שיפלאָך געראָדערט פון העלדישע אַראַבער און סיריער, אין רויטע טורבאַנעס און גאַרטלען, האָבען זיך געריסען איבער

די פּאַסאַזשירען. אהרנ'ען האָט מען אָן צערעמאָניעס אריבערגע־וואָרפען איבער דער זייט פון שיף אינ'ם גינסטיגען מאָמענט ווען די שיף האָט זיך געטאָן אַ לאָז צו אים צו באַגעגענען. ער איז אין איר אריינגעפאַלען, פאַרבליאָפּעט מיט שפּריץ־וואַסער, נאָר מיט אַ פרייד אין הארץ. און ווי זיין שיף האָט זיך געהויבען און געוויגט, האָט אַ נחת'דיגער ריח פון אָראַנזשען־בליטען צוגעווייט פון די אָראַנזשען־וועלדלאַך, און איז דעם מידען וואַנדערער פאַרגעקומען ווי אַ סימבאָל פון דער חתונה צווישען אים און ציון. דאָס לאַנד פון זיינע אָבות — אָט ליגט עס ענדליך, און פאַרטראָגען פון גליק האָט דער וואַנדערער, צום ערשטען מאָל אין זיין לעבען, געהאַט אַ געפיל פון דעם מנוחה'־דיגען שטאָלץ פון אַ היים פון אורעלטערען. נאָר אַזוי ווי די שיף האָט זיך גענומען אָן שום באַמערקבאַרען פאַרשריט צום קאַנאַל צווישען די שווארצע פעלזען, איבער וועלכע דאָס וואַסער האָט געשפּריצט צום הימעל, האָט אים געמאַטערט אַ בייזער אָנזאָג, אַז עפּעס אַ איראָניש מזל וועט אים דערטרינקען ביים דערזען זיין ציל. ער האָט שטיל גאָט געבעטען מיט פאַרמאַכטע אויגען און זיין תפילה האָט זיך פאַר־ענדערט אין אַ לויב ווען דאָס שיפעל האָט זיך אָנגעקלאַפּט אָן דער לאַנדונג און ער האָט זיי געעפענט אויף אַ געמישט פאַרביגען אָריענ־טאַלישען עולם און די אָנגעוואָרפענע פעקלאַך פון אַ פּאָרט. פאַר־וואָרפענדיג זיין רייזעטאַש אויפ'ן אַקסעל, וועלכער האָט נישט קוקענ־דיג אויף זיין אָפּגעשוואַכטען צושטאַנד, זיך אים אויסגעוויזען גרינג ווי דעם הינער־הענדלער'ס פעדערען, האָט ער מיט באַגייסטערונג ארויפ־געקלעטערט אויף עפּעס גליטשיגע שטיגען ארויף צו דער שטיינערנער פּלאַטפאָרם, און האָט געהאַט איין פוס אויף דער ערד פון דעם היילינגען לאַנד, ווען אַ טערקישער באַאַמטער אין אַ לומפּיגען שווארצען אוני־פאָרם האָט אים אָפּגעשטעלט.

„אייער פּאַספּאָרט", האָט ער געזאָגט אין אראַביש. אהרן האָט נישט געקענט פאַרשטיין. אימיצער האָט עס איבערגעזעצט.

„איך האָב נישט קיין פּאַספּאָרט", האָט ער געענטפערט, מיט אַ געדריקטען פאַרגעפיל.

„וואוהין פאָרט איר?"

„וואוינען אין פּאַלעסטינע".

„פון וואַנען קומט איר?"

„פון ענגלאנד”, האט ער זיגעריש געענטפערט, פילענדיג אז דאס איז א מעכטיג פאסירוואָרט איבער דער גאנצער וועלט.

„איר זיינט נישט קיין ענגלענדער?”

„ניי — יין”, האט ער פאמעלאך געענטפערט. „איך האב גע־וואוינט אין ענגלאנד א — א — סך יארען”.

„נאטוראליזירט?”

„ניין”, האט אהרן געזאָגט ווען ער האט פארשטאנען.

„וואס פאר א לאנדסמאן זיינט איר?”

„א רוסישער”.

„און א איד, פארשטייט זיך?”

„יא”.

„קיין רוסישע אידען איז נישט דערלויבט אריינצופארען קיין פאלעסטינע”.

מ'האט אהרנ'ען צוריק אריינגעיאָגט אין שיפעל און אים בשלום צוריקגעבראכט אויף דער שיף.

# דער איבערגעווינער פון קריסטענטום

1

דער רויטער שמש האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ. „נישטאָ גאָר־נישט חוץ דער נאַטור", האָט ער פאַר׳עקשנ׳ט געזאָגט, ווען זיין היים אייזען האָט געגלאַנצט דעם שטיוועל צווישען זיינע קני. מען האָט אים גערופען דער רויטער שמש ווייל, כאָטש דורך זיינע אַפּיקורסישע מיינונגען האָט ער שוין לאַנג פאַרלוירען זיין שטעל אין שול און איז געטריבען געוואָרען צוריק צו זיין אַלטער שוסטעריי, איז זיין באָרד נאָך אַלץ געוועזען רויט.

„יאָ, אָבער ווער האָט געמאַכט די נאַטור?" האָט געענטפערט זיין נייער געזעל, און זיין אויסטערליש, למדנ׳יש פּנים האָט געגליט מיט פּלפּול, און די ברענענדיגע לאָמפּ האָט געהאָנגען איבער זיין באַנק אויף שטריקלאָך פונ׳ם באַלקען. די אַנדערע קלאָפּערס און שטיפּערס פון דער ספּיטאַלפּילדער פאַבריק, אין זייער איבערראַשטער נייגעריג־קייט אין דער פראַגע פון וואַנען עס שטאַמט די נאַטור, האָבען אויף אַ רגע אויפגעהערט איינצואָטעמען די ריחות פון געברענט פעך, שוס־טערישען וואַקס און אַ קאָקס־פייער צוגעפּילט מיט אָפּפאַל פון לעדער.

„די נאַטור מאַכט זיך אַליין", האָט דער רויטער שמש געענטפערט. דאָס איז געוועזען זיין דערקלערונג פון גלויבען — אָדער פון מלחמה. קען זיין אַז עס איז געוועזען זיין באַקאַנטשאַפט מיט געטליכע זאַכען וואָס האָבען צו טאָן מיט שמשות, וועלכע האָט עס אַרויסגערופען ביי אים דעם עקעל צו זיי. יעדענפאַלס, וועט ער זיך נישט לאָזען איצט דרייען אַ קאָפּ פון זוסמאַן הערץ, כאָטש ער האָט אויסגעצייכענט גע־וואוסט אַז זוסמאַנ׳ס ווערקשטאַטעל וואָס איז געווען דאָס איינציגע פול מיט ביכער, איז טאַקע געווען דאָס איינציגע וואָס האָט זיך פאַר אים געעפענט, ווען די פרימערע שוסטערס פונ׳ם געטאָ האָבען דער־קלערט אַז זיי זיינען „פאַרפּוילט". ער איז באמת געווען איבערראַשט

צו געפינען, אַז זוסמאַן איז געווען אַ גלויבער אין דעם איבערנאַטיר־ליכען, כאָטש ער האָט געהערט זיך שושקען אַז דער מענש איז געווען אַזאַ גרויסער אַפּיקורס ווי ער אַליין. האָט מען דען נישט געזען זוסמאַנען — יאָ, און זיין ווייב הולדע אויך, וואָס טראָגט קיין שייטעל נישט — ארויסקומען פון דער מעכטיגער קירך וואָס איז געשטאַנען אין איר דומפּיגער מאַיעסטעט צווישען אירע הויכע, פאַרלאָזענע קברים ווי די קעסטלאך, און איז געווען פאַר'ן געטאָ בלויז אַ געוויסער פּונקט אין דער געגענט און דער פּינקטליכסטער זייגער? און דאָך, אָט איז זוסמאַן אַ שטענדיגער איינגייער אין דער שול אויפ'ן ערשטען שטאָק — נאָך מער, אַ למדן, אַזוי געלערענט אין לשון קודש, שוין אָפּגערעדט פון אייראָפּעאישער בילדונג, אַז דער רויטער שמש האָט זיך אַליין געפילט פאַר אַן עם הארץ, און האָט זיך נאָך בלויז געהאַלטען ביי זיין העכערקייט ווען ער האָט זיך דערמאָנט אַז געלערענטקייט מיינט נישט אַלעמאָל לאָגיק.

„די נאַטור מאַכט זיך אַליין!" האָט זוסמאַן צוריקגעענטפערט מיט אַ טאָלעראַנטען שמייכעל. „מען קען פּונקט אַזוי זאָגען אַז אָט דער שטיוועל האָט זיך אַליין געמאַכט! די טעאָריע פון עוואָלוציע שטעלט בלויז די מיסטעריע ווייטער אויף צוריק, און שוין אין דער גמרא געפינען מיר —"

„די נ א ט ו ר האָט געמאַכט דעם שטיוועל", האָט דער רויטער שמש איבערגעשלאָגען. „די נאַטור האָט אייך געמאַכט, און איר האָט געמאַכט דעם שטיוועל. אָבער קיינער האָט נישט געמאַכט די נאַטור".

„אָבער וואָס איז די נאַטור?" האָט זוסמאַן אויסגערופען.

„גאָט'ס מאַנטעל, ווי געטע זאָגט. רופט עס נומענאָן, אַזוי ווי קאַנט, אָדער געדאַנק און אויסדענונג, ווי שפּינאָזאַ — מיך אַרט נישט".

דער רויטער שמש איז צייטווייליג אַנטשוויגען געוואָרען אויפ דרך ארץ פאַר אַזעלכע אומבאַקאַנטע נעמען און אידעען, וואָס זיינען נאָך דערצו אויסגעדריקט געוואָרען מיט דייטשע ווערטער, וואָס זיינען געווען פרעמד זיין באַגרענעצטען אידישען וואָקאַבולאַר.

דאָס צימער אין וועלכען זוסמאַן האָט געטראַכט און געאַרבעט איז געווען איינס פון צוויי וואָס ער האָט געדונגען ביי דעם קריסט־ליכען קאָרן־געשעפט־פאַרוואַלטער — וואָס איז געווען דער אייגענ־טימער פון דעם הויכען הויז — אַ דיקער לאָנדאָנער פּאָלקסמענש וואָס

האָט פאַרבראַכט זיין לעבען אַלס בוכהאַלטער אין אַ קליינער קאַנצעלאַריע אויף רעדלאַך, נאָר וואָס די מוסטערען פון האָבער און הונטביסקוויטען אין זיין פענסטער האָבען אים צוגעגעבען אַן אַטמאָספערע פון ראָזיגער הערליכקייט. אָט די פערזענליכקייט האָט געצויגען אַ קליינע איינקונפט פון די איינוואוינער פון זיין הויז, וואו די טרעפ האָבען אויסגעשטעלט שיכטען פון קינדער פון פאַרשידענער סאָציאַלער אַנטוויקלונג, און צו וועלכען די שול אויפ׳ן ערשטען שטאָק האָט צוגעגעבען אַ גרויסע פליסענדיגע באַפעלקערונג. זוסמאַנ׳ס קומען אַהין איז נישט געווען די איינציגע זאַך אין אים וואָס האָט פאַרוואונדערט דעם רויטען שמש. עס איז אויך געווען אַ פיינע אונטערטעניגקייט אין זיין האַלטונג וואָס איז נישט געוויינליך ביי מייסטערס, אָדער ביי פרומע מענשען. זיין איינזעעניש פאַר זיינע אַרבעטער האָט אין דעם שמש׳ס אויגען אויסגעזען ווי אַ שלעכטע געשעפטספירונג, און דער שווערער פאַרלוסט וואָס ער האָט געליטען דורך דעם וואָס איינער פון זיינע מענשען האָט אויספאַרקויפט אַ גראָטע פיינע סחורה און האָט געמאַכט פליטה קיין אַמעריקע, איז פאַרדינטערהייט געקומען פון זיין צוטרוי אין אַן אַנדער פרומען אידען.

2

נישט קוקענדיג אויף דעם רויטען שמש׳ס שכל׳יגקייט, וועלכע זייענדיג געבויט אויף פאַקטען פון לעבען, האָט זיך נישט געלאָזט צודריקען פון הויכגעפליגעלטע דייטשע ווערטער, האָט דער מייסטערשוסטער אים אַרויסגעוויזען אַ סך איינזעעניש און האָט אים אָפט פאַרבעטען צו פאַרבלייבען אויף וועטשערע. כאָטש דער שמש האָט געפילט אַז דאָס איז בלויז געווען די געהעריגע אַנערקענונג פון איין תלמיד חכם צו אַ צווייטען, אַפילו ווען אַ קלענערער תלמיד חכם, איז ער צייטענווייז געווען אומ׳שכל׳דיג דאַנקבאַר פאַר דער טובה צו האָבען אַן אָרט וואו צו פאַרברענגען זיינע אָווענטען. ווייל אין געטאָ האָט מען אים נישט געוואָלט זען — אין דעם איז קיין צווייפעל נישט געווען. די בעלי בתים אין זיין אַלטער שול איבער וועלכער ער האָט אַמאָל געבאַלעבאַטעוועט אַלס שמש זיינען אים איצט פאַרבייגעגאַנגען מיט זויערע פנימ׳ער — „אַ הונט באַהאַנדעלט מען נישט אַזוי", האָט

דער שמש צו זיך אליין געזאגט, זיך צופעלנדיג אן אומגליקליכער ביי זיין רויטער בארד.

„איך בין דאך נישט קיין משומד". אן איינגעבוירענער אינ־סטינקט האט צוגעגעבען אז ד א ס וואלט געווען א גערעכטע אנט־שולדיגונג צו פארשעלטען אים. „איך קען דאך נישט ווערען קיין גוט־פריינט מיט די גוים, בין איך אפגעשניטען פון ביידע".

ווען צוויי פון די ארבעטער האבען זיך נאך א רעגענשטורם אפ־געזאגט צו ארבעטען ביי זוסמאנען אויפ'ן געשוואוירענעם גרונט אז אפיקורסות ציט צו דונערען, האט זוסמאנ'ס געטריישאפט צום פריי־דענקער פארוואנדעלט דעם שמש'ס דאנקבארקייט אין א שטענדיגער איבערגעבענקייט.

און, אחוץ אנדערע איינזעענישען, זיינען יענע וועטשערעס געווען גאר אנגענעם נאך דער ארבעט און דער בלאטע פונ'ם טאג. דער שמש האט באזונדערס באוואונדערט זוסמאנ'ס הענט ווען די שווארצע בלאטע איז אראפגעוואשען געווארען פון זיי, די פינגער זיינען געווען אזוי לאנג און פארשפיצט. פארוואס זיינען זיינע אייגענע פינגער באשאפען געווארען אזוי קלאציג און פירעקעכיג? אז די נאטור האט זיך יא אליין געמאכט, פארוואס איז זי געווען אזא אומגעהובעלטער ארבעטער? ניין, פארוואס האט זי אים נישט געקענט געבען אזעלכע ווייסע ציין אזוי ווי זוסמאנ'ס ווייב? נישט ווייל זיי זיינען געווען אזוי שרייעוודיג — ניין, איר האט מער געטראכט וועגען דער זיסקייט פונ'ם שמייכעל פון וועלכען זיי זיינען א טייל געווען. דאך, אזוי ווי די אומרעגעלמעסיגקייט פון דער נאטור האט זיך באזונדערס ארויס־געוויזען אין זיינע אייגענע ציין, האט ער זיך נישט געקענט העלפען נישט צו טראכטען פון דעם.

ווען דער רויטער שמש וואלט נישט געווען קיין אלמן, וואלט אפשר דער אויפריכטיגער ערפאלג פון דעם הערץ־פארעל זיינע אייגענע געדאנקען געווענדט צו יענעם גליקליכען צושטאנד. אבער אזוי, האט ביים אנבליק פון זייער גליק טיילמאל דורכגעבליצט דורך זיין הארץ דער באנייטער ווייטאג פון אומזיסטער בענקשאפט נאך זיין לאה'ן, וואס איר טויט פון א ראק האט פארענדיגט זיין באגריף פון דער נא־טור. גליקליכער זוסמאן, צו האבען געפונען אזא סימפאטישען שותף אין א שיינער פרוי! ווייל הולדע האט אויך געהאט זוסמאנ'ס חלומות,

און האָט אפילו איבערגעשריבען זיין גרוים ווערק צום דרוק, ווייל די געשעפטען זיינען געגאַנגען לעבעדיג און ער וועט איינגיבען האָבען אַנגעזאַמעלט געגוג געלט עס אָפּצודרוקען. דאָס גרויסע ווערק, וואָס דעם סוד דערפון האָט דער רויטער שמש אויך געוואוסט, איז געווען געשריבען אין לשון קודש, און די פיינע דריידעלאך און ציקלאך וואָלטען אפילו געווען א כבוד פאר א סופר. דער שמש אליין האָט עס נישט געקענט פארשטיין, ווייל ער האָט בלויז געקענט דעם געוויינליכען אלף בית וואָס מען זעט אין ספרים און ספרי תורות, נאָר דער ערשטער בליק אריין וואָס דער שטאָלצער זוסמאן האָט אים ערלויבט, האָט אוועקגענומען זיין לעצטען אומרעספּעקט פאר זיין בעל הבית' גייסט, אָבער נישט אוועקגענומען מיט זיך די מיסטעריע פון דעם גייסט'ס פארבלאָנדזשעניש.

„אָבער איר חלומ'ט מיט אָפענע אויגען", האָט ער געזאָגט, ווען מען האָט אים דערקלערט וועגען וואָס עס האָט זיך אין דעם ווערק גע־האַנדעלט.

„ווי מיינט איר?" האָט הולדע צערטליך געפרעגט, מיט דעם וואונדערליכען שמייכעל אירען.

„פאראייניגען די אידען מיט די קריסטען! משוגעת!" ער האָט ביטער געלאַכט. „איר פארגעסט וואָס מיר זיינען דורכגעגאַנגען אין פוילען? און אפילו דאָ, אין דעם פרייען ענגלאנד, קענט איר גיין אין גאַס אז יעדעס שייגעצעל זאָל אייך נישט נאָכשרייען און נאָכ־פרעגען, ווער האָט דער'הרג'עט קריסטוס'ן?"

„יאָ, אָבער אין דעם ספר דערקלערט מיין מאַן אז נישט די אידען האָבען דער'הרג'עט קריסטוס'ן, נאָר הורדוס און פילאַט".

„ווי עס שטייט אין די קאָרינטיער", האָט זיך זוסמאן אייפעריג אָפּגערופען: „מיר רעדען גאָט'ס חכמה אין א מיסטעריע, וואָס קיי־נער פון די פרינצען פון דער וועלט האָט נישט געקענט. ווייל ווען זיי וואָלטען זי געקענט, וואָלטען זיי נישט געקרייציגט דעם האר פון הארליכקייט".

„אזוי", האָט דער שמש געזאָגט, אָפען באאיינדרוקט.

„זיכער", האָט הולדע באשטעטיגט. „נאָר, אזוי ווי זוסמאן דער־קלערט דאָ, האָבען זיי געוואָרפען די שולד אויף די אידען, וועלכע האָבען צו שטארק מורא געהאָט פאר די רוימער עס אָפּצולייקענען".

דער שמש האָט נאָכגעטראכט.

„ווען די קריסטען וועלען נאָר דאָס פארשטיין", האָט זוסמאַן געזאָגט, און ווייטער אנטוויקעלט זיין טענה, „וועלען זיי אויסשטרע־קען די האנט צו אונז".

דעם שמש האָט א בליץ געטאָן א געדאנק. „אָבער ווי אזוי וועלען איך די קריסטען לעזען? קיין קריסט פארשטייט נישט קיין לשון קודש". זוסמאַן איז אויף א ווייל געבליבען געפּלעפט. „אָבער דאָס איז נישט אזוי פיל פאר די קריסטען", האָט ער אויסגעטייטשט. „עס איז פאר די אידען — אז זיי זאָלען אויסשטרעקען די האנט צו די קריסטען".

דער רויטער שמש האָט אים אָנגעקוקט אין דערשטוינטער שטי־לער פארוואונדערונג. „נאָך גרעסערע משוגעת!" האָט ער ענדליך ארויסגעשטעמט. „זיי וועלען אייך באהאנדלען ערגער ווי זיי בא־האנדלען מיך".

„נישט ווען זיי וועלען לייענען מיין ספר".

„גראָד ווען זיי וועלען לייענען אייער ספר".

הולדע האָט רוהיגליך געשמייכעלט. „זיי קענען מיין מאַן גאָר־נישט טאָן. ער איז זיין אייגענער בעל־הבית, א דאנק דעם רבונו של עולם. קיינער קען אים נישט אוועקשיקען".

„מען קען אים באליידיגען".

זוסמאַן האָט לייכט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. „קיינער קען מיך נישט באליידיגען!" האָט ער איינפאך א זאָג געטאָן. „ווען א הונט בילט אויף מיר האָב איך רחמנות אויף אים וואָס ער ווייסט נישט אז איך האָב אים ליב. איצט קומט צום טיש. דער געמאַרענירטער הערינג האָט א וואוילען ריח.

אָבער דער רויטער שמש איז נישט געווען איבערצייגט. „איבע־ריגענס, צו וואָס זאָלען מיר זיך איבערבעטען מיט די קריסטען — די נארישע גוים?" האָט ער געפרעגט, ווען ער האָט גענומען א פארענ־דיגע שאָל קאווע פון פרוי הערץ.

„עס איז א פראגע פון דער צוקונפט פון דער וועלט", האָט זוס־מאַן ערנסט געזאָגט, אויסטיילענדיג דעם הערינג, וועלכען דער הענד־לער און מארינירער האָט שוין צושניטען אויף קליינע שטיקעלאך. „אַז די פיינדשאפט איז א פארקריפּלונג פון די פּרינציפּען פון ביידע

גלויבענס. דארפען מיר דערלאָזען אז דאָס זאָל אזוי אייביג אָנגיין?"

„דאָס וועט אזוי לאַנג אָנגיין ביז זיי וועלעןביידע פארשטיין אז די נאַטור באשאפט זיך אליין", האָט דער רויטער שמש געזאָגט.

„דאָס וועט אָנגיין אזוי לאַנג ביז זיי וועלען ביידע פארשטיין מיין מאַנ'ס בוך", האָט הולדע פארריכט.

„נישט אזוי לאַנג ווי אידען וואוינען צווישען קריסטען. אפילו דאָ זאָגען זיי אז מיר נעמען ארויס דאָס ברויט פון מויל ביי די קריסט־ליכע שוסטערס. ווען מיר וואָלטען איצט געהאַט אונזער אייגען לאַנד —"

„שטיל!" האָט זוסמאַן געזאָגט. „איר טראָגט זיך אויך ארום מיט דעם מאטעריאליסטישען חלום? אונזער קיניגרייך איז גייסטיג. נאַציאָנאַליטעט — די וועלט שטינקט פון דעם! דייטשלאַנד פאַר די דייטשען, רוסלאַנד פאַר די רוסען. אויסלענדער צום טייוועל — באַ! זעלבסט־ליבע וואָס פאַזירט פאר פאַטריאָטיזם. מיר ווילען מענטשליכע ברודערשאפט. האָט איר פארגעסען ווי אזוי דער מדרש פארטייטשט דעם פסוק אין שיר השירים: „איך באשווער אייך, טעכטער פון ירושלים, ביי די הירשען און ביי די אינדען, אז איר זאָלט נישט אויפ־וואכען און נישט אויפוועקען מיין געליבטען, ביז עס וועט אים גלוסטען?"

דער רויטער שמש וואָס האָט קיינמאָל נישט געלערנט קיין שורה פונ'ם מדרש האָט נישט געלייקענט אז ער האָט פארגעסען די פאַר־טייטשונג, נאָר ער איז אַלץ באשטאנען: „און אפילו ווען מיר האָבען נישט דער'הרג'עט ישוע הנצרי'ן, וואָס פאר א גוטס וועט עס טאָן די אידען ווען מען וועט עס זיי זאָגען? עס וועט זיי בלויז אין כעס אריינברענגען".

„פאַרוואָס?" האָט זוסמאַן געזאָגט, נישט פאַרשטייענדיג.

„עס וועט זיי פאַרדריסען וואָס זיי זיינען געפייניגט געוואָרען פאַר גאָרנישט".

„אָבער זיי זיינען דאָך נישט געפייניגט געוואָרען פאר גאָרנישט!" האָט זוסמאַן אויסגעשריען, אוועקלייגענדיג אַן אויפגערעגטער זיין גאָפּעל. „זיי האָבען פאַרלייקענט דעם גרעסטען זון. ווייל, ווי ער האָט געזאָגט אין מאטעאוס, „איך קום דערפילען משה'ס תורה". האָבען נישט אַלע נביאים, זיינע פאָרגענגער, אויך אויסגערופען געגען

בלויזער פאָרם און קרבנות? זיינען נישט די לערער אין ישראל, וואָס האָבען אים נאָכגעפאָלגט, אויך באַשטאַנען אויף אַ ריין הארץ און אַ נשמה אָן זינד? ישו דאַרף צוריקגעשטעלט ווערען אויף זיין אמת'דיג אָרט אין דער הערליכער קייט פון אידישע נביאים. ווי איך מאַך קלאָר אין מיין קאַפּיטעל איבער דער פילאָזאָפיע פון רעליגיע, וואָס איך האָב באַגרינדעט אויף אימאַנועל קאַנט, איז דאָס גרונט־ווערק פון שכל —"

אָבער דאָ האָט דער רויטער שמש, וואָס זיין קאַווע האָט זיך קוים אריינגעזופּט אין ריכטיגען קאַנאַל, צועפּענט דאָס מויל — „איר האָט דאָס אריינגעשטעלט אין אייער ספר?"

דאָס ווייב האָט אָנגערירט דעם מאַנוסקריפּט מיט פרומען שטאָלץ. „דאָ שטייט אַלץ", האָט זי געזאָגט.

„וואָס! פּסוקים פון נייעם טעסטאַמענט?"

„פון אונזערע אידישע אַפּאָסטאָלען!" האָט זוסמאַן געזאָגט.

„נאַטירליך! אויף יעדען בלעטעל!"

„אויב אַזוי זאָל אייך גאָט העלפען!" האָט דער רויטער שמש געזאָגט.

3

„אחות העמים" איז ארויסגעגעבען געוואָרען. כאָטש דער חשבון איז געווען אַ סך אַ גרעסערער ווי דער העברעאישער דרוקער האָט אויסגערעכענט — ווייל עס זיינען געווען אַלערליי געהיימע חשבונות פאַר קאָרעקטורען, וואָס האָבען צוגענומען זייער לעצטען אָפּגעשפּאָר־טען גראָשען, זיינען אָבער הולדע און איר מאַן געווען גליקליך. זיי האָבען פארזייעט די זאָמען, און האָבען מיט אַן ערנסטען גלויבען גע־וואַרט די איינזאַמלונג, די פאַרברידערונג פון די אידען מיט די קריסטען.

דאָס בוך, וואָס איז געווען אין אַ פּאַפּירענעם איינבאַנד, איז געווען ארויסגעגעבען פאַר אַ שילינג. פינף הונדערט קאָפּיעס האָט מען אָפּגעדרוקט פאַר דער אויסגאַבע. נאָך זעקס חדשים איז דער חשבון געשטאַנען אַזוי: פאַרקויפט, פיר און אכציג קאָפּיעס. רעצענ־זיעס, צוויי אין די אידישע צייטונגען (געדרוקט אין דער אייגענער דרוקעריי ווי זיין בוך און דערפאַר פאַראַנטוואָרטליך צו הינטערטרעפ

איינפלוס). די אידיש־ענגלישע צייטונגען, וואָס האָבען אין זום־מאַנ׳ס פאַנטאַזיע געלויכטען מיט וועלט־צוטרייסלונג, האָבען אפילו נישט דערמאָנט אַז עס איז דערשינען. עס וואָלט אפילו געווען בע־סער ווען די זשאַרגאָנישע צייטונגען וואָלטען עס אויך אַזוי פאַר־שוויגען, ווייל, כאָטש עס האָבען צירקולירט ווייניגער ווי הונדערט קאָפּיעס פון „אחות העמים”, איז דאָס בוך געווען ביי אַלעמען אין די מיילער — ווי אַ שטיק חזיר וואָס מען דאַרף מיט שוידער צוריק אויס־שפּייען. דער רויטער שמש האָט שוין געהאַט גאָר אַ געזונטען חוש. דאָס געטאָ, וואָס איז שוין געווען צוגעוואוינט צו הינטערווייליגע אָנפאַלען אויף איר גייסטיגער פעסטונג, האָט מורא געהאַט פאַר שריי־בער אפילו וואָס האָבען געשריבען לשון קודש. נישט קוקענדיג אויף דעם אָריענטאַלישען סקאַנדאַל וואָס דער דורכגעטריבענער שוסטער האָט באַשאַפען, האָבען אָבער זיינע ברידער אידען געזוען די געשפּאָל־טענע קלויען. זיי האָבען זיך נישט געלאָזט אָפּנאַרען פון דער אויי־בענאויפיגער הייליגקייט וואָס דאַרווין און שאָפּענהויער — הפּנים בישאָפען פון דער באַפעסטיגטער קירך — האָבען אויסגעבאָרגט פון זייערע העברעאישע שריפטען. דאָס איז דאָך טאַקע געווען די אייגע־נע קונץ פון די שאָטענ׳ס וואָס האָבען פריי באַשפּרענקעלט מיט לשון קודש זייערע אויסטייל־בלעטלאַך וואָס האָבען איינגעלאַדען נשמות וואָס האָבען געזוכט ליכט צו קומען און געפינען עס אין ווייטשעפּעל ראָוד צווישען דריי און זיבען. אפילו די קריסטין מיט דער דינער נאָז וואָס האָט אָנגעהויבען דורך מאָלען אַ העברעאישען פּסוק איבער זייער וואָילטעטיגקייט־ביוראָ, האָט עס אויך אויפגעגעבען פאַר האָפ־נונגסלאָז. אָבער דער פאַקט וואָס דאָס געטאָ איז געווען שאַרפזעאיג און האָט נישט געמינערט דעם פּאַרפעסער׳ס פאַרראַט צו זיין פאָלק און גלויבען. מען האָט זוםמאַנ׳ען געגעבען מיט שטאַרקייט צו פאַר־שטיין אַז זיין אָנוועזענהייט אין דער קליינער שול וואָלט געפירט צו אַ טומעל ביים דאַווענען. „דער איד דאַרף נישט קיין שול צום דאַווענען”, האָט ער געזאָגט. „זיין לעבען איז אַ תפילה, זיין ווערקשטאַט אַ שול”.

זיינע אַרבעטער האָבען אים פאַרלאָזט איינציגווייז אַזוי גיך ווי זיי האָבען געקענט קריגען אַרבעט ערגעץ אַנדערש.

„מיר וועלען קריגען גוים”, האָט ער געזאָגט.

אָבער די אַרבעט אַליין האָט אויפגעהערט אַריינצוקומען. ער

איז געווען אַפּהענגיג פון אַ גרויסער פירמע וואָס איר קאָפּ איז געווען דער פּרנס פון אַ נאָרד לאָנדאָנער קהילה, און ווען איינער פון זוס־מאַנ׳ס ארבעטער, וואָס האָט געוואָלט גיין אין אַ געשעפט פאַר זיך, איז אוועק צו אים און אים דערציילט די מעשה, האָט מען אים איבער־געגעבען דעם קאָנטראַקט, און זוסמאַנ׳ען האָט מען אומגעקערט זיין איינלייג־געלט. אָבער שווערער פון די אַלע צרות איז געווען הולדע׳ס פּלוצימדיגע קראַנקהייט, און כאָטש דאָס אומגעקערטע איינלייג־געלט איז איצט צונוץ געקומען צו באַצאָלען דעם דאָקטאָר, איז די אויסזיכט נישט געווען קיין פרייליכע. אָבער „איך וועל אַליין ווערען אַ בעל־מלאָכה”, האָט זוסמאַן מיט בטחון געזאָגט. „ביי מיינע ברידער וועט פּאַרביי דער פּאַרדרוס ווען זיי וועלען באמת פאַרשטיין מיין געדאַנק. דערוויי ווירקט עס אין זיי, ווייל אפילו ווען מען האסט אַ געדאַנק מיינט אַז מען טראַכט איבער אים”.

דער רויטער שמש האָט בייז געבורטשעט. ער האָט געהערט הולדע׳ן הוסטען אין צווייטען צימער, און דאָס האָט אים ווי געטאָן אין דער ברוסט.

אָבער עס איז איצט געווען זומער, און אַ נישקשה׳דיגען פּאַס בלאָען הימעל האָט מען געקענט זען פונ׳ם פענסטער, און די שטויב־באַלאָדענע פּאַסען זון וואָס האָבען אריינגעשטראָמט האָבען דערמוטיגט הולדע׳ן צו ווערען בעסער. זי איז אינגיכען אויפגעשטאַנען און האָט אָנגעהויבען ארומגיין, נאָר דער דאָקטאָר האָט געזאָגט אַז זי איז זייער צוטרייסעלט און אַז זי דאַרף האָבען ים־לופט. אָבער דאָס, פאַרשטייט זיך, איז איצט געווען אוממעגליך. הולדע אַליין האָט געזאָגט אַז אַ סך בעסערע לופט קען מען קריגען אויבען, אין בוידעם, וואָס איז צום גליק געווען „צו פאַרדינגען”. אמת אַז עס איז דאָרט געווען בלויז איין צימער. עס איז אָבער געווען אַ סך ביליגער. דעם רויטען שמש׳ס האַרץ איז געווען שווערער ווי די מעבעל וואָס ער האָט גע־האָלפען ארויפטראָגען. אָבער דאָס פּאָרעל האָט נישט געהאַלטען מיט אים און זיינען נישט געווען אַזוי טרויעריג. זיי האָבען געשפּאַסט און געלאַכט, מיט אַזאַ גרינג האַרץ, אַזוי ווי די פרייליכע קינדער אויף די שטיגען וואָס האָבען געהאָלפען ביים איבערטראָגען די זאַכען. „מיין אידעאַל האָט מיך דערהויבען נענטער צום הימעל”, האָט זוס־מאַן געזאָגט. יענע נאַכט, נאָכדעם ווי דער רויטער שמש האָט צו־

נויפגעשרויפט דאס בעט, האט ער זיך פארגונען צו לאזען זיך איבער־רעדען צו בלייבען אויף וועטשערע. ער האט שוין געהאט אויפגע־געבען די געוואוינהייט אזוי גיך ווי זוסמאנ'ס פינאנסען האבען זיך אנגעהויבען אויסצולאזען.

כדי צו דערוואַרימען דאס הויז האט הולדע אריינבאשטעלט גע־באקענע קארטאפליעס און לעבער פון דער גארקיך, און עס זיינען אויך געווען דריי לויליבע פעניצלאך פלוימען־פודינג.

„פלוימען־פודינג" האט זוסמאן א דערפרייטער אויסגערופען, שמעקענדיג מיט די נאזלעכער דעם פיינעם מאכל. „דאס איז א גוטער סימן פאר דעם אידעאל!"

„ווי אזוי א סימן?" האט געפרעגט דער רויטער שמש.

„איז פלוימען־פודינג נישט פארבונדען מיט קריסמעס, מיט פרידען אויף דער ערד?"

הולדע'ס אויגען האבען אויפגעבליצט. „יא, דאס איז א סימן — די ברודערשאפט פון די פעלקער! דער איד וועט זיין דער פרידענס־שליח פון דער וועלט". דער רויטער שמש האט סקעפטיש ווייטער געגעסען. ער האט דורכגעשטודירט דעם „אחות העמים" און האט זיך דערמיט טאקע שטארק אויסגעבעסערט זיין לשון קודש אבער ער האט ווייניג וואס געלערענט. ער האט עס אפילו געשטודירט אין הולדע'ס אריגינעלען מאנוסקריפט, וואס ער האט געבארגט און קיינ־מאל נישט בדעה געהאט אומצוקערען. אבער ער האט נאך אלץ נישט געקענט גלויבען אזוי ווי זיין פריינט אין דער מעגליכקייט צו פאר־פולקאמען די מענשהייט. אפשר ווען זיי וואלטען געוואוסט ווי אזוי ער האט פאר'שכור'ט נאך זיין ווייב'ס טויט דאס וואס ער האט אפ־געשפארט, וואלטען זיי געהאט אן ערגערע מיינונג וועגען דער מענש־הייט און אירע מעגליכקייטען צו ווערען פארפולקאמט. נאך אלעם, זיינען הולדעס געווען צו זעלטען צו מאכען די וועלט ניכטער, און נאך ווייניגער ברידערליך און, וואס פאר א וואוילע מענשען זיי זיינען נישט געווען, האט אבער די ערליכקייט פארלאנגט, נישט ארויסצוקריגען ביי זיי קיין טובות דורך מיטהאלטען מיט זייער נארעריי.

„וואס האט אייך געגעבען אזא געדאנק אין אייער קאפ ארייו, זוסמאן!" האט ער אומסימפאטיש אויסגערופען. זוסמאן האט נאאיוו געענטפערט אזוי ווי אויף א פראגע —

„איך האָב דעם געדאַנק פון אַ אינגעל. איך געדענק איך בין אַמאָל געזעסען אין די זאָקען אויף דער ערד אין אַ שול אין פוילען אים תשעה באָב, און האָב מיך געוואונדערט פארוואָס מיר זאָלען אַזוי וויינען אויף חורבן ירושלים, וואָס האָט אונז צושפּרייט צווישען די פעלקער אַזוי ווי פּרוכטבאַרע זאָמען. ווי אַזוי דען זאָל ישראל דערפילען זיין שליחות? איך געדענק" — און דאָ האָט ער נאָכדענקליך געשמייכעלט — „אַז אויפגעוועקט האָט מיך פון מיין טאָג־חלום אַ פּאַטש אין פּנים פון מיין אָרעמען אַלטען טאַטען, וואָס איז אין כעס געוואָרען וויל איך האָב נישט געזאָגט די תפילות".

„עס וועט זיך אַלעמאָל געפינען אימיצער צו געבען אייך יענעם פּאַטש", האָט דער רויטער שמש אַן אַנגעמרוקעטער געזאָגט. „אָבער אין וואָס פאַר אַ זין איז ישראל צושפּרייט? מיר ווייזט זיך אויס אַז אונזער לעבען איז אומעטום אַזוי פאַרהוילען פון די פעלקער גלייך מיר וואָלטען אַלע צוזאַמען געוועזען אין ארץ ישראל".

„איר רירט אָן אַ גרויסען אמת! אַ, ווען איך וואָלט נאָר געקענט שרייבען ענגליש! נאָר כאָטש איך לעז עס כמעט אַזוי גרינג ווי דייטש, קען איך עס אָבער פּונקט אַזוי וויניג שרייבען. איר ווייסט דאָך ווי אַזוי מען דאַרף לערנען דייטש אין פוילען — בגנבה — די גוים זיינען אייפערזיכטיג פון איין זייט און די אידען פאַרדעכטיג פון דער אַנדערער. איך האָב נישט געקענט ריזיקירען אַז די קריסטען זאָלען לאַכען פון מיין שלעכטען דייטש — דאָס וואָלט געשעדיגט מיין געדאַנק. און ענגליש איז אַ שפּראַך ווי דער עמק סידים — פול מיט גריבער".

„מיר דאַרפען עס לאָזען איבערזעצען", האָט הולדע געזאָגט. „נישט נאָר פאַר די גוים נאָר פאַר די רייכע אידען, וואָס זיינען ליבעראַלער אין געדאַנק ווי די וואָס וואוינען אין אונזער קוואַרטאַל".

„אָבער מיר קענען זיך איצט נישט דערלויבען צו באַצאָלען פאַר דער איבערזעצונג", האָט זוסמאַן געזאָגט.

„אומזין. ביי אַ מענש בלייבט נאָך אַלעמאָל אַ שטיקעל צירונג", האָט הולדע געזאָגט.

זוסמאַנ׳ס אויגען זיינען פייכט געוואָרען. „יאָ", האָט ער גע־

זאָגט, צוציענדיג זי צו זיין ברוסט, „ביי א מענשען בלייבט אַלעמאָל א שטיקעל צירונג".

„נאָך מער משוגעת!" האָט דער רויטער שמש הייזעריג אויס־געגרופען. „די ענגלישע אידען גייען געוואלטיג אָן אידעען! האָבען זיי אפילו דערמאָנט אייער בוך אין זייערע זשורנאלען? נאָר זיי האָבען עס מסתמא נישט געקענט איבערלייענען", האָט ער צוגעגעבען מיט א געלעכטער. „א פיין ביסעל לשון קודש קען עס דער קליינער סעמפּסאָן! איר קענט דעם קליינעם סעמפּסאָן — ער איז געקומען שרייבען א רעפּאָרט פונ'ם שיך־סטרייק פאַר דעם „פלעג אָוו דזשודעא". איך האָב מיך ארייַנגעלאָזט אין א שמועס מיט אים — א פּראָסטער חזיר־פרעסער. ער גלויבט אַזוי ווי איך אַז די נאַטור מאַכט זיך אַליין".

אָבער זוסמאַן האָט קוים געגעסען, און נאָך ווייניגער געהערט.

„דו האָסט מיר געגעבען א נייעם פּלאַן, הולדע", האָט ער גע־זאָגט מיט באַגייסטערונג. „איך וועל שיקען מיין בוך צו די וויכטיג־סטע ענגלישע אידען — יאָ, באַזונדערס צו די רבנים. זיי וועלען איינזען מיין געדאַנק, זיי וועלען אים פאַרשפּרייטען איבער דער וועלט, זיי וועלען צוערשט איבערגעווינען די אידען און דערנאָך די קריסטען".

„יאָ, אָבער זיי וועלען דעם געדאַנק ארויסגעבען פאַר זייער אייגענעם", האָט הולדע געזאָגט.

„איז וואָס זשע? דער וואָס גלויבט אין א געדאַנק, איז דער גע־דאַנק זיינער. ווי גרוים איז עס פאַר מיר וואָס איך האָב געהאַט דעם געדאַנק צוערשט! איז דאָס נישט גענוג פאַרוואָס צו דאַנקען גאָט? ווען מיין געדאַנק זאָל נאָר פאַרשפּרייט ווערען אין ענגליש! ענגליש! האָסטו אַמאָל א טראַכט געטאָן וואָס דאָס מיינט, הולדע? די שפּראַך פון דער צוקונפט! שוין איצט די שפּראַך פון די גרעסטע פעלקער, און די פאַרשפּרייטסטע אויף מענשליכע ליפּען אומעטום — אין איין יאָרהונדערט וועט זי באַדעקען די וועלט". אויפהויבענדיג די אויגען צום באַרעגענטען משופּע'דיגען באַלקען, האָט ער ארויסגעמורמעלט: „וביום ההוא יהיה אדני אחד ושמו אחד".

„דיין עסען ווערט קאַלט", האָט הולדע צערטליך געזאָגט.

ער האָט אָנגעהויבען צו רירען מיט זיין מעסער און גאָפּעל אַזוי ווי א היפּנאָטיזירטער פון איר באַמערקונג, נאָר מיט זיין זעאונג טיף אין זיך.

4

פּופציג קאַפּיטעס פון דעם „אחות העמים" זיינען צומאָרגענס אוועקגעשיקט געוואָרען מיט דער פּאָסט צו די מערסטע רבנים און פיינע אידען. אין פאַרלויף פון די נעכסטע צוויי וואָכען האָבען זיבעצען באשטעטיגט מיט א פאָרמעלען דאנק אז זיי האָבען דאָס בוך דערהאַלטען, פיר האָבען געשיקט דעם שילינג וואָס איז דערמאָנט געווען אויף דער הילע, און איינער האָט געשיקט פינף שילינג. דער לעצטער האָט זוסמאַנ'ען דערשלאָגען מער פון די אַלע אנדערע. „וואָס האַלט ער מיך פאַר א שנאָרער?" האָט ער געזאגט, כמעט אין כעס, ווען ער האָט צוריקגעשיקט די געלט־אַנווייזונג.

ער האָט נישט פּאָראויסגעזען דעם טאָג, ווען טאקע אַלס אמת'ער שנאָרער, וואָלט ער גערן גענומען פינף שילינג פון יעדען וואָס קען זיך פאַרגינען צו געבען: ער האָט נישט געהאט קיין נביא'יש פאָר־געפיל פון די לאַנגע, פּאַמעלאכדיגע בעטלערישע טעג וואָס וועלען צוברעכען זיין גייסט. ווייל כאָטש עס איז אים א צייט געלונגען צו באקומען גענוג ארבעט פאַר זיך און פאַר דעם רויטען שמש, איז אָבער זיין חורבן בלויז אָפּגעלייגט געוואָרען. ביסלאכווייז האָט ער אויס־פאַרקויפט זיין מאַשינעריע, זיינע ווערקשטאַטען און גלאַנץ־אייזענס זיינען פאַרשוואונדען פונ'ם בוידעם, בלויז איין נויטיגער קאָמפּלעט איז געבליבען, און דער מייסטער און דער געזעל האָבען ביידע געמוזט גיין זוכען פאַר זיך ארבעט ערגיץ אנדערש. דער רויטער שמש איז ארויס פונ'ם הויזגעזינד, און איז אראָפּגעקומען צו א האַלבען הונגער. זוסמאַן און הולדע, דורך כסדר אויספאַרקויפען זייערע שטיקלאך צירונג און זייערע שבת'דיגע מלבושים, האָבען אויסגעהאַלטען א ביסעל לענגער, און הולדע האָט אויך אריינגעקראָגען צו נייען א ביסעל קינדער־וועש. נאָר מיט דעם צוריקקומען פונ'ם ווינטער איז הולדע'ס קראַנקהייט צוריקגעקומען, און דאַמאָלס האָבען די באַליבטע ביכער אָנגעהויבען צו אנטבלויזען די נאַקעטקייט פון די געקאַלכטע ווענט. הולדע, וועלכע האָט זיך אָפּגעזאָגט אויפצונעמען דאָקטוירים וואָס האָבען גענומען באַצאָלט, האָט צוערשט מוטיג ארויסגעקעמפּט דורך רעגען און נעפּעל צו א פרייער קליניק, וואו א מאַסע פּוילישע ווייבער מיט טיכלאך אויף די קעפּ האָבען זי געשטופּט, און וואו א נעפּלאָנ־

טער קריסטליכער דאָקטאָר, מיד פון די אידיש־רעדענדיגע ווייבער, האָט הויך געשריען און זיי איבערגעשראָקען. אָבער הולדע איז ענדליך געוואָרען צו קראַנק צו דערוועגען זיך ארויסצוגיין, און זוסמאַן, וואָס איז נאָך אַלץ געווען אָן ארבעט, האָט זיך געמוזט אומקוקען נאָך הילף. עס זיינען געווען גענוג צדקות אינ'ם געטאָ, אָבער צו צדקה, אַזוי גוט ווי צו ארבעט, דאַרף מען גיין אויף דער לער. ער האָט עפּעס געהאַט אַן אַנונג אַז עס זיינען דאָ מענשען וואָס האָבען דאָס מזל קראַנק צו זיין און צו קריגען יאַיכלאָך און איינגעמאַכטסען. צו אַנדערע האָבען אויך גוטע מלאָכים אויסגעטיילט געהאַלטען, כאָטש אימיצער האָט אים אמאָל געזאָגט, אז מען האָט שוואַכע מעגליכקייטען סיידען מ'איז אַ יאַהודי. נאָר די וואָס האָבען נישט קיין ערפאַרונג אין בעטלען זיינען נאַטירליך נישט אַזוי ערפאָלגרייך ווי די וואָס גיבען זיך כסדר אָפּ מיט דעם. זוסמאַן האָט אומזיסט אויסגעריבען זיינע שיך צווישען דעם פינסטערען עולם אין קאָרידאָר, מען האָט זיך שוין פריער געשושקעט ווענגען דעם וואָס ער האָט אַלץ אָפּגעטאָן, וואָס איינער אַ קאָנקורענט האָט געבראַכט אין דעם ווילדען קאַמף נאָך הילף. וואָס, העלפען אַ היפּאָקריט צו זיצען אויף ביידע ביינק־לאַך פון קריסטענטום און אידענטום, וואָס ווערט געשפּייזט פון דער רחבות פון ביידע! אין אָט דער פינסטערער שעה איז צו אים צוגע־קומען יענע קריסטין מיט דער דינער נאָז, וועלכע האָט געוואוינען קוראַזש פון זיין בוך און האָט דערשמעקט נשמות. זוסמאַן האָט זיך געוואָקעלט. פאַרוואָס זאָל ער זיך באמת אָפּזאָגען פון זייער הילף? ער האָט געוואוסט פון זייערע טעג פון זעלבסט־אויפּאָפּפערונג, זייער אמת'ע פרייד אין ראַטעווען נשמות. ווענגען זייער ברייטהארציגקייט האָט ער אַ סך מער געוואוסט ווי פון דער אידישער — די פינסטערע לעגענדע ווענגען אָט די מעפיסטאָפּעלישע מאַטראָנעס האָט איינגע־שלאָסען קאָלדרעס, קליידער, פאָרטוויין און אַלע פיינע עסענוואַרגען פונ'ם סעזאָן. ער האָט צוגעגעבען אז הולדע האָט שוין באמת גע־האַלטען זייער שמאָל, און האָט זיי דערלויבט ארויפצוקומען. דערנאָך איז ער אהיימגעפאָרען צו שניידען טרוקען ברויט פאַר דער קראַנקער, אויסגעמוטשעטער, וועלכע איז אמאָל געווען שיין, און צו טרייסטען זי — ווייל עס איז געווען פרייטאָג־צו־נאַכטס — דורך מקבל שבת זיין. און האָט פאַרענדיגט מיט „אשת חיל מי ימצא".

צומאַרגענס אין דער פרי איז אָנגעקומען א קאָרב, וואָס האָט פארשמעקט די לופט מיט די זיסע ריחות פון פיינע עסענוואַרג.

זוסמאַן האָט עס צוגענומען מיט פארגעניגען פון דעם אינגעל וואָס האָט עס געבראכט. „גאָט זאָל זיי בענשען!" האָט ער געזאָגט. „א הון — וויינטרויבען — וויין. זע, הולדע!"

הולדע האָט זיך אויפגעזעצט אין בעט. אירע אויגען האָבען גע־פינקעלט, א ראָזע פארב האָט ווידער באגאָסען די בלייכע באקען.

„פון וואַנען קומט דאָס?" האָט זי געפרעגט.

זוסמאַן האָט זיך געקווייטשעלט. דערנאָך האָט ער איר געזאָגט, אז דאָס זיינען געווען די אָנזאָגערס אויף א וויזיט פון די גוטע שוועס־טער.

די ראָזקייט אין אירע באקען איז געוואָרען רויט.

„מיין אָרימער זוסמאַן!" האָט זי מיט פאָרוואורף אויסגערופען. „גיב זיי צוריק — גיב זיי גלייך צוריק! רוף צוריק דאָס אינגעל".

„פארוואָס?" האָט זוסמאַן געשטאַמעלט.

רוף צוריק דאָס אינגעל!" האָט זי באפעלעריש איבערגע'חזר'ט. „ליבער גאָט! ווען מען זאָל זען אָט די פרויען ארויפקומען אהער, וואָלט שוין געווען נאָך דיין גאַנצען געדאַנק. און נאָך שבת דערצו! מענשען קוקען שוין אויף דיר ווי אויף א כלי פון די מיסיאָנערען. שנעל! שנעל!"

מיט א הארץ צעווייטאָגט פון געמישטער ליבע און פיין, האָט ער גענומען דעם קאָרב און נאָכגעאיילט דעם אינגעל. הולדע איז צוריקגעפאלען אויף איר קישען מיט א זיפץ פון דערלייכטערונג.

„גוטע נשמה!" האָט זי געטראכט אויסנוצענדיג די געלעגענ־הייט וואס ער איז נישט געווען זיך פריי אויסצוהוסטען. „פאר מיר טוט ער דאָס וואָס ער וואָלט בעסער פארהונגערט איידער עס צו טאָן פאר זיך. א שיינע זאך צו שטעלען אין געפאר זיין געדאַנק — דעם חלום פון זיין לעבען! ווען די אידען וועלען זען אז ער מאכט נישט קיין פארדינסט דערפון, וועלען זיי זיך אָנהייבען צו פארטראכטען וועגען דעם. ווען ער וואָלט נישט געהאט מיך פאר א לאסט וואָלט ער נישט געבראכט געוואָרען דערצו. ער וואָלט געקענט מער ארויסגיין און געפינען ארבעט ווייטער אוועק. דאָס

מוז נעמען א סוף — איך מוז שטאַרבען אָדער אינגיכען צוריק זיין אויף די פיס".

זוסמאַן איז צוריקגעקומען, מיט ליידיגע הענט און מיט א שווער האַרץ.

„גיב מיר אַ קוש, לעבען מיינס!" האָט זי אויסגערופען. „עס וועט מיר גיך בעסער ווערען".

ער האָט זיך אָנגעבויגען און באַרירט אירע הייסע, טרוקענע ליפען. „איצט זע איך", האָט זי געמורמעלט, „פאַרוואָס גאָט האָט אונז נישט באַשערט קיין קינדער. מיר האָבען געמיינט אז עס איז א צרה, אָבער זע! דאָס איז אַז דיין גערדאַנק זאָל נישט געשטערט ווערען".

„די ענגלישע רבנים האָבען נאָך נישט געצווינגען קיין אויפ־מערקזאַמקייט דערצו", האָט זוסמאַן הייזעריג געזאָגט.

„איז נאָך בעסער", האָט הולדע געענטפערט. „עס וועט אַמאָל זיין איבערגעזעצט אויף ענגליש — איך וויים עס, איך פיל עס דאָ". זי האָט אָנגערירט איר ברוסט, און דאָס האָט זי געמאַכט הוסטען.

ווען הולדע איז צוגעשטאַנען שפּעטער, און ער איז אַרוים אויף אביסעל פרישע לופט, האָט אים אין דעם ברייטען פאָדערהויז אויף וועלכען די טרעפּ זיינען אַרוים, אָפּגעשטעלט כהן, דער שכן פונ'ם אונטערשטען שטאָק, א רוסישער איד מיט אַ שוואַרצער באָרד, אויסגעפּוצט אין זיין שבת'דיגער אַטלעסענער קאַפּאָטע.

„וואָס איז מיט מיין מילך?" האָט פּלוצלונג אַ פרעג געטאָן כהן, וועלכער פלעגט אַ חוץ פאַרקויפען מילך אויף איינצעל, אויך צו־שטעלען צו די אָרטיגע קרעמלאַך. „איר האָט זיך דאָך געמענט באַקלאָגען איידער אוועקצוגיין פון הויז קויפען ערגעץ אַנדערש. גלייבט מיר, אַז איך מאַך נישט קיין אוצר דערפון. מען דאַרף אויפשטיין אין מיטען דער נאַכט צו זיין אין יוסטאָן צו באַגעגע־נען די באַנען, און די קאָנקורענטען שניידען אַזוי דעם גאָרגעל, אַז מען דאַרף פאַרקויפען פאַר אכצען פענעס אַ שטאָל־גאַלאָן. און שבת פאַרדינט מען גאָרנישט. דערנאָך קומט דער אינספּעקטאָר און שטעקט אַריין זיין נאָז אין דער מילך".

„איר פאַרשטייט — מיין ווייב — מיין ווייב — **איז קראַנק**", האָט זוסמאַן אַרויסגעשטאַמעלט. „טרינקט זי נישט קיין מילך".

„הם!" האָט כהן געזאָגט. „מילא, וועט איר דאָך מיר טאָן די טובה. עס בלייבט מיר אַזויפיל יעדען טאָג, אַז עס מאַכט מיר אַזש מיין נאָמען זויער. איך בעט אייך, טוט מיר א טובה און לאָזט מיר אייך אריינשיקען יעדע נאכט א קאַן פון דעם וואָס בלייבט מיר איבער. פאַרשטייט זיך, אומזיסט. שבת וואָלט איך דען געדעדט וועגען געשעפט מיט אייך? איך האָב נישט ליב, אז מען זעט עס מיך אַרויסגיסען. עס וואָלט זיך מיר געלוינט אז איך זאָל אייך צאָלען א פעני א האַלבע קוואַרט", האָט ער מיט פעסטקייט פאַרענדיגט.

זוסמאַן האָט אָנגענומען אָן שום פאַרדאַכט, און געוועזן דאַנקבאַר וואָס עס איז אים באַשערט געווען אין איין צייט צו ברענגען נוצען אי זיך אַליין אין זיין שכן. ער האָט איצט אַרויפגעטראָגען א קאַן אויבען און דערקלערט די גאַנצע זאַך צו דער קליגערער הול־דע'ן, וועלכע האָט אָבער גאָרנישט געזאָגט א חוץ, „דו זעסט, דער געדאַנק הייבט אָן צו אַרבעטען. ווען דאָס בוך איז צוערשט אַרויס־געקומען, האָט ער דיך נישט גערופען אפיקורות — כאָטש ער אַליין פאַרקויפט שטילערהייט צו זיינע קונים שבת אין דער פרי?"

„ערגער", האָט זוסמאַן מיט פרייד געזאָגט, אין אָן אויפלייכט פון עראינערונגען.

ער איז ווידער אַרויסגעגאַנגען, דערלייכטערט און דערהויבען. „יאָ, דער געדאַנק אַרבייט", האָט ער זיך א זאָג געטאָן, אַרויסקו־מענדיג אין דער גראָער גאַס אריין. „די ברודערשאַפט פון די פעל־קער וועט קומען, נישט אין מיין צייט, אָבער זי וועט קומען". און ער האָט נאָך אַמאָל אַרויסגעמורמעלט די האָפענונג: „וביום ההוא יהיה אדני אחד ושמו אחד".

„העי, וואו זיינען אייערע — אויגען?"

אויפגעוועקט פון דער קללה, איז ער פונקט אין צייט אַראָפּ פונ'ם וועג פון א פלעמיש לאַסט־פערד וואָס האָט געשלעפט א ביר־וואָגען. דריי אָפּגעריסענע אירלענדישע גאַסענאינגלאַך, וואָס האָבען זיך געשלאָגען איינער דעם אַנדערען מיט די היטלען וואָס זיי האָ־בען געדרייט אין דער לופטען צוגעבונדען צו קליינינקע נאָזטיכלאַך,

האָבען אויף א וויל אָפּגעשטעלט זייער געשלעג און צוזאַמען א לויף געטאָן צו דער לייטער וואָס האָט ארויסגעשטאַרצט הינטען פון וואָגען און האָבען זיך צוזאַמענגעשטויסען מיט זוסמאַנ'ען אויפ'ן וועג. א הויקער אויף איין פוס און מיט קראַנקע אויגען האָט אים אָנגעשלאָגען פעגידיגע קאַלענדאַרטשיקלאָך. ער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אין אונמעכטיגען רחמנות און איז ווייטער געגאַנגען, פאַרטראַכט.

„מיט דער צייט וועט גאָט די קרומע מאַכען גלייך“, האָט ער געטראַכט.

אידען אין הויכע שוואַרצע קאַפּעלושען און שלעכט געמאַכטע רעק האָבען זיך פאַרבייגעשלעפּט, די אַקסלען איינגעבויגען. ווייבער זיינען געשטאַנען ביי די אָפענע טירען פון די אַלטע הייזער, א טייל אין זייערע שבת'דיגע זאַכען, טייל האָבען זיך חוצפּה'דיג גע־וויזען אין זייערע וואָכעדיגע שמאַטעס, נישט נעמענדיג זיך אפילו די מי אַביסעל איבערצואַנדערשען זייער איינציג קלייד, ווי א פרו־מער צדיק האָט געראָטען. זיי האָבען אויסגעזען אָפּגענוצט און אויס־געמוטשעט, די אַלע מאַמעס פון ישראל. אָבער עס האָבען זיך נאָך געפונען שוואַרץ־אויגיגע מיידלאָך פריש און פרייליך, אין קינסט־לערישע קאָרסעטלעך פון פיאָלעט און גרין אויסגעהאַפטען מיט גאָל־דענע אַראַבעסקען.

ער האָט זיך פאַרקירעוועט ביים ראָג און איז אריינגעקומען אין א שמאָלער גאַס וואָס האָט געלעבט מיט דעם פריילעכען ניגון פון א קאַטערינקע. זיין האַרץ האָט אויפגעלעבט. דער מיטענוועג האָט געשוויבעלט מיט אידישע קינדער, מייסטענס מיידלאָך, וואָס האָבען מיט שמחה געטאַנצט אין פאַרנאַכטיגען ליכט, ערפינדענדיג פאַרשידענע פּאַדרייטע טריט מיט א חן און א פייערדיגקייט וואָס האָט אויפגעלויכטען זייערע אויגען מיט פונקען און געמאָלען א טיפערע רויטקייט אויף זייערע איילבירטענע באַקען. א שפּרינ־גענדיגע מיידעלע מיט קרומע פיסלאָך האָט זיך, ווייזט אויס, אינ־גאַנצען פאַרגעסען אָן איר פאַרקריפּעלטקייט. די פינגער פון אירע פיס האָבען זיך באַגעגענט גלייך ווי זי וואָלט עס לוסטיג אומיסטען ערפונדען.

זוסמאַנ'ס אויגען זיינען פול געוואָרען מיט טרערען. „טאַנץ

ווייטער, טאַנץ ווייטער," האָט ער געמורמעלט. „גאָט וועט באמת די קרומע מאַכען גלייך".

אויף איין זייט פון דער קאַטערינקע ביים הענטעל האָט ער געזען איז געווען צוגעפעסטיגט אַ קליין קעסטעלע, אין וועלכען עס איז געלעגען אַזוי ווי אין אַ וויגעל, עפּעס וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ מאַלפּעלע, און דערנאָך ווי אַ ליאַלקע, נאָר ווען ער האָט זיך נעענטער צוגעקוקט האָט זיך עס פאַרוואַנדעלט אין אַ פּיטשינקע קליין קינד, מיט פלאַקסענע האָר, מיט גרויסע גרויע אויגען וואָס האָבען ארויסגעשטערענט פון אונטער אַ בלוי היטעלע, און האָט געזויגען אַ מילך-פלעשעל מיט אַן איבערנאַטירליכער געלאַסענקייט, נישט אַכטענדיג אויף דער מוזיק וואס האָט געשטראָמט דורך זיין געלעגערעל.

„אָט אַזוי וועט די מענשהייט לעבען", האָט זוסמאַן געטראַכט, „פרידליך ווי אַ קליין קינד, פאַרוויגט אין מוזיק. גאָט האָט מיר געשיקט אַ סימן".

ער האָט זיך אומגעקערט אהיים, בארואיגט, און דערציילט הולדע'ן פון דעם סימן.

„איז עס געווען אַן איטאַליעניש קינד?" האָט זי געפרעגט.

„אַן ענגליש קינד", האָט ער געענטפערט. „מיט ליכטיגע אויגען און ליכטיגע האָר".

„אויב אַזוי איז עס אַ סימן אַז דורך דער ענגלישער שפּראַך וועט דער געדאַנק באַוועגען די וועלט. דיין בוך וועט איבערזעצט ווערען אויף ענגליש — איך וועל עס נאָך דערלעבען צו זען".

5

עטליכע נאָכמיטאָגען שפּעטער איז דער רויטער שמש, פּאַטעטיש אויסגעפּוצט אין זיינע פאַרלאַטעטע קליידער, געקומען זען זיינע פריינט, געטריבען דורך די נייס פון הולדע'ס קראַנקהייט. עס איז נישט געווען קיין געזונטע פאַרב אין זיין פּנים, פון וועלכען די ליפּען זיינען געווען צוזאַמענגעדריקט מיט עקשנות געגען אַ גרויזאַמער און לייכט-גלויביגער וועלט. אז די נאַטור וואס האָט זיך אליין באַשאַפען זאָל באַשאַפען באַשעפענישען וואָס האָבען

צוגעשריבען זייער באשאפונג ערגעץ אנדערש, און וועלכע האט איר איינציגען אנערקענער נישט דערלויבט צו מאכען קיין שיך, איז אודאי געווען א באוויז, כאטש א פלאגענדיגער, פון אירע בלינדע אויפטואונגען.

ווען ער האט געזען וואס זי האט געטאן הולדע'ן און זוס־מאנע'ן, האבען זיך זיינע ליפען נאך פעסטער פארצויגען, נאר נישט ווייניגער צו דערשטיקען א זיפץ ווי אויסצודריקען נאך מער צארן.

נאר ביים געזעגענען זיך האט ער זיך נישט געקענט צוריק־האלטען פון זאגען זוסמאנען, וועלכער האט אים ארויסבאגלייט ביז דעם טונקעלען שפינבאוועבטען אנלען, „אייער גאט האט אייך פאר־געסען".

„איר מיינט אז מענשען האבען אים פארגעסען?" האט זוס־מאן געענטפערט. „אויב איך בין פאראָרעמט געוואָרען, קומען מיי־נע צרות פון דער השגחה. געדענקט איר נישט וואס דער אלמעכ־טיגער זאגט צו אליעזר בן פדס, אין דער גמרא, ווען דער רבי בא־קלאגט זיך אויף ארימקייט? 'ווערסטו זיין צופרידען אויב איך וועל חרוב מאכען די וועלט, כדי דו זאלסט אפשר קענען אויפסניי באשאפען ווערען אין א צייט פון שפע?' ניין, ניין, מיין פריינט, מיר דארפען זיך פארלאזען אויף דער השגחה".

„אבער די נאראנים האבען הנאה פון דער שפע", האט דער רויטער שמש געזאגט.

„בלויז א נאר ק ע ן הנאה האבען פון דער שפע", האט זוסמאן געענטפערט. „אויב די צדיקים ליידען טיילמאל און די רשעים גייט טיילמאל גוט, איז דאס טאקע דער אמת'ער באדינג פון רעכטפארטיגקייט. וואס דען וואלט איר געוואלט, אז צדקות זאל זיך אלעמאל לוינען און רשעות זאל אלעמאל באשטראפט ווע־רען! וואו זשע וואלט דאמאלס געווען די צידקות אין צדקה? דאס וואלט פשוט געווען א האנדעלס־אפטיילונג. האט איר פאר־געסען וואס דער חסיד האט געזאגט וועגען דעם אידען וואס האט פאראויסגעוואוסט ביי זיין לעבען, אז אויף אים וואַרט נישט קיין גן עדן? 'וואס פאר אן אויסנאמליכע און מקנא'דיגע געלעגענהייט דער איד האט געהאט צו טאן גוטס און נישט מורא האבען פאר שכר!' "

דער רויטער שמש, ווי געוועהנליך, האָט זיך בארוהיגט מיט דעם געדאנק אז ער האָט פארגעסען אָט די לשון־קודש'דיגע פסוקים, אָבער צו בארואיגען זיך מיט דעם וואָס זיי האָבען געלערענט איז שוין געווען אַן אנדער זאַך. „אַ מענש וואָס האָט נישט קיין האָפ־נונג אויפ'ן גן־עדן וואָלט געווען אַ נאַר נישט צו לעבען אין שמחה", האָט ער פאר'עקשנ'ט געזאָגט און איז אראָפּגעגאנגען פון די טרעפּ, מיט אַ הארץ וואָס איז שיער געפּלאצט. ער איז גלייך אוועק אין זיין אַלטער שול אריין, וואו ער האָט געוואוסט אז אַ בארימטער מגיד וועט האַלטען אַ הספד. ער האָט זיך קוים געקענט אריינ־שטופּען, אזוי געדיכט איז געווען דער עולם. נישט ווייניג אויגען, גאָס פון טרערען, האָבען זיך געווענדט אויף אים מיט כעס ווי אויף אַ חוזק־מאַכער וואָס איז געקומען קוקען, אָבער ער האָט גלייך אַליין אָנגעהויבען וויינען, וואָס עס איז אים לייכט אָנגעקומען ווען ער האָט אַ טראַכט געטאָן וועגען הולדע'ן וואָס הוסט אין איר בעט אין דער בוידעם־שטוב. ער האָט אזוי שטאַרק גע־וויינט אז דער גבאי — איינער פון די פרומסטע שוסטער־מייסטערס — האָט אים נאָכ'ן דאַווענען אָפּגעגעבען שלום.

„איך האָב נישט דערוואַרט צו זען אייך וויינען", האָט ער גע־זאָגט.

„ליידער!" האָט דער רויטער שמש געענטפערט. „איך ווייַן נישט בלויז אויף דעם געפאַלענעם בן מלך בישראל. איך דערמאָן מיך מיינע אייגענע עבירות דורך זיין פּלוצימדיגען סוף. ווי אָפט האָב איך אים געהערט אראָפּדונערען און בליצען פון אָט דער בימה!" ער האָט טיף אָפּגעזיפצט איבער זיין אייגענער צבוע־צטווע, און דער גבאי האָט אין ענטפער צוריקגעזיפצט. „אפילו פונ'ם קבר טוט דער צדיק גוטס", האָט דער פרומער שוסטער־מייסטער געזאָגט. „הלואי זאָל מיין לעצטער סוף זיין אזוי ווי זיינער!"

„מיינער אויך!" האָט דער רויטער שמש ארויסגעזיפצט. „ווי נעבענשט בין איך וואָס איך בין נישט פארשניטען געוואָרען אין מיין זינד, ווען איך האָב פארלייקענט דעם באשאַפער פון דער נאַטור!" זיי זיינען געגאנגען איבער דער גאָס צוזאַמען.

צומאַרגענס אינדערפרי, מיטאָגצייט, האָט דער שמש אָן אַן

אָטעם, מיט אַ רויטער באָרד און אַ זייער רויט פּנים, אַנגעקלאַפּט מיט שמחה אין דער טיר פון די הערצ'עס בוידעם־שטוב.

„איך האָב ווידער אַרבעט", האָט ער אויסגערופען.

„מזל טוב!" האָט אים זוסמאַן באַגריסט, נאָר שטילער, מיט אַ פינגער אויף דער ליפּ, אָנצואווייזען אַז הולדע שלאָפט. „ביי וועמען?"

„ביים גבאי הערים".

„הערים! וואָס, נישט קוקענדיג אויף דיין אפּיקורסות?"

דער רויטער שמש האָט אָוועקגעקוקט.

„אַזוי ווייזט עס אויס!"

„גאָט צו דאַנקען!" האָט זיך הולדע אָנגערופען. „דער געדאַנק אַרבעט".

ביידע מענער האָבען זיך אומגעקערט צום בעט, דערשטוינט צו זען זי זיצען מיט אַ באַגייסטערטען שמייכעל.

„ווי מיינט איר?" האָט דער רויטער שמש אומרואיג געזאָגט. „איך בין נישט קיין גוי וואָס אַ גבאי איז מיין פריינט".

„ניין, אָבער דאָס איז די ברודערשאַפט פון דער מענשהייט."

„וואָס גייט אונז אָן די ברודערשאַפט פון דער מענשהייט, פרוי הערץ!" האָט דער רויטער שמש רוי אַ זאָג געטאָן. ער האָט זיך אומגעקוקט איבער דעם נאַקעטען צימער. „די וויכטיגע זאַך איז אַז איר וועט זיך פון איצט אָן קענען פאַרגינען אַ פּאָר גוטע זאַכען."

„איך?" האָט הולדע ברייט געעפענט אירע אויגען.

„ווער דען? וואָס איך פאַרדין איז פאַר אונז אַלעמען".

„גאָט זאָל אייך בענטשען" האָט זוסמאַן געזאָגט. „אָבער איר דאַרפט גענוג זיך אַליין אויפצוהאַלטען".

„אוודאי!" האָט הולדע געזאָגט. „מיר קענען אפילו נישט חלומ'ן צו נעמען אַ גראָשען!" אָבער אירע אויגען זיינען פייכט געוועזן.

„איך באַשטיי דערויף!" האָט דער רויטער שמש געזאָגט.

זי האָט אים זיס געדאַנקט, אָבער זיך געהאַלטען פעסט.

„וועל איך אייך אויסבאָרגען דאָס געלט ביז זוסמאַן וועט קריגען אַרבעט".

זוסמאַן האָט זיך געקווייטשעלט, בעטענדיג זי מיט די אויגען, אבער זי איז געבליבען ביים איריגען.

דער רויטער שמש האָט פארלוירען זיין געדולד. „און דאָס רופט איר עס די ברודערשאפט פון דער מענשהייט!"

„ער איז גערעכט, הולדע. פארוואָס זאָלען מיר נישט נעמען איינער פונ'ם אנדערען? שטאָלץ פארקריפעלט ברודערשאפט".

„ליבער מאַן", האָט הולדע געזאָגט, „עס איז נישט קיין שטאָלץ אָפּצוזאָגען זיך צו בארויבען די אָרימע. אויסער דעם, וואָסערע גוטע זאַכען דאַרף איך? איז דאָס נישט קיין לאַנד וואָס פליסט מיט מילך?"

„איר נעמט כהנ'ס מילך און איר זאָגט זיך אָפּ פון מיין האָניג!", האָט דער רויטער שמש א נישט בארוהיגטער אויסגעשריען.

„גיט מיר דעם האָניג פון אייער צונג און איך וועל מיך פון אים נישט אָפּזאָגען", האָט הולדע געזאָגט, מיט דעם וואונדערליכען שמייכעל אירען וואָס האָט געוויזען די ווייסע ציין וואס די נאַטור האָט באַשאַפען. דער שמייכעל, וואָס האָט, ווי אַלעמאָל, צושמאָלצען דעם שמש'ס שטימונג. דער שמייכעל האָט געקענט גוט מאַכען אַלע צרות פון קראַנקהייט און איר צוריקגעבען דאָס געדענקליכע פנים.

נאָכדעם ווי דער שמש האָט אָפּגעאַרבעט א טאָג צי צוויי אין דעם גבאי'ס פאבריק, האָט ער דערציילט די מעשה וועגען א פריינט וואס האָט אויך קיין פרנסה נישט, איינער זוסמאַן הערץ, וואָס האָט קיין ארבעט נישט און א קראַנק ווייב אין בעט.

„דער משומד!" האָט דער גבאי אויסגערופען. „ער פארדינט אַלץ וואָס גאָט האָט געשיקט אויף אים".

אומדערשראָקען, האָט דער רויטער שמש באוויזען אז דער מענש האָט נישט געקענט געהערען צו די מיסיאָנערען, ווייל מען וואָלט אים נישט געלאָזט פארהונגערען, ווען איין גע'שמד'טער איד איז ווערט טויזענט פונט אין נייע נדבות. נאָך מער, ער, דער רויטער שמש, האָט איצט איבערצייגט דעם מענש אין זיינע גייסטיגע פעלערען, און די „אחות העמים" האָט מען שוין מער נישט פארקויפט. און אזוי ווי ער קען נישט פארלאָזען זיין ווייב'ס בעט, וועט זוסמאַן טאָן די ארבעט אין דערהיים אונטער די יוניאָן־פרייזען, וואָס מען נעמט אין פאבריק. און אזוי ווי ארבעט איז געווען גענוג, איז דער גבאי ווייך געוואָרען און האָט זיך געדונגען, און דער רויטער שמש איז גיך אַוועק־

געלאָפען צו זיין פריינט און ארויפגעפלויגען די פיר שטאָק שטיגען.

„אַ גוטע בשורה!" האָט ער אויסגערופען. „דער גבאי דארף האָבען נאָך אַ האַנט און איז וויליג אייך צו נעמען."

„מיך?" איז זוסמאַן דערשטוינט געוואָרען פון פרייד און איבערראַשונג.

„ווּעסטו איצטער אַפּלייקענען אז דער געדאַנק ארבעט?" האָט הולדע אויסגערופען, מיט אַ פאַרפלאַמט פּנים און פינקלענדיגע אויגען. און זי איז אוועקגעפאַלען אין אַ הוסט.

„דו ביזט גערעכט, הולדע. דו ביזט אַלעמאָל גערעכט", האָט זוסמאַן אויסגערופען אויך אַ גליקליבער. „אַ דאַנק גאָט! אַ דאַנק גאָט!"

:גאָט זאָל מיר מוחל זיין", האָט דער רויטער שמש געמורמעלט.

„גיי גלייך, זוסמאַן", האָט הולדע געזאָגט. „זאָלסט זיך וועגען מיר דאָ גאָרנישט זאָרגען — דאָס האָט מיר געגעבען כח. אין אַ טאָג צוויי ארום וועל איך אויפשטיין פון בעט".

„ניין, ניין, זוסמאַן", האָט דער שמש גיך אַ זאָג געטאָן. „עס איז נישט נויטיג איבערצולאָזען אייער ווייב. איך האָב אַלץ פאַרזאָרגט. דער גבאי וויל נישט אז איר זאָלט קומען אהין אָדער דיידען צו אים, ווייל, כאָטש דער געדאַנק ארבעט אין אים, זיינען נאָך אָבער די אַנדערע 'הענט' נישט אַזוי פּרייזיניג. איך דארף אייך דאָ אהערברענגען די באַשטעלונגען, און איך וועל זיי קומען אָפּנעמען."

דער קאָמפּלעט כלים וועלכען זוסמאַן האָט אין אַ פאַרצווייפעלטער האָפנונג פעסט געהאַלטען האָט געמאַכט דעם פּלאַן מעגליך און אנגענעם.

און אַזוי האָט דער רויטער שמש ווידער אָנגעהויבען ווי אמאָל צו קומען אָפט און זיינע שבת'דיגע קליידער האָבען ווידער אָנגעהויבען צו גלאַנצען ווי אמאָל, און יעדען סוף וואָך האָט ער זוסמאַנ'ען איבערגעגעבען זיין געהאַלט — דעם פולען יוניאַן פּרייז.

אָבער הולדע, כאָטש זי האָט איצט אומלאָגיש אָנגענומען דעם רויטען שמש'ס האַניג אין פאַרשידענע פאָרמען, האָט ווייזט אויס נישט אַזויפיל פּראָגרעסירט ווי ד' אידעע, אָדער אַזוי ווי דאָס נייע

בוך וואָס זי האָט באַוואויגען זוסמאַנ'ען אָנצוהייבען צו פאַרשפּרייטען די אידעע ווייטער.

6

איינמאָל אין אַ פרייטאָג פאַרנאַכט אין דעצעמבער, ווען אַ בלאָטיגער שניי אונטער די פיס און אַ גראָליכער וואָלקען ארום און ארום האָבען צוזאמען געמאכט ספּיטאַלפּילדס פאַר אַ פעסטיגער בלאָטע, האָט דער רויטער שמש, קומענדיג מיט'ן געהאַלט פאַר דער וואָך, געפונען צו זיין שרעק אַ דאָקטאָר וואָס האָט געפלאַטערט איבער הולדע'ס בעט ווי דער שטן פון טויט.

פון דעם בליק וואָס זוסמאַן האָט אים געגעבען האָט ער דערזען אַ פּלוצימדיגע ענדערונג צום ערגערען. די קעלט פונ'ם וועטער האָט אים געשלאָגען אזוי ווי גלייך אין הארץ אריין. ער האָט אָנגענומען דער קראַנקער'ס ווייבע, קאַלטע האַנט.

„ווי גייט עס?" האָט ער פריילין אַ זאָג געטאָן.

„אַביסעל שוואך. אָבער עס וועט מיר אינגיכען בעסער ווערען".

ער האָט זיך אָפּגעקערט. זוסמאַן האָט אים איינגערוימט אז דער דאָקטאָר וואָס איז גערופען געווארען יענעם פרימאָרגען האָט געפונען דעם קריזיס אזוי דראָענדיג אז ער האָט געמוזט נאָכאמאָל קומען אין אָוונט.

דער רויטער שמש, וואס איז זייער בלייך געווארען, האָט אראָפּבאַגלייט דעם דאָקטאָר פון די טרעפּ און האָט אויסגעפונען, אז ווען מען וועט אכטונג געבען קען דער פּאַציענט מעגליך ארויס פון געפאַר.

דער שמש האָט זיך געפילט ווי אויסצורייסען זיך זיין רויטע באָרד. „געוואַלט, איך האָב דאָך נאָך די זאך נישט באַזאָרגט!" האָט ער אַ צושטרייטער געטראַכט.

ער איז געלאָפען דורך דער גרויער, וויסטער נאכט צו דער רעדאַקציע פון „פלעג אָוו דזשודא". נאָר אזוי ווי ער איז אריבער די שוועל האָט ער זיך דערמאָנט אז עס איז פרייטאָג־צו־נאכטס, און אז נישט דער קליינער סעמפּסאָן און נישט אימעצער

אַנדערש וועט דאָרטען זיין. אָבער דער קליינער סעמפּסאָן איז י אַ דאָרט געוועזן, און געשעפטיג געארבעט.

„העלאָ! קומט אריין", האָט ער אַ דערשטוינטער געזאָגט.

דער רויטער שמש האָט זיך שוין אמאָל געהאַט באַקענט ביי אַ גלעזעל מיט דעם קליינעם זשורנאַליסט, מיט אַן אויסזיכט אויף דער גרויסער פאַרהאַנדלונג וואָס ער האָט געפּלאַנעוועט. נישט אומזיסט האָט די שפּריכווערטליכע חכמה פונ'ם געטאָ געהייסען זיך אויסהיטען פון די רויט-האָריגע.

„איך וועל אייך נישט האַלטען קיין פינף מינוט", האָט זיך דער קליינער סעמפּסאָן פאַרענטפערט. „אָבער, איר פאַרשטייט, קריסמעס קומט די קומענדיגע וואָך, און די זעצערס וועלען נישט אַרבעטען. מוז איך אויסטראַכטען די נייעס פאַראויס".

באַלד האָט דער קליינער סעמפּסאָן, פאַררויכערענדיג אַן אומ-הייליגען פּאַפּיראָס אָנשטאָט אַ שבת-ליכט, און אַרויפוואַרפענדיג אויף זיך זיין אָפּגעטראָגענעם מאַנטעל, זיך אוועקגעלאָזט מיט דעם רויטען שמש אין אַ רעסטאָראַן, וואו ער האָט באַשטעלט טריפה עסען פאַר זיך און געטראַנקען פאַר ביידען.

דער רויטער שמש האָט אויסגעשפּירט זיין וועג אַזוי פאָרזיכ-טיג און דורכגעטריבען אַז די פאַרהאַנדלונג האָט זיך אומנויטיג פאַרלענגערט. אָבער נאָך אַ שעה צוויי איז אַלץ געוועזן באַשטימט. פאַר פינף פונט, אויסגעצאָלט אין פינף חודש'ליכע אָפּצאָלונגען, וועט דער קליינער סעמפּסאָן איבערזעצען דעם „אחות העמים" אויף ענגליש, מיט אַ באַדינג אויב דער שמש וועט אים דערקלערען וואָס דאָס לשון קודש מיינט. אויף דעם איז דער שמש, וועלכער האָט מיט ליבשאַפט שטודירט הולדע'ס מאַנוסקריפּט, איצט געווען גרייט. דער קליינער סעמפּסאָן האָט אויך צוגעזאָגט אָפּצודרוקען די אי-בערזעצונג אינ'ם „פלעג אָוו דזשודא", און דער שמש וועט אויף אַזאַ אופן קענען אָפּקויפען די פּלאַטען ביליג אָפּצודרוקען אַ בוך, מיט בלויז אַן עקסטרע קאָסט אָפּצודרוקען אַזעלכע שטעלען, אויב עס וועלען זיין אַזעלכע, וואָס זאָלען זיין צו געפערליך פאַר דעם „פלעג אָוו דזשודא". אָט די אומדערוואַרטע ברייטהאַרציגקייט, צוזאַמען מיט דעם נייעם עולם וואָס דאָס האָט געבראַכט צו דער אידעע, האָט פאַר'כשופ'ט דעם רויטען שמש. ער האָט נישט גע-

זען אז דער זשורנאַליסט האָט דאָ באַקומען פרייע קאַפּיע, ער האָט בלויז געזען הולדע׳ס און זוסמאַנ׳ס גליק, און אין עפּעס אַ מאָדנער באַגייסטערונג, פול מיט שנאַפּס און ליבשאַפט, האָט ער צו־זאַמען מיט זיי געזען די וואונדערליכע פארשפּרייטונג פון דער אי־דעע, ווען זי וועט נאָר אריין אין דער הערשענדיגער שפּראַך פון דער וועלט.

אין זיין דאַנקבאַרקייט צום קליינעם סעמפּסאָן האָט ער אים צוגעשטעלט פרישען בראָנפען. אין זיין אויפרעגונג האָט ער ארויס־גענומען דאָס פּאַפּיר־געבונדענע בוך פון זיין קעשענע, און איז צוגעשטאַנען אַז דער זשורנאַליסט מוז גלייך אויפ׳ן אָרט איבערזעצען דאָס ערשטע זייטעל, אלס האַנט־געלט. ווען דאָס איז פאַרטיג גע־וואָרען איז שוין באַלד געווען עלף אַ זייגער. אומבאַשטימט האָט דער רויטער שמש געפילט אַז עס איז שוין געווען צו שפּעט זיך אומצוקערען צו די זוסמאַנס יענע נאַכט. אַ חוץ דעם, איז אים דער קליינער סעמפּסאָן זייער שטאַרק געפעלען. זיי האָבען זיך נישט געזעגענט פריער ווי דער רעסטאָראַנט האָט זיך פארמאַכט אום האַלבע נאַכט.

גאַנץ שכור, האָט זיך דער רויטער שמש געוואַקעלט צו זוס־מאַנ׳ס הויז. ער האָט דאָס זייטעל פון דער איבערזעצונג געהאַל־טען פעסט אין זיין האַנט. דעם לשון קודש׳דיגען אָריגינאַל האָט ער פאַרגעסען אין רעסטאָראַן אויפ׳ן טיש, נאָר ער האָט געוואוסט עפּעס אַזוי ווי אין אַ ווייסטען חלום אַז זוסמאַן און הולדע מוזען דאָס פּאַפּיר גלייך זען, אז עס איז זיין פליכט אַהינצוברענגען עס אין אָרדנונג, און אַז ער מוז גיכער שטאַרבען איידער נישט פאָלגען.

דער נעפּל האָט זיך אויפגעהויבען, נאָר די בערג שניי זיינען געווען אַ שרעקליכע שטערונג צו זיין פעלערהאַפטען פאָרטשריט. די קאַלטע לופט און די אויפטרייסלונג פון אַ פאַל האָבען פאַר־מינערט זיין פאַר׳שכור׳טקייט, נאָר דער געצוואונגענער פולס פון זיין פאַנטאַסטישער מיסיע האָט אים נאָך אַלץ היפּנאָטיזירט. עס איז געווען נאָך איינס אַ זייגער ווען ער האָט דערגרייכט דאָס הויכע הויז. עס איז אים גאָרנישט פאָרגעקומען מאָדנע וואָס דאָס גרויסע טויער אינדרויסען איז אָפען. און כאָטש ער האָט געזען דעם מילך־וואָגען פאַר דער טיר, און באַמערקט כהן׳ס

פאַרזאָרגטען בליק, איז אים פונדעסטוועגען גאָרנישט איינגעפאַלען אַז ער האָט דאָ געפּאַקט דעם מילך־הענדלער מחלל שבת זיין ביי־נאַכט. ער האָט זיך אַרויפגעוואַקעלט אויף די טרעפּ און האָט אָנגעקלאַפּט אין דער בוידעם־טיר, וואו פון די שפּאַרעס האָט אַרויסגעשטראָמט ליכט. דער געדאַנק וועגען הולדע׳ן האָט אים כמעט אַ שלאָג געטאָן צו ניכטערקייט. זוסמאַנ׳ס פּנים, ווען די טיר האָט זיך געעפענט, האָט אים אינגאַנצען צוריקגעבראַכט צום שכל. עס איז געווען מיט יאָרען עלטער.

„זי איז נישט טויט?״ האָט דער שמש הייזעריג אַרויסגעמורמעלט.

„זי שטאַרבט, האָב איך מורא — זי קען זיך נישט אויפהויבען״. זוסמאַנ׳ס קול האָט זיך איבערגעריסען אין אַ קרעכץ.

„אָבער זי טאָר נישט שטאַרבען — איך האָב אַ גוטע בשורה — דער „פלעג אָוו דזשודאַ״ האָט געלייענט אייער בוך — זיי וועלען עס איבערזעצען אויף ענגליש — זיי וועלען עס אָפּדרוקען אין זייער אייגענעם זשורנאַל — און דערנאָך וועלען זיי מאַכען דערפון אַ בוך פאַר אייך. זעט, אָט איז דער אָנהויב!

„אויף ענגליש!״ האָט זוסמאַן אַרויסגעאָטעמט, נעמענדיג דעם זשורנאַליסט׳ס באַשריבענע בלעטעל. זיין גאַנץ פּנים איז רויט געוואָרען, זיינע אויגען האָבען געפינקעלט אַזוי ווי פון משוגעת. „הולדע! הולדע!״ האָט ער גערופען, „דער געדאַנק אַרבעט! גאָט צו דאַנקען! ענגליש! איבער דער וועלט! הולדע! הולדע!״ ער האָט זיך אָנגעבויגען איבער איר, אויפגעהויבען איר קאָפּ.

זי האָט געעפענט אירע אויגען.

„הולדע! דער געדאַנק געווינט. דאָס בוך וועט אַרויסקומען אין ענגליש. די גרויסע ענגלישע צייטונג וועט עס דרוקען. אין יענעם טאָג וועט גאָט זיין איינער און זיין נאָמען איינער. דו פאַר־שטייסט?״ אירע ליפּען האָבען שוואַך געציטערט, נאָר בלויז אירע אויגען האָבען געענטפערט מיט דעם ליכט פון ליבשאַפט און פרייד. זיין אייגענער בליק האָט באַגעגענט אירען, און אויף אַ רגע זיי־נען מאַן און ווייב געווען איינס אין אַ גייסטיגען עקסטאַז.

דערנאָך איז דאָס ליכט אין הולדע׳ס אויגען אויסגעגאַנגען, און די צוויי מענער זיינען געבליבען אין דער פינסטערניש.

דער רויטער שמש האָט זיך אָפּגעקערט און געלאָזט זוס־מאַנ'ען ביי זיין מת, און, מיט הייסע טרערען וואס זיינען גערונען איבער זיינע באַקען, האָט ער אויפגעהויבען די באוועלגע ראָלעט און אַרויסגעקוקט נישט זעענדיג אין דער נאַכט אריין.

באַלד איז אים זיין בליק קלאָר געוואָרען. ער האָט געזען ווי דער מילך־וואַגען פאָרט אָפּ, און נאָכקוקענדיג אים צו דער שמו־ציגער גאַס פון בריק לעין, האָט זיך אים אויסגעוויזען ווי ער זעט דאָרט אָנגיין א שכור געשלעג. ער האָט געזען א פּאָליציאַנט, וויי־בער וואס האָבען געמאַכט מיט די הענט, דעם אומבאַשרייבליכען נאַכט־עולם פון דער שלאָפלאָזער שטאָט. די אַלטע טעמפּע האָפ־נונגסלאָזיגקייט איז אים באַפאַלען. „די נאַטור מאַכט זיך אליין", האָט ער אין פאַרצווייפעלטער רעזיגנאַציע געמורמעלט.

פּלוצלונג האָט ער דערפילט אַז זוסמאַן שטייט נעבען אים און קוקט אַרויף צו די שטערען.

# דער פריידיגער חבר

„נו, וואס גלאצסטו? פארוואס, צום טייוועל, זאגסטו נישט עפעס?" און די גאנצע אומגעדולד פון דעם באגייסטערטען קינסט־לער, וואס איז אונטערבראכען געווארען דורך עפעס וואס איז נישט לויב, איז געווען אין דעם אויסברוך.

„גאט דו מיינער!" האב איך געשטוינט. „גיב א מענטש א געלעגענהייט אפצוכאפען דעם אטעם. איך פאל אין א פינסטערען פאדער־צימער איבער א וועלאסיפעד, שטוים מיך אן אן א שפאניש ווענטעל, און — באץ! א בליאסק פון אריענטאליש זונליכט פון א ריזיגער לייווענט, דער ציטער און גלאנץ פון א גרופע פרייליכע פיגורען, וואס שמעקען מיט לעבען און שוויים! איר דער אידעאליסט, דער וואס זוכט די שיינע שטימונגען פון דער נאטור און די שיינע פארמען פון דער קונסט!"

„שיינע שטימונגען!" האט ער מיט כעס איבערגערעדט.

„און פארוואס איז דאס נישט קיין שיינע שטימונג? און וואס קען נאך זיין פאר א שענערע פארם ווי דאס — זע! די ליניע, דער פארנעם, די גרופע דא, דאס קלעפען פון די קינדער ארום דער מאסע — אלע ליכטיגע — באלאנסירט דורך אט דער מאסע קילען שאטען. דער מיין שטערט נישט דער פארם, דו קלאץ!"

„א, איז הייסט עס יא דא א מיין! דו ביסט געווארען א מאלער פון אנעקדאטען".

„הענג דיינע עפיטעטען! איך קען נישט רעדען וועגען קיין טעאריעס ווען די ליכטיגע זון שיינט. אויב דו קענסט נישט זען — !"

„איך קען זען, אז דו מאלסט עפעס וואס דו האסט נישט געזען. דו ביסט נישט געווען אין אריענט, וואס?"

„אויב יא, האב איך איצט נישט קיין צייט צו רעדען וועגען דעם. קום וועלען מיר נעמען א גלעזעל אבסינט אין קאפע וויקטאר — זיך

צו דערמאָנען די אַלטע פּאַריזער טעג — זעקסטע עוועניו — ווער־עס־איז פון דער חברה וועט דיר שוין זאָגען. לאָמיך זען, דער טאָג שטייט ביז זעקס אַ זייגער — האלב זיבען. אַ 'וואואר! אַ 'וואואר!"

ווען איך בין אַראָפּגעגאַנגען די משופּע'דיגע, טונקעלע טרעפּ, האָב איך געטראַכט: „דער אייגענער אַלטער דען". ווער וואָלט זיך פאָרגעשטעלט, אַז איך בין אַ פרעמדער אין ניו יאָרק און אַז איך זוך אויף אין זיין היימישען ווינקעל אַ חבר מיט וועלכען איך האָב צו־זאַמען געקעמפט? ווען איך וואָלט נישט געוואוסט דעם אמת, וואָלט איך געמיינט, אַז זיין ריזיגער ערפאָלג האָט אים געגעבען די זעלביגע מיינונג וועגען זיך וואָס אַמעריקע האָט וועגען אים. אָבער ניין, קיין זאַך וועט אים נישט ענדערען. די אייגענע ווילדע איבערגעבענקייט צו זיין לייוועגט נאָכדעם ווי ער האָט זיך נאָר שטיל אויסגעפּלאַנעוועט זיין בילד, די אייגענע פאַר'עקשנ'טע איבערצייגונג אַז ער זעט עפּעס אין דעם איינציגען ריכטיגען וועג. און דאָך האָט אים עפּעס י אָ געענדערט. פאַרוואָס האָט ער פּלוצלונג אָנגעהויבען מאָלען דעם אָריענט? פאַרוואָס דער נייער סאָרט קאָמפּאָזיציע אָנגעשטופּט מיט פיגורען — דערצו אַלטע אידען? איז ער פּלוצלונג פרום געוואָרען, און גייט ער פון איצט אָן באַרימען זיך מיט זיין ראַסע? און ווער איז די פּרייליכע צענטער־פיגור מיט דעם פיינעם, אָפענעם פּנים? איך קען מיך נישט דערמאָנען קיין ענליכע סצענע אין דער אידישער געשיכטע, אָדער עפּעס וואָס זאָל זיין אַזוי פול מיט פרייד. אפשר איז דאָס אַ שטודיע פון היינטיגע ירושלים'ער אידען, צו באַווייזען אַז זייער לעבען איז נישט בלויז די כותל מערבי און ירמיהו. אָדער אפשר איז דאָס בלויז דעקאָראַציע. אַמעריקע איז גראָד איצט גרוים אין דעקאָראַציע. ניין. ער האָט געזאָגט, אַז דאָס בילד האָט אַ מיין. נו, איך וועל מוזען היינט ביינאַכט אַלץ וויסען וועגען דעם. סיי־ווי, עס איז אַ שיינע זאַך".

„דער אייגענער אַלטער דען!" האָב איך געטראַכט נאָך מער אַנטשלאָסען, ווען איך האָב געעפענט די טיר פון דעם קליינעם קאַפע, און אַ געזונטע, שוואַרץ־בערדיגע פיגור מיט דרייסטע אויגען איז צו מיר צוגעקומען מיט אַ דרוק און אַ קלאַפּ און אַ טומעל פון באַגריסונג, און האָט מיך אַוועקגעשלעפּט אין אַ שטיל ווינקעל הינטער די ביליאַרד־טישען.

„איך האָב דיר נאָרוואָס צוגעגרייט דעם אבסינט", האָט ער געלאַכט, ווען מיר האָבען זיך אוועקגעזעצט. „אָבער וואָס איז? דו זעסט אויס אַזוי ווי איבערגעשראָקען".

„די שטאָט דיינע איז אַ גהינום. ווען איך האָב מיך פאַר־קירעוועט אויף זעקסטע עוועניו, איז אָנגעקומען אַן עלעוויימער מיט קלאַפּעריי און קוויטשעריי, און אַ ווירבעל פון אַ ווינט האָט געסקריפּעט אַרום און אַרום און מיך איינגעהילט אין אַ ווירבעל פון רויך און פּאַרע, ביז איך האָב, אַ צוטומעלטער, אַ געשטיקטער אין, דאַכט זיך, דעם בריהענדיגען שטויב פון אַ צוזאַמענשטויס, אויפגעגעבען יעדע האָפע־נונג ווען־עס־איז אויסצוגעפינען וואָס דיין פאַרדאַמט בילד מיינט".

„אהאַ!" ער האָט אַ העפליכען זופ געטאָן. „עס איז דיר גע־בליבען אין קאָפּ, יאָ?" און דאָס ליכט פון זיג, וואָס האָט אויף אַ ווייל געדרויטעלט זיין געזונט פּנים, האָט באַוויזען, ווען עס איז פאַרשוואונדען, ווי בלאַס און איינגעצויגען דאָס פּנים איז געווען דורך דער פיבערדיגער שאַפונג פון זיין לאַנגען טאָג אַרבעט.

„יאָ, אַלטער פריינט", האָב איך פריינטליך געזאָגט, „עס איז מיר געבליבען אין קאָפּ. די פרייד און דאָס ליכט פון דעם בילד, און דאָך דערביי עפּעס מאָדנע אַלטע איינפאַכקייט און רוהיגקייט, וואָס דו האָסט דאָרט אריינגעבראַכט, זענען געווען מיט מיר, איך ווייס נישט ווי אַזוי, דעם גאַנצען טאָג, און האָבען מיך געטרייסט אין מיטען פון דעם רייסענדיגען, גרילצענדיגען לעבען פון דעם איצטיגען סוף פון דעם ניינצענטען יאָרהונדערט נאָך קריסטוס'ן".

אַ טשיקאַוואר שמייכעל האָט אַריבערגעשוועבט איבער דען'ס פּנים. ער האָט אויסגעבויגען זיין שטול אויף צוריק און האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט דעם קאָפּ אָן דער וואַנט.

„עס איז נישטאָ קיין זאַך וואָס נעמט מיך אַזוי אַרויס פון דעם ניינצענטען יאָרהונדערט נאָך קריסטוס'ן", האָט ער פאַר'חלומ'ט גע־זאָגט, „ווי אָט דאָס קליינע פראַנצויזישע קאַפעהויז. עס ברענגט מיך צוריק צו מיינע ערשטע שטודענטען־טעג, וואָס ליגען ערגיץ צווישען די פאַר'כשופ'טע נעפּלען פון דער יוגענט פון דער וועלט. צו דער ענערגישער אַרבעט אין די סטודיאָס, צו די זאָרגלאָזע רייזען אין דעם טשיקאַווען, גראָען האָלאַנד, אָדער דעם פלאַמענדיגען, טייוועל־ווייס־עס'דיגען שפּאַניע. אָ, וואָס פאַר אַ סצענעס עס בלעטערען און מישען

זיך אינ'ם פינסטערן פונ'ם גאַז־ליכט אין אַט דער פינקלענדיגער פליסיג־קייט. דער הייסער שימער פון דער אָרגעל אין דעם סעווילער אַקסען־קאַמף, מיט זיין ווירבעל פון קאָליר און באַוועגונג. די פּאַקעל־פּראָ־צעסיע פון פּילגרימען ארום דער קירך אין לורד, מיט דער איינציגער שוואַרצער נאָנע וואָס האָט אַליין צו גאָט געבעטען אין א שאָטענדיג ווינקעל. דער ליבליכער טאָל פונ'ם טאַובא, וואָס דאָס קלינגלען פון די שאָף־גלעקלאַך מישט זיך אויס מיט דעם לוטעראַנישען הימן וואָס ווערט אַרויסגעבלאָזען צו אַלע פיר ווינטען פונ'ם אַלטען קירך־טורעם. ווײַנען וואָס זענען געווען רויט — זונליכט וואָס איז געווען וואַרעם — מאַנדאָלינען —!" זיין קול איז אָפּגעשטאָרבען ווי אין א פּרעכ־טיגען חלום.

„און דער אָריענט?" האָב איך ביטערע א זאָג געטאָן.

א גוטמוטיגער שמייכעל האָט צוטריבען זיין זיסען חלום.

„אָ, יאָ", האָט ער געזאָגט. „מיין אָריענט איז געווען די טיראָל".

„די טיראָל?" ווי מיינט איר?"

„איך זע, אַז איר וועט מיך נישט אָפּלאָזען ביז איך וועל אייך דערציילען די געשיכטע".

„אָ, עס איז דאָ פאַראַן א געשיכטע, וואָס?"

„קען זיין, אַז נישט דאָס וואָס איר ליטעראַטען וואָלט גערופען א געשיכטע! נישטאָ אין דעם, פאַרשטייט איר מיך, קיין ליבעס־דערקלערונגען".

„אויב אזוי, קען עס וואַרטען. דערציילט מיר וועגען אייער בילד".

„אָבער דאָס איז פאַרמישט מיט דער געשיכטע".

„האָב איך נישט געזאָגט, אַז איר זענט געוואָרען אַן אַנעקדאָטען־סינסטלער?"

„דאָס איז נישט צום לאַכען", האָט ער ערנסט געזאָגט. „איר געדענקט ווען מיר האָבען זיך צושיידט אין מינכען, פאַראַיאָרען פרי־לינג, ווען איר האָט באַדאַרפט ווייטער פאָרען קיין ווין און איך צוריק קיין אַמעריקע. זעט איר, דאַמאָלסט איז מיר פּלוצלונג איינגעפאַלען צו מאַכען א לעצטע רייזע איבער אייראָפּע איינער אַליין, און איך בין אַראָפּגעפאָרען דרום דורך דער טיראָל, מיט א פּעקעל אויף מיינע פּלייצעס. אויפ'ן דריטען טאָג פון מיין וואַנדערונג בין איך געפאַלען און האָב מיר שטאַרק צוקלאַפּט א זייט, און האָב נישט געקענט דער־

גרייבען דאָס שטעטעל אין די בערג איידער די לבנה איז ארויסגע־קומען. און איך זאָג אייך, אז איך בין געווען שטארק צופרידען, ווען איך האָב אריבערגעהינקט די בריק איבער דעם לויפענדיגען טייך און בין אוועקגעפאלען אויף דער קאנאפּע אין האָטעל. צומאָרגענס אינ־דערפרי בין איך געווען שטייף ווי א שאראייזען, נאָר איך בין קוים ארויפגעקראָכען די צודרייטע פיר שטאָק שטיגען צום אָרטיגען דאָקטאָר, און נאָכדעם ווי ער האָט מיך פארזיכערט, אז איך האָב מיך בלויז באדארפט אויסרוען, האָב איך עס באשלאָסען צו טאָן מיט א בוך און מיט א פיפקע און א שטיין ביר אין א שאָטענדיגען בירגאָרטען ביים טייך. איך האָב געהאט געלייענט ארום א שעה ווען פינף אָדער זעקס טיראָלער, אלטע לייט און יונגע, אין זייערע גראָ און גרינע קאָסטיומען און זייערע קליינע היטעלאך, האָבען אריינגעמארשירט און האָבען פארנומען דעם גרויסען טיש נעבען דער טיר פון האָטעל. איך בין באלד איבערראשט געוואָרען פונ'ם קלאנג פון א ציטרע. זיי האָבען אָנגעהויבען צו זינגען לידלאך. די שיינע טאָכטער פונ'ם הויז איז ארויסגעקומען און האָט אָנגעהויבען מיטצוזינגען. איך האָב אוועק־געלייגט מיין בוך.

„די אלטע פרוי וואָס האָט מיר דערלאנגט מיין מאָס ביר, ווען זי האָט דערזען מיין אינטערעס, איז זי צוגעקומען און האָט געפּלוי־דערט וועגען אירע געסט. אָ, ניין, זיי זענען נישט פון דעם דאָרף דאָ, זיי קומען פון פיר שעה פון דאנען. דער דארער איז א שול־לערער, און דער דיקער איז א טענאָר, און איז א זינגער אינ'ם כאָר פונ'ם פאסיאָנסשפּיל. דער שיינער יונגערמאן דארף זיין דער היייליגער יוחנן. פאסיאָנסשפּיל! איך האָב אויפגעשטעלט מיינע אויערען. ווען? וואו? אין זייער אייגענעם דאָרף, דריי טעג פון דאנען. דאָס ווערט בלויז געגעבען איינמאָל אין צען יאָר — שוין הונדערטער און הונדערטער יאָרען. קענען עס פרעמדע זען? צו וואָס זאָלען עס פרעמדע וועלען זען? אָבער קענען זיי עס זען? געוויס. דאָס איז ווירקליך געווען א מזל'דיגע זאך. איך האָב ווירקליך אלע מאָל געוואָלט זען א פאסיאָנסשפּיל, נאָר דער געדאנק וועגען דעם מאָדישען אָבעראמערגאו האָט מיך קראנק געמאכט. צי וואָלט איך געוואָלט, אז זי זאָל מיך פארשטעלען? איך מיין אזוי! עס זענען נישט אריבער קיין צען מינוט נאָך אָט דער פאָרשטעלונג ווי

איך האָב באַשלאָסען צו בלייבען מיט דעם הייליגען יוחנן, און וואָל־קענס פון גוטען אַמעריקאַנישען טאַבאַק האָבען זיך געקרייזעלט פון זעקס טיראָלער פּיפּקעס, און די קעלנערין איז כסדר געווען פאַרנומען פון אַ סך „אויף אייער געזונט!" זיי האָבען מיר צוליב אויסגעזונגען זייער גאַנצען רעפּערטואַר פון אויסטערלישע אָרטיגע לידלאַך. עס האָט געקלונגען גרויס, זאָג איך אייך, מיט דעם זונליכט דאָרט, און די גרינע בלעטער, און דאָס לויפען פונ'ם טייך. און אין אָט דעם ריח פון ביר און ברודערשאַפט האָב איך געבענטשט מיין צוקלאַפּטע זייט. אין דריי טעג אַרום! פּונקט צייט אַז עס זאָל זיך אויסהיילען. אַ וועלט וואָס פאַרזאָרגט דיך, נאָכאַלעם.

„און באמת האָב איך מיך מיט לוסטיגע טריט און אַ פרייליך האַרץ אַרויסגעלאָזט אויף די בערג ביים זונאויפגאַנג אין יענעם געדענק־ווירדיגען פרימאָרגען. דאָס שפּיל האָט זיך געזאָלט אָנהויבען צען אַ זייגער, און איך וועל פּונקט אָנקומען אין צייט. וואָס פאַר אַ שפּאַציר! שטעלט אייך פאָר! די קלאָרע קילקייט פון פרימאָרגען, פריש גרינס, פינקלענדיגער טוי, דער וועג וואָס דרייט זיך אַרויף און אַראָפּ, קיילעכדיגע בערג, אויף פעלזען, איבער טאָלען, דורך וועלדער, וואו די גרינע צווייגען האָבען זיך געוויגט אינ'ם מאָרגענווינט און האָבען פאַנטאַסטיש געפלעקט דאָס גראָז מיט טאַנצענדיג זונליכט. און אַזוי פריש ווי דער מאָרגען איז געווען, האָב איך געפילט די קינסטלערישע איבערראַשונג וואָס האָט אויף מיר געוואַרט. איך האָב מיך פאַרקירעוועט איבער דעם לעצטען באַרג־אַקסעל. האָב געזען ווי די מאָדנע שפּיצען פון די ערשטע הייזער האָבען אַרויסגעקוקט דורך די בוימער, און דער שפּיץ פון דער קירך וואָס האָט זיך געהויבען הינטער זיי, דערנאָך גרופּען טיראָלער וואָס זענען זיך צונויפגעקומען פון אַלע וועגען. האָבען זיך אַראָפּגעטונקען אין טאָל, פאַרביי דעם שטילען טייך, אַרויף איבער די בערג ווייטער. האָב מיך געפונען פאַרכאַפּט אין אַ שטראָם פון פּויערים, און בין פּלוצלונג אריינגעזויגען געוואָרען פון דעם שטראַלענדיגען טאָג אין דער טיפער פינסטערניש אַריין פון דעם שטאַל־אַרטיגען טעאַטער.

„איך ווייס נישט ווי אַזוי דאָס ווערט געמאַכט אין אָבעראַמערגאַו, אָבער אָט די טיראָלער זאַך איז געווען אַ מאָדנע געמיש פון קונסט און נאַאיווקייט, פון טאַלענט און דומהייט. עס איז געווען אַ פול־

שטענדיגע בינע און אַ ראַמפּע, און די דעקאָראַציעס, האָט אימיצער געזאָגט, זיינען געמאָלט געוואָרען פון אַ מענטש אין מינכען. אָבער די שפּילערס זיינען געווען שלעכט גרימירט. די קאָסטיומען, ווען אפילו ריכטיג, האָבען זיך שלעכט געפּאַסט. די בינע איז געווען שלעכט באַלויכטען, און דער הינטערגרונט האָט נישט געשיינט. טייל פון די שוישפּילער האָבען געהאַט פונקען פון קינסטלעריש געפיל. סעינט מארק איז געווען שיין אויף אים צו קוקען, קאיאַף האָט געהאַט אַ געפיל פאַר שיינרעדנעריי, די יונגפרוי איז געווען צאַרט און ליבליך, און יודאַס איז מעכטיג אויפגעשטיגען זיין גרויסען מאָנאָלאָג וואָס האָט געדויערט צוואַנציג מינוט. נאָר די מערסטע פון די שפּילערס, כאָטש אַלע זענען געווען ערנסט און אייפריג, זענען געווען אומגעלומפּערט אָדער זעלבסט־באַוואוסט. די מאַסען זיינען געווען שטייף און אומגעלומפּערט, פּיינליך סימעטריש, אַזוי ווי שול־קינדער ביי דער איבונג. אַ כאָר פון צען אָדער צוועלף האָבען אריינגעפירט יעדען עפּיזאָד מיט געזאַנג, און אַ מאַן האָט עס ווייטער דערקלערט אין אַ קלאָרער דערציילונג. די אַקטען פונ'ם שפּיל אַליין זענען אונטער־בראָכען געוואָרען דורך לעבעדיגע בילדער פון סצענעס פונ'ם אַלטען טעסטאַמענט, פון אָדם הראשון און חוה'ן אָן. אַ סך, פאַרשטייט איר, איז געווען אינגלעריש, אפילו לעכערליך. און פון צייט צו צייט פלעגט אימיצער עפענען די טיר פון דעם טונקעלען טעאַטער, און אַ פּאַס זון פלעגט אריינפליען פון דער דרויסענדיגער וועלט מיך ווייטער צו דערמאָנען ווי פאַלש עס איז געווען אַט דאָס גאַנצע פינסטערע פאַרשטעלעניש. נאָך מער, אין צייט פון אַנטראַקט בין איך אַרוים־געגאַנגען, ווי יעדער איינער, און האָב געגעסען וואורשטלאַך מיט ביר.

„און דאָך, הינטער אַט דער גאַנצער קריטישער באַוואוסטזיניג־קייט, אפילו הינטער דער קינסטלערישער באַוואוסטזיניגקייט, וואָס האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטען פון פאַרצייכענען אַ פּנים אָדער אַ סצענע אין מיין סקיצען־בוך, איז געשען עפּעס אינטערעסאַנטס אין דער טיפעניש פון מיין וועזען. די שפּיל האָט אויף מיר פון סאַמע אָנהויב אָן געהאַט אַ מאָדנעם מאַגנעטישען איינדרוק. נישט קוקענדיג אויף אַלע פרימיטיווע גאַנגען פון די שפּילער, האָט די איינפאַכע, געטליכע טראַגעדיע וואָס האָט זיך אַרויסגעוויקעלט פון זייער אומ־געהובעלטען נאָר ערנסטען שפּילען, אָנגעהויבען צו רירען און אפילו

באדריקעז מיין נשמה. קריסטוס איז פאר מיר געווען בלויז א טעמע פאר קינסטלער. מיינע שטודיען און רייזען האבען מיך באקאנט גע־מאכט מיט יעדער מעגליכער אויפפאסונג פון דעם ליידענסמענטש. איך האב געזען טויזענטער מאדאנעס וואס האבען אים געוויגען, מיילען מאנדאלענעס וואס האבען אים באוויינט. דאך האב איך די ליידען קיינמאל נישט געפילט. אפשר איז עס געווען מיין אידישע דער־ציאונג, אפשר איז עס געווען דאס וואס קיינער פון די קריסטען מיט וועלכע איך האב געלעבט האט קיינמאל נישט געגלויבט אין אים. יעדענפאלס האב איך דא צום ערשטען מאל באגריפען די קריסטוס־געשיכטע אלס א ווירקליכען, לעבעדיגען פאקט — עפעס וואס איז ווירקליך געשען. איך האב געזען אט דעם פשוט'ן מענטשען־זון — וואס איז געמאכט געווארען פשוט'ער דורך דעם וואס איך האב גע־וואוסט אז זיין פארשטייער איז בלויז א בעקער — זיך באוועגען אין דעם אוראלטען פויערים־ און פישער־לעבען פון גליל. איך האב אים געזען צוציען מענער און פרויען, הייליגע און זינדיגע, מיט דעם כשוף פון זיין ליבשאפט, דער איינפאכער ליבליכקייט פון זיין אינערליכען זונליכט. איך האב געזען ווי דאס זונליכט האט זיך געענדערט אויף א בליץ, ווען ער האט ארויסגעטריבען די געלטבייטערס פון'ם טעמפעל. איך האב געזען די וואלקענס זיך פארפינסטערען ווען די טראגעדיע האט זיך דערנענטערט. איך האב אים געזען זיך געזעגענען מיט זיין מוטער. איך האב געהערט געשטיקטע זיפצען ארום מיר. דערנאך האט זיך דער הימעל פארפינסטערט, און עס האט אויסגעזען ווי די ערד וואלט איינגעהאלטען איר אטעם ווארטענדיג אויף דעם הויכען מאמענט. זיי האבען אים פארגעשלעפט פאר פילאט'ן. זיי האבען אים אנגעטאן אין א רויט קלייד, און האבען געפלאכטען זיין קראנץ פון דערנער, און געשפיגען אויף אים. זיי האבען אים געגעבען צו טרינקען עסיג געמישט מיט גאל. און ער דורך אלעם אזוי געטליך ליב און פארנעביג. א שרעקליכע דערדריקונג האט געהאנגען איבער דער וועלט. איך האב געפילט איך וועל דערשטיקט. מיינע ריפען האבען זיך אריינגעדריקט, מיין הארץ האט זיך אזוי ווי צו־זאמענגעדריקט. ער איז געשטארבען פאר די זינד פון דער וועלט, ער האט געמאכט א סך־הכל פון דער גאנצער וועלט'ס פיין און אומ־גליק — די צוויי באגריפען האבען געציטערט און זיך צוזאמענגע־

שמאָלצען אין מיין צערודערטער נשמה. און איך אַ איד, האָב אים ביז איצט איגנאָרירט. וואָס וואָלטען זיי געזאָגט אָט די פשוט'ע פויערים וואָס האָבען געקלאָגט אַרום מיר, ווען זיי וואָלטען געוואוסט, אַז איך בין פון דעם פאַרהאַסטען פאָלק? דאַמאָלסט האָט זיך עפּעס אין מיר איבערגעבראָכען, און איך האָב אויך געקלאָגט — געקלאָגט מיט ביטערע טרערען, וואָס זענען גיך געוואָרען זיס, אין אַ מאָדנער דערלייכטערונג און פריידיגען מיטגעפיל מיט מיינע רויע ברידער און שוועסטער". ער האָט געשוויגען אַ ווייל, און שווייגענדיג געזופּט זיין אבסינט. איך האָב נישט איבערגעריסען דאָס שווייגען. איך בין געווען גערירט און פאַראינטערעסירט, כאָטש וואָס דאָס אַלץ האָט געהאט צו טאָן מיט זיין פייערדיג, פריידיג בילד, האָב איך בלויז טונקעל געאָנט. ער האָט ווייטער גערעדט —

„ווען עס איז געווען נאָך אַלעמען, בין איך אַרויס אויף דער פרייער לופט, איך האָב נישט געזען דאָס ליכט פון דער זון. איך האָב געטראָגען די פינסטערניש פונ'ם טעאַטער מיט זיך, און דער חושך פון דער גאָלגאָטע האָט פינסטער געהאַנגען איבער דעם זוניגען נאָכמיטאָג. איך האָב געהערט ווי מען האָט אַריינגעקלאַפּט די טשוועקעס. איך האָב געזען ווי דאָס בלוט האָט אַרויסגעשפּריצט פון די וואונדען — איך זאָג אייך, עס איז געווען ווירקליכקייט אין דער זאַך. די פויערים וואָס זיינען געווען צוגעוואוינט צו דער פיינליכער געשיכטע, זענען גיך צוריקגעקומען צו זייער פרייליכקייט און האָבען לעבעדיג אַראָפּגע־שטראָמט פונ'ם באַרג, ווי אַ צופרידענער שטורעמדיגער באַרגשטראָם, וואָס איז לויז געוואָרען פון דער טויטער האַנט פון פראָסט. נאָר איך ביז נאָך אַלץ געווען געבונדען אין אייז און פאַרהילט אין נעפּעל. אינ־דרויסען פאַר'ן גאַסטהויז וואו איך בין געגאַנגען עסען, האָבען זיך פאַרזאַמעלט פרייליכע גרופּען, אַ קאַטרינקע האָט געשפּילט, עטליכע שפּאַצירענדיגע איטאַליענישע מיידלאַך האָבען חנ'עווודיג געטאַנצט, און מיין קינסטלערישער איך האָט געפילט אַ וואַרימקייט און אַ האַס־טיגקייט. נאָר דער אינערליכסטער איך איז געווען ביז אין האַלז טיף אין פינסטערניש, מיט וועלכער דער שרעקליך געקלאַפּטער ביפשטיק וואָס זיי האָבען מיר דערלאַנגט, שווינדלעריש באַלייגט מיט צוויי אָפענע געפּרעגעלטע אייער, איז בלויז געווען אין איינקלאַנג. דער הייליגער יוחנן איז אַריינגעקומען, און קריסטוס און דער שולי־לערער —

וועלכער האָט געפירט דעם כאָר — און דער דיקער טענאָר און עטליכע סטאַטיסטען, און איך האָב יעדען איינציגען פון זיי גראַטולירט מיט אַ פינסטער געפיל פון אומערליכקייט. ווען דער אָווענט איז צוגע־פאַלען און איך בין אַהיימגעגאַנגען מיט דעם הייליגען יוחנן, בין איך געווען טרויעריג צופרידען צו געפינען דעם טאָל איינגעוויקעלט אין נעפעל, און אַ הימעל אָן שטערען האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער אַ פוסטער ערד. ביז צו מיין וואוינונג האָט עס אויסגעזען אַ שלעפּעניש באַרג אַרויף, און כאָטש מיין שלאָפצימער איז געווען אומדערוואַרט פיין, און אַ ליבע אַלטע פרוי — דעם הייליגען יוחנן׳ס מוטער — האָט מיך אַזוי צו זאָגען איינגעטוליעט, בין איך שלעכט געשלאָפען יענע נאַכט. געשטאַלטלאָזע חלומות האָבען מיך געפייניגט מיט אומ־פילבאַרע טראַגעדיעס און שוידערליכקייטען. אינדערפרי — נאָך אַ קאַלטער איינרייבונג — האָט זיך די דריקונג אַ ביסעל אויפגעהויבען פון מיין גייסט, כאָטש דאָס וועטער האָט נאָך אַלץ אויסגעזען מער גראָ. דער הייליגער יוחנן איז שוין אַוועק צו זיין אַרבעט אין פעלד, האָט מיר זיין מוטער געזאָגט. זי איז געווען אַזוי ליבליך, און דאָס צימער אין וועלכען איך האָב געגעסען פרישטיק אַזוי ציכטיג און ערנסט מיט זיינע ווייס געקאַלכטע ווענט — ריין און אָן אַ פלעק ווי שניי אויפ׳ן לאַנד — אַז איך האָב אַלצדינג איינגעשלונגען אַ חוץ דער קאַווע. אָ, די קאַווע! איך האָב געמוזט נאָגען אַ שטיקעלע משאָקאָלאַדע, וואָס איך האָב געטראָגען מיט זיך, אַרויסצוקריגען דעם טעם פון מויל. איך האָב שווער געפּרואווט נישט אַריינצופאַלען ווידער אין אַ מרה־שחורה. איך האָב אָנגעפילט מיין פּיפּקע און אַרויסגענומען מיין סקיצען־בוך. מיינע נאָטיצען פון נעכטען האָבען אויסגעזען אַזוי שוואַך, דער מאָרגען האָט אויסגעזען פּאַרטונקעלט זיך אַזוי, אַז איך האָב זיי קוים געקענט זען. עס איז מיר איינגעפאַלען, אַז איך וועל אַרויסגיין און וועל זיך אַוועקזעצען אויף דער קליינער באַנק אינ־דרויסען. אַרויסגייענדיג דורך דער טיר, מיט דעם קאָפּ פאַר׳חלומ׳ט איינגעבויגען איבער דעם סקיצען־בוך, האָב איך פון אַ ווינקעל אויג דערזען אַ קליין ווייס הענגערעל פאַר שוועבעלאַך, וואָס איז געווען צוגענאָגעלט צו דער וואַנט. מעכאַניש האָב איך אויסגעשטרעקט מיין לינקע האַנט צו נעמען אַ ליכט פאַר מיין פּיפּקע. אַ מאָדנע קאַלטע פייכקייט אין מיינע פינגער און אַ קליינער פליוך האָבען מיך

אויפגעוועקט צום געפיל פון עפעס א מאָדנעם טעות, און אין א רגע האָב איך מיט שרעק באַגריפען, אז איך האָב איינגעטונקען מיינע פינגער אין הייליג וואסער און האָב עס פארפליוכעט אויף אָט דער ציכטיגער, ערנסטער, פלעקלאָזער, ווייסגעקאַלכטער וואנט".

איך האָב געמוזט שמייכלען. „אַ, איך וויים. איינע פון יענע פאַרצעלייענע זאכען מיט א געקרייציגטען אויסלייזער איבער א קליין קוועלכעל. שטעלט אייך גאָר פאַר אַנצונעמען דעם הימעל פאַר שוועבעל!"

„אין יענער צייט איז עם מיר שוין גאָרנישט געווען קיין שפאָס. איך האָב פשוט געפילט זיך שרעקליך. וואָס וועט די ליבע אַלטע פרוי זאָגען צו אזא גאָטספארשוועכונג? צו וועלכע גוטע יאָר זאָלען מענטשען האָבען ווייס-געקאַלכטע ווענט אויף וועלכע אומהייליגע פלעקען זאָלן זיך טריב אָנזעון? איך האָב מיך אומגעקוקט ארויף און אראָפ איבער'ן פאָדערהויז אזוי ווי משה ווען ער האָט דער־הרג'עט יענעם מצרי, ציטערענדיג אז די אַלטע פרוי זאָל נישט אריינ־קומען. ווי אזוי האָב איך זי געקענט מאכען פארשטיין, אז איך האָב אזוי ווייניג געוואוסט פון קריסטליכע מנהגים, אז איך זאָל האַלטען א קוועלכעל פאַר א שאַכטעל שוועבעלאך? און ווען איך זאָל זאָגען, אז איך בין א איד, גאָט אין הימעל! קען זי דענקען, אז איך האָב עס געטאָן מיט א בייזען מיין. וואָס פאַר א וואונד דאָס איז פאַר דער צערטליכער אַלטיטשקער, וועלכע איז געווען אזוי ליב צו מיר! איך האָב נישט געקענט שטיין און צוזען אָט דעם באַשולדיגענדיגען פלעק, איך מוז אויסשפאַצירען מיין אומרוהיגקייט. איך האָב אָן עפען געטאָן די דרויסענטיר און בין געבליבען שטיין שטיל, פארגליווערט. שוידערליכע מיאוס'ע גראָע וואָלקענס זענען געווען צונויפגעדריקט ביי דער סאמע שוועל. חושכ'דיגע פאַרמלאָזע נעפלען האָבען איינגאַנצען פארשטעלט די בערג. אומעטום אומ־קלאָרע, שוועבענדיגע מאסען פון פעסטיגען נעפעל. איך האָב זיי געוואָלט דורכדרינגען, געפינען די לאַנדשאַפט, דאָס פרייליכע דאָרף, דאָס וואַרעמע מענטשליכע לעבען וואָס האָט זיך געגעסטעלט אונטער גאָט'ס הימעל, נאָר איך האָב בלויז געזען — ווייט אונטען — אזוי ווי דורך א טונעל דורכגעשניטען צווישען נעפעל און בארג, א טויטע איבערגעקערטע וועלט פון הייזער און ביימער אין א קאַלטען, גראָען

טייך. איך האָב אויפגעשווידערט. אַן אומדערקלערבארער פּאַרגעפיל האָט מיך אָנגעכאַפּט, עפּעס אַזוינס ווי די אומקלאָרע אומבאַקוועמ־ליכקייט פון מיינע חלומות. דאַן, כמעט אין דער רגע, האָט זיך עס קריסטאַליזירט אין אַן איינפאַל וואָס האָט מיר אויפגעקאָכט דאָס בלוט: וואָס, אויב דאָס איז די געטליכע רייניגונג? וואָס, אויב די גאַנצע אויסערליכע און אינערליכע פינסטערקייט וואָס האָט מיך כסדר איינגעהילט צייט איך האָב צוגעזען די טראַגעדיע, איז אַ שטראָף פאַר מיין אומגלויבען? וואָס, אויב דאָס וואַסער איז אמת־דיג הייליג, און מיין פאַרשוועכונג האָט געבראַכט עפּעס אַ שווידער־ליכע באַלוינונגס־גערעכטיגקייט?"

„דאָס האָט איר געגלויבט?"

„פאַרשטייט זיך, נישט אויף אַן אמת. אָבער איר, אַלס אַ קינ־סטלער, מוזט פאַרשטיין, ווי אַזוי אַ מענטש צערטעלט אַ געדאַנק, שפּילט זיך מיט אַ שטימונג, אַרבעט זיך אַריין מיט דער פאַנטאַזיע אין אַ דראַמאַטישער סיטואַציע. איך האָב עס געלאָזט וואַקסען אויף מיר ביז, אַזוי ווי אַ מענטש אַליין אין דער פינסטער, מורא האָבענדיג פאַר שדים אין וועלכע ער גלויבט נישט, איך בין געוואָרען שרעקליך נערוועאיש".

„איך מיין, אַז איר האָט אייך נאָך נישט געהאַט אינגאַנצען אויסגעהיילט פון אייער פאַל, און אייערע נערוועןן זיינען געווען צו־רודערט פון דעם בלוט און די טשוועקעס, און יענעם ביפשטיק האָט איר נישט פאַרדייעט, און איר האָט געהאַט אַ שלעכטע נאַכט, און איר זענט געווען מרה־שחורה'דיג אומרוהיג פון פאַרשאַפען צער דער אַלטער פרוי, און די אַלע שטיקער נעפּעל זיינען אַריינגעקראָכען אין אייער נשמה. איר זענט אַ קינד פון דער זון!"

„פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב דאָס אַלץ געוואוסט, אונטען אין די קעלערס פון מיין וועזען, אָבער אויבען, האָב איך אַלצאיינס געהאַט אָט דאָס געפיל פון שולד און חרטה, אָט דעם ענגסטליכען צווייפעל, אַז אָט די גאַנצע גרויסע, פינסטערע, מיטעלאַלטערליכע געשיכטע פון הייליגע און נאָנעס, און ביינער, און רעליקוויעס, און נסים, און איקאָנעס, און קרייציגונגען, און צעלען, און בחור'שאַפט, און האָרענע העמדער, און בלוט, און שמוץ, און טרערען, איז אפשר נאָך אַלעמען אמת! וואָס אויב די וועלט פון שיינקייט אין וועלכער איך בין

געוועזן צופרידען צו לעבען איז בלויז דעם טייוועל'ס אַ שפּיל און די אמת'ע זאַך איז אַט די טויטע, איבערגעקערטע וועלט דאָרט אונטען אין דעם קאַלטען גראָען טייך אונטער די שטינקענדיגע נעפּלען? איך האָב מיך צוריק אַריינגע'גנב'עט אין הויז צו זען, צי דער פּלעק האָט זיך נאָך נישט אויסגעטריקענט. אָבער ניין! ער האָט גע־לויכטען מיט אַ פּלאַפּעלדיגער שווידערליכקייט, אַ מין געשריפט אויף דער וואַנט, וואָס האָט דערקלערט דעם צאָרן און דעם צייכען פון הימעל. איך בין ווידער אַרויסגעגאַנגען און האָב אַ דערשלאָגענער געזונדעני? אויף דער קליינער באַנק. ביסלאַכוויין האָב איך מיך אָנגעהויבען צו פּילען ווארעמער, די נעפּלען האָבען אָנגעהויבען צו פאַרשווינדען. איך בין אויפגעשטאַנען און האָב מיך אויסגעצויגען מיט אַ ווייטאָג פון נחת'דיגער פוילקייט. אַ דערמוטיגטער, האָב איך מיך ווידער אַריינגע'גנב'עט אַ קוק צו טאָן אויפ'ן פּלעק. ער איז געווען טרוקען — אַ יונגפרויליכע וואַנט, אומשולדיג ווייס, האָט באַגעגענט מיין דערפרייטען בליק. איך האָב געעפענט דאָס פענסטער. די קריכענדיגע נעפּלען האָבען זיך נאָך אַלץ אויפגעהויבען, אויפ־געהויבען, די וויסטקייט האָט זיך פאַרוואַנדעלט אין אַ מילדער ווארימקייט. איך האָב ווידער אָנגעפילט מיין פּיפּקע, און בין אַראָפּ פון דעם בארג וואָס איז נאָך גראָ געווען. איך האָב געשפּרייזט פאַרביי דער אַלטער זעגמיל, בין געגאַנגען אַרום דעם זומפּיגען ברעג פונ'ם טייך, בין אַרויסגעקומען אויפ'ן טרוקענעם גראָז, פּלוצלונג בענג! זים! בר־ר־ר! אַ הימלישער דונער פון זונליכט האָט זיך דורכ־געבראָכען דורך די רויע נעפּלען, און האָט זיי ווי אַ באַמבע צויאָגט צום ברעג פונ'ם האָריזאָנט. דערנאָך איז די זון מיט קעניגליכער רוהיגקייט אַרויסגעקומען פול, און האָט פאַרגאָסען באַרג און טאָל מיט ליכטיגער פרייד. דער טייך האָט געפינקעלט און געלויכטען מיט שטראַלענדיג לעבען, און האָט אָפּגעשפּיגעלט אַ גרוים ווייס וואָלקען־אינזעל אויף אַ שטרעק הערליכער בלויקייט, און יענע גאַנצע גאָלדענע ווארימקייט האָט זיך אַריינגע'גנב'עט אין מיינע אָדערען אַזוי ווי ווייַן. אַ ציגעלע איז אָנגעקומען שפּרינגענדיג מיט אַ קלינג־לענדיג גלעקעל, אַ פערד האָט ביים קייען גראָז זיך צובריקעט אין עקסטאַז, אַן אָקס האָט געבעקעט, אַ הונט האָט געבילט. טרערען פון דערהויבענעם געפיל זענען מיר געקומען אין די אויגען אַריין.

דאָס שיינע ווייכע ווארעמע ליכט, וואָס איז געלעגען איבער דעם גאַנצען גליקליכען טאָל, האָט זיך אַזוי ווי אַריינגעכאַפּט אין זיי און עפּעס צושמאָלצען. ווי אַנדערש פון די נעכטיגע טרערען, וואָס זענען אַרויסגעדריקט געוואָרען פון מיר, ווי דורך עפּעס אַ שלאַנג, וואָס האָט זיך אַרומגעוויקעלט מיינע ריפּען! איצט האָבען זיך מיינע ריפּען אַזוי ווי אויסגעשפּרייט — געהאַלטען מיין האַרץ — און די גאַנצע געטליכע פרייד פון לעבען האָט מיך אויפגעציטערט צו אַ רעליגיעזען עקסטאַז. און אַזוי ווי די נעפּלען האָבען זיך אויפגעהויבען, האָט זיך דער גאַנצער שווידערליכער מיטעלאַלטערליכער קאָשמאַר אויפגעהויבען פון מיין נשמה. אין יענער הייליגער רגע איז די גאַנצע פינסטערע טראַגעדיע פונ׳ם געקרייציגטען יעזוס פאַרשוואונדען, און בלויז יעזוס איז געבליבען, די פּשוט׳ע חבר׳שאַפט מיט מענטש און חיה און נאַטור, די ליבשאַפט פון לעבען, די ליבשאַפט פון ליבשאַפט, די ליבשאַפט פון גאָט. און אין אָט דעם בענקענדיגען עקסטאַז איז מיר איינגעפאַלען מיין בילד — דער פריידיגער חבר. קריסטוס — נישט דער געפּייניגטער גאָט, נאָר דער פריידיגער חבר, דער פריינט פון אַלע פּשוט׳ע נשמות. דער פריידיגער חבר, וואָס אַלע קינדער קלעפּען צו אים, און די פויערים און די פישערס הערען זיך איין צו זיינע רייד. נישט דער טעאָלאָג וואָס שפּינט פּרוכטלאָזע פיינקייטען, נאָר דער מענטש פון גייסט, וואָס פּראָטעסטירט געגען אַלע פאָרמען און דאָגמעס וואָס ווילען פאַרנעמען דאָס אָרט פון דירעקטער זעהונג און דעם לעבעדיגען עקסטאַז. נישט דער ליידענס־מענטש, וואָס האָט ליב די וויסטקייט פון אונטערערדישע צעלען און געשמיסענע רוקענס און געשלעכטלאָזע סקעלעטען, נאָר דער ליב־האָבער פון ווארעם לעבען, און ווארעם זונליכט, און פון אַלעם וואָס איז פריש און פּראָסט און ריין און שיין".

„יעדער מענטש מאַכט זיך זיין גאָט אין זיין אייגענער געשטאַלט", האָב איך געטראַכט, צו גערירט צו באַליידיגען אים דורך זאָגען עם הויך.

„און אַזוי — פון דאַמאָלסט אָן — פון צייט צו צייט — האָב איך געאַרבעט אויף דעם מענטשליכען בילד פון אים — דער פריידיגער חבר — צוריק צו ברענגען דער וועלט דעם אמת׳ן קריסטוס".

„און איר האָפט די וועלט צו באַקערען?"

„איך פאַרנעם זיך מיט אַרבעט, נישט מיט רעזולטאַטען. ,וואָס נאָר דיין האַנט וועט געפינען צו טאָן, טו מיט דיין גאַנצער מאַכט׳. וואָס קען אָן איינציגע האַנט, אפילו די מעכטיגסטע, טאָן אין אָט דער גרויסער קאָכענדיגער וועלט? דאָך, אָן דער האָפענונג און אָן דעם חלום, ווער וואָלט איינגאַנצען געאַרבעט? און אַזוי, נישט אָן האָפענונג, אָבער נישט דערוואַרטענדיג קיין נסים, גיב איך די אידען אַ קריסטוס, וואָס זיי קענען איצט אָננעמען, די קריסטען אַ קריסטוס, וואָס זיי האָבען פאַרגעסען. איך בוי אויף צוריק פאַר מיין באַליבט אַמעריקע אַ טיפ פון פשוט׳ער מאַנהייט, וואָס ווערט נישט צופרעסען פון פיבערדיגער גלוסטונג נאָך רייכקייט און מאַכט, אַ פשוט׳ען ליבהאָבער פון דער שטילער רגע, אַ ליבע מענטשליכע נשמה, וואָס גייט קיינמאָל נישט אַרויס פון זיך, איז אַלע מאָל איינס מיט דעם וועזען פון זיין. ווער ווייסט, צי איך קען נישט אַמאָל אַרויסברענגען די גרויסע פראַגע: וואָס קען אַ פאָלק האָבען דערפון צו געווינען די גאַנצע וועלט און פאַרלירען זיין אייגענע נשמה?"

זיין שטים איז פייערליך אָפּגעשטאָרבען, און איך האָב בלויז געהערט דאָס קליקען פון די ביליאַרד־קוילען און דעם רויש און גערודער פון נויאָרק.

# חד גדיא

און ווען דיין זון וועט דיך אין די קומענדיגע צייטען פרעגען אזוי צו זאָגען, וואָס איז דאָס? זאָלסטו אים זאָגען, מיט דער מאַכט פון זיין האַנט האָט אונז גאָט אַרויסגעצויגען פון מצרים, פון דעם הויז פון קנעכטשאַפט: און דער האַר האָט דערשלאָגען אַלע בכורים אין לאַנד מצרים... אָבער אַלע בכורים פון מיינע קינדער וועל איך אויסלייזען. — שמות י״ג — י״ד, ט״ו.

חד גדיא! חד גדיא! איין איינציג ציגעלע!

ענדליך האָט זיך שוין דער סדר דערנענטערט צום סוף. זיין פאָטער האָט שוין אָנגעהויבען דאָס מאָדנע כאַלדייאישע ליד וואָס האָט דעם סדר פאַרענדיגט.

חד גדיא, חד גדיא, דזבין אבא בתרי זוזי, חד גדיא, חד גדיא!

דער יונגערמאַן האָט שטיל געשמייכעלט איבער דער אויסטער־לישקייט, וואָס אַן אַלטער איידעלמאַן אין אַ פּראַק, אַ דירעקטאָר פון אַ שיף־געזעלשאַפט אין היינטיגען וועגענדיג, רעדט כאַלדייאיש, עס פאַלט אים גאָרנישט איין, אַז דאָס קלעפּט זיך נישט, און זינגט אויס די קלאַנגפולע זילבען מיט באַטייט, אונטערגעלענט מיט די געהעריגע קישענס.

ואתא שונרא, ואכלה לגדיא, דזבין אבא בתרי זוזי, חד גדיא, חד גדיא!

עפּעס האָט אים אומקלאָר געוואונדערט, וואָס זיין פאָטער וועט אים זאָגען ווען דער סדר וועט זיין אַריבער. ער איז ערשט אַריינ־געקומען ביים צווייטען טייל, אָנקומענדיג פון ווין מיט זיין געוויינ־ליכער נישט אָנגעפרעגטער אומדערוואַרטקייט, און איז געווען זער איבעראַשט צו געפינען, אַז עס איז גראָד געווען די סדר־נאַכט, און אַז דער אייביגער סדר איז אָנגעגאַנגען פּונקט ווי ווען ער איז געווען אַ אינגעל. די זעלטענקייט פון זיינע וויזיטען צו די עלטערן האָט

עס געמאכט פאר א מאָדנעם צוזאמענפאל, אז ער זאָל גראָד האָבען אריינגעפאלען אין דער צייט, און ווען ער האָט זיך שווייגענדיג אוועקגעזעצט אין פאמיליענקרייז נישט אונטערברעכענדיג דאָס גע־בעט מיט באגריסונגען, האָט ער געהאט א לעבעדיגע קינסטלערישע עמפפינדונג פון די מעגליכקייטען פון עקזיסטענץ — דערמיט וואָס דער פראנצויזישער ראָמאן וואָס ער האָט געלייענט אין דער באַן האָט אים געגעבן צו פילען, אז צושטעלענדיג רויען מאטעריאל פאר עספרי, האָט דאָס מענטשליכע לעבען געהאט זיין פריידיגע בארעכ־טיגונג. דער רויט־גאָלדענער זונאונטערגאנג איבער די בערג, דאָס פליסען אהיימצו איבער דעם גראנד קאנאל אינ'ם לבנה־ליכט, די גוט־באקאנטע פאלאצען וואָס זענען געווען פאר אים אזוי טרוימעריש און מיסטעריעז גלייך ער וואָלט נישט געווען געבוירען געוואָרען אין דער שטאָט ביים ים. די פרייליכע עראינערונגען פון גאָלדמארק'ס נייער אָפּערע נעכטען ביינאכט אין אָפּערען־טעאטער, וואָס האָט פארפאָלגט זיין אויער ווען ער האָט איצט ארויפגעשטיגען איבער די גרויסע טרעפּ. און דאַן דער פּלוצימדיגער איבערגאנג צום מזרח, און די טויטע יאָרהונדערטען, און יהוה וואָס האָט ארויסגעצויגען זיין אויס־דערוויילט פאָלק פון מצרים, און זיי באפוילען צו פייערען מיט מצות דורך אלע דורות זייער איילענדיג ארויסציען אין דער מדבר אריין.

זיין פאָטער איז מסתמא געווען געדריקט פון אָט דעם שרייענ־דיגען ביישפּיל פון זיין זונ'ס גלייכגילטיגקייט צו די טראדיציעס וואָס ער אליין האָט אזוי טייער געהאלטען. כאָטש דעם אלטען איז באמת שוין לאנג צוריק קלאָר געוואָרען דער ביטערער אמת, אז זיינע וועגען זענען נישט זיין זונ'ס וועגען, און זיין זונ'ס געדאנקען נישט זיינע געדאנקען. ער האָט שוין פון לאנג געוואוסט, אז זיין בכור איז א פושע בישראל, אן אפיקורס, א ליץ, אן עגאָאיסט פון זינליכ־קייט, א ליבהאָבער פון בחור'שע וואוינונגען, און פון דעם פיבער־דיגען לעבען פון די אייראָפּעאישע הויפּטשטעט, אן עובר אויף כשרות און עברות, א געניטער אין דעם וואָס מען טאָר נישט. דער זון האָט געטראכט וועגען זיך דורכ'ן פאָטער'ס ברילען, און דער שוואכער שמייכעל וואָס האָט געשפּילט ארום זיינע סענסיטיווע ליפּען איז געוואָרען ביטערער. זיינע לאנגע ווייסע פינגער האָבען נערוועאיש געארבעט.

און דאָך האָט ער געגוג גיטיג געטראַכט וועגען זיין פאָטער. האָט באַוואונדערט דעם אויסדויער וואָס האָט אים געבראַכט רייכ־קייט, די ברייטהאַרציגקייט מיט וועלכער ער האָט עס אויסגעגעבען, די געטריישאַפט וואָס איז בייגעשטאַנען אירע נסיונות און האָט גע־מאַכט אָט דעם סדר, אָט די פאַמיליען־פאַראייניגונג, אַזוי היימיש און פרום פשוט אַזוי ווי אַמאָל ווען דאָס אַלטע געטאָ, און נישט אָט דער פאַלאַץ ביים גראַנד קאַנאַל, איז געווען זייער היים. דער כוס וויין פאַר אליהו הנביא איז געשטאַנען אַזוי נאַאיוו דערוואַרטענדיג ווי אַלע מאָל. און אויך זיין מוטער׳ס פּנים האָט געשיינט מיט ליב־שאַפט און גוטהאַרציגקייט. ברידער און שוועסטער — פּיילען פון אַ פּולער פּיילען־שייד — זענען געזעסען אַרום דעם טיש אויף פאַר־שידענע אופנים גליקליך און צופרידען מיט זייער עקזיסטענץ. אַן אַטמאָספערע פון פרידען און רוהיגקייט און גלויבען און פרומקייט האָט געהערשט ביים טיש.

ואתא כלבא ונשך לשונרא דאכלה לגדיא דזבין אבא בתרי זוזי, חד גדיא, חד גדיא!

און פּלוצלונג האָט אים דער קאָנטראַסט פון די אַלע שטיל־קייטען מיט זיין אייגען אומרוהיג לעבען איבערוועלטיגט מיט אַן איבערפלוס פון האָפנונגסלאָזיגקייט. זיינע אויגען האָבען זיך אָנ־געפילט מיט געזאַלצענע טרערען. ער וועט קיינמאָל נישט זיצען אויבען־אָן ביי זיין אייגענעם טיש, און ווייטער ציען די קייט פון פרומקייט וואָס האָט צונויפגעשמידט די דורות איינער צום אַנדערען. זיין נשמה וועט זיך קיינמאָל נישט נאָכגעבען אין אָט דער אַטמאָס־פערע פון גלויבען און צוטרוי. קיין פרוי׳ס ליבע וועט קיינמאָל זיין נישט זיין. קיין קינדער וועלען זייערע הענטלאָך נישט אַריינלייגען אין זיינער. ער וועט דורכגיין דורכ׳ן לעבען ווי אַ געשפּענסט, אַריינ־קוקענדיג צו די וואַרעמע פייערען מיט האָפנונגסלאָזע אויגען, און ווייטער גיין — דער וואַנדערענדיגער איד פון דער וועלט פון נשמה. ווי ער האָט עס געליטען — ער, מאָדערנער פון די מאָדערנע, טרוימער פון טרוימען, טראַכטער פון פּראָבלעמען! הבל הבלים! הכל הבל! מאָדערנער פון די מאָדערנע? אָבער דאָס איז דאָך געווען איינער פון די אוראַלטע אידען וואָס האָט דאָס געזאָגט, און אַן אַנדערער האָט געזאָגט: „בעסער אז דער טאָג פון אַ מענטשענ׳ס שטאַרבען

ווי דער טאג פון זיין געבוירען". באמת א איראנישער באווייז פונ'ם דרשנ'ס אייגענער באהויפטונג, אז עס איז נישטא קיין נייס אונטער דער זון. און ער האט זיך דערמאנט די גרויסע פסוקים:

„הבל הבלים אמר קהלת הבל הבלים הכל הבל.

„איין דור פארגייט און אן אנדער דור קומט אן: נאר די ערד שטייט אייביג.

„אלע טייכען גייען אין ים אריין, און דער ים ווערט נישט פול. צו דעם ארט פון וואנען די טייכען גייען, אהין קערען זיי זיך אום צוריק.

„וואס עס איז געוועזן, דאס וועט זיין. און דאס וואס איז גע־טאן געווארען, דאס וועט געטאן ווערען: און עס איז נישטא קיין נייס אונטער דער זון.

„דאס וואס איז קרום, דאס קען נישט גלייך געמאכט ווערען. און דאס וואס איז נישטא, דאס קען נישט געציילט ווערען.

„ווייל אין א סך חכמה איז דא א סך פיין. און ווער עס פאר־מערט זיין וויסען, פארמערט זיין טרויער".

יא, דאס איז אלץ אמת, אלץ אמת. ווי דער אידישער גייסט האט עס דערגרייכט צום הארץ פון זאכען, אזוי אז די פעלקער וואס האבען אים געהאסט האבען געפונען טרייסט אין זיין תהלים. קיין זין פאר פארם, דער סוף פון קהלת א צעמישעניש און א שוואכע איבער'חזר'ונג ווי די לעצטע צושטרייטע ספאזמען פון א נביא'ישען אנכאפ. קיין זין נישט פאר קונסט, בלויז פאר ווירקליכקייט. און דאך האט ער אמאל געטראכט, אז ער האט די גריכען מער ליב געהאט, האט פון קינדווייז אויף געבענקט נאך פארבאטענע געטער, אויפגערייצט דורך דער איינזאמער מארמארנער פיגור פון א מיידעל וואס האט אריינגעקוקט אויפ'ן געטא־געסעל פון א צוים־וואנט. יא, ער האט געדינט ביים מזבח פון שיינקייט. ער האט געפלאפעלט פונ'ם רענעסאנס. ער האט געשריבען — מיט דער פיל־פערמיגער צוגעפאסטקייט פון זיין פאלק — פראנצויזישע לידער מיט גריכישער באגייסטערונג, און עראטישע לידלאך — האלב געפילט, האלב צו־געטראכט, פיין געשניצט. מיט א פלוצימדיגער אינטואיציע האט ער איצט געזען, אז ער האט זיך אייגענטליך קיינמאל נישט אויס־געדריקט אין קונסט, מיט דער אויסנאם אפשר פון דעם איינציגען

ברוטאלען איטאליענישען ראמאן, וואס ער האט געשריבען אונטער'ן איינפלוס פון זאלא, וועלכער איז אזוי פארדאמט געווארען פון א וועלט אן געפיל פאר דער ליבשאפט און די טרערען וואס האבען אים געטריבען אן רחמנות אראפצורייסען די מאסקע פון לעבען.

ואתא חוטרא והכה לכלבא דנשך לשונרא דאכלה לגדיא דזבין אבא בתרי זוזי, חד גדיא, חד גדיא!

יא, אין הארץ איז ער געווען א איד. די קינדהייט אינ'ם געטא, די לאנגע ירושה, האבען אים געבונדען אין געפילען און אין אימ־פולסען אזוי ווי מיט רצועות. חד גדיא, חד גדיא! דער ניגון אליין האט אין אים אויפגעוועקט אומציילינע עראינערונגען. אין א גיכער פאנאראמע האט ער געזען דאס אינטענסיווע אינערליכע לעבען פון א געקרייזעלט־קעפעלדיג קינד, וואס איז ארומגעלאפען אין דעם שמאלען גארטעל פונ'ם געטא, צווישען די בילדליכע הויכע הייזער. אן אפשפיגלונג פון דעם קינד'ס אמאליגער פרייד מיט די יום־טובים האט געגליט אין זיין נשמה. ווי ליב עס איז דאס מאדנע נאכקומען פונ'ם שבועות נאכ'ן פסח, און דערנאך ראש־השנה און סוכות. דאס איבערלעבען פון דעם אלטען אריענט אין דעם היינטיגען אייראפע, אט דאס לעבען פון א מענטשען אין די נשמות פון זיינע אבות, אט פונקט ווי מען האט סוכות געלעבט אין זייערע ביידלאך. א פלוצ־לונגער באגער האט אים אנגעכאפט צו זינגען מיט זיין פאטער, זיך איינצוהילען אין א טלית, צו שאקלען זיך מיט דער ריטמישער לײדענ־שאפט ווי ביים דאווענען, זיך אויסצושטרעקען אין שול. פארוואס האבען זיינע ברידער ווען עס איז געשטרעבט ארויסצוקומען פון דער פריידיגער שקלאפעריי פונ'ם געטא? זיין פאנטאזיע האט עס אים אויפגע'כשופ'ט ווי עס איז געווען איידער ער איז געבוירען געווארען: דאס איינציגע שטיקעל פרייער פלאץ, ארומגעצוימט מיט א קאלא־נאדע פון געוועלבער, די אידישע סוחרים מיט די שווארצע בערד אין זייערע לאנגע קאפאטעס, דאס אייזערנע טויער וואס ווערט פאר־שלאסען האלבע נאכט, די היטערים וואס פארען ארום און ארום אין זייער שיפעל אויף די אפענע זייטען פון קאנאל. דאס געלע היטעל? די געלע לאטע אויף זייערע ברוסטען? ערנצייכענס. ווייל פאר־פאלגט צו ווערען איז העכער ווי צו פארפאלגען. פארוואס האבען זיי געוואלט באפרייאונג? זייער לעבען איז געווען זעלבסט־קאנצענט־

רירט, זעלבסט־געניגענדיג. אָבער ניין. זיי זענען געווען אומרוהיג, פאַר'משפט צום וואנדערען. ער האָט געזען די ערשטע שטראָמען וואָס האָבען זיך אריינגעגאָסען קיין ווענעדיג ביים אָנהייב פון דריי־צענטען יאָרהונדערט, דייטשע סוחרים, דערנאָך לעוואנטינער, האָבען געהאָלפען אויפבויען די קאָמערציעלע הויפטשטאָט פונ'ם פופצענטען יאָרהונדערט. ער האָט געזען ווי שפּעטער זענען אויפגעשטיגען די פונ'ם האלב־אינזעל אַנטלאָפענע פון דער אינקוויזיציע, זייער אָפדאַך אונטער דעם לייב'ם פליגעל וואָס עס האָט פאַר זיי אויסגעפירט זייער ברודער־איד, דניאל ראָדריגעז, דער קאָנסול פון דער רעפובליק אין דאַלמאַציע. זיין געדאַנק האָט זיך אויף א ווייל אָפּגעשטעלט אויף אָט דעם דניאל ראָדריגעז, א וויכטיגער עטאַפּ. ער האָט געטראַכט פון די אומענדליכע וואנדלונגען פון די אידען אויסצומיידען די שטרענגערע פארבאָטען, זייער פיינעם, פאַסיווען אָפּזאָג צו וואוינען אין מעסטרע, זייער ענדליכער פארוויילז אין געטאָ אריין. וואָס פאַר א קוואַלען פון ענערגיע עס האָבען געקאָכט אין יענע ביישפּיללאָזע אָבות זיינע, וואָס האָבען פאַראייניגט אין זיך די רוהיגקייט פונ'ם מזרח מיט דעם פיבער פונ'ם מערב. די אידעאַליסטען וואָס האָבען שטענדיג געהאַנדעלט מיט דעם פּראַקטישען, די ליבהאָבער פון אי־דעען, די פרינצען פון פּלאַנערייען, וואָס האָבען באמייסטערט זייער אומגעבונג, ווייל זיי האָבען קיינמאָל נישט געהאנדעלט מיט קיין אידעען אַ חוץ ווי זיי זענען פאַרקערפּערט אין ווירקליכע קאָנקרעטע זאַכען. ווירקליכקייט! ווירקליכקייט!

דאָס איז געווען די נאָטע פון אידישער געניאַליטעט, וואָס האָט געהאַט וויינינגסטענס די פאַרוואַנדשאַפט מיט די גריכען. און ער, כאָטש פאַר אים איז זיין פאָטער'ס ווירקליכע וועלט געווען א שאָטען, האָט נאָך אַלץ געהאַט דעם אינסטינקטיווען האַס צו די וואָלקען־שפּינערס, די וואָרט־זשאָנגלירערס, זיינע אידעאַליזמען האָבען זיך געניוטיגט אין סאָלידער סובסטאַנץ מיט וואָס ארומצושפּיגלען. אפשר ווען ער וואָלט געווען פאַרפאָלגט, אָדער אפילו אָרעם, ווען זיין פאָטער וואָלט אים נישט גלאַט געמאַכט דעם וועג צו א נישט אומ־באַקוועמליכער קאַריערע אין ליטעראַטור, וואָלט ער אפשר געווען אַנטרונען פון אָט דעם פאַרפאָלגענדיגען געפיל פון דער פוסטקייט און נוצלאָזיגקייט פון לעבען. ער וואָלט אויך געפונען א פרייד אין זיין

קליגער פון'ם קריסטליכען פארפאלגער, אין אנזאמלען דוקאט אויף דוקאט. יא, אפילו איצט האט אים הנאה געטאן צו שמייכלען ווי אט די געצוואונגענע הענדלער פון אלטווארג, האבען געלעבט איינ־צוקויפען די אפגעבליאקעטע פורפור מאנטלען פון ווענעציאנישער גלאריע.

ער האט זיך דערמאנט ווי ער האט געלייענט די רעזולטאטען פון אן אלטען צענזוס: מענער, פרויען, קינדער, מאנאכען, נאנעם — און אידען! מילא, די דאזשעם זענען טויט, ווענעדיג איז א מעלאנ־כאלישע רואינע, און דער איד — דער איד לעבט זיך רחבות'דיג אין די פאלאצען פון אירע שטאלצע איידעללייט. ער האט זיך ארומ־געקוקט אין דעם הערליכען לאנגען עס־צימער, מיט זיינע טעפיכער, אייל־בילדער, באלקען מיט פרעסקען, פאלמעס. ער האט געדענקט דעם אוראלטען הערב איבער דעם שטיינערנעם טויער — א זיגע־רישער לייב מיט א פליענדיגען מלאך — און האט געטראכט פון דעם אלטען לאטייניישען סטאטוט וואס האט פארבאטען די אידען צו האלטען וואסערע עס איז שולען אין ווענעדיג, אדער עפעס אימעצען צו לערנען אין שטאט, אונטער א שטראף פון פופציג דוקאטען און זעקס חדשים געפענגניש. מילא, די אידען האבען נאך אלעם דאך געלערענט די ווענעציאנער עפעס — אז דאס איינציגע בלייבענדיגע פארמעגען איז מענשליכע ענערגיע. אלע אנדערע פעלקער האבען געהאט זייער בליצייט און האבען פארוועלקט. אבער ישראל איז ווייטער אנגעגאנגען מיט דער אייגענער קראפט און אייגענעם מוט. עס איז געווען זער וואונדערליך. ניין, איז דאס נישט געווען א נס? אפשר איז באמת געווען א „שליחות פון ישראל", אפשר זענען זיי באמת געווען „גאט'ם אויסדערוויילט פאלק". די ווענעציאנער האבען געבויט און געמאלען וואונדערליכע זאכען און זענען אויס־געשטארבען און האבען זיי איבערגעלאזט פאר טוריסטען אנצוקוקען. די אידען האבען יארהונדערטען גארנישט באשאפען, חוץ עטליכע געזאנגען און עטליכע בענקשאפטליכע ניגונים. אבער אט זענען זיי, שטארק און פעסט, א באשאפונג אין פלייש און בלוט וואס איז וואונ־דערליכער און דויערהאפטיגער ווי וואס עס איז אין שטיין און בראנז. און וואס איז דער סוד פון אט דעם אויסדויער און שטארקייט? וואס ווען נישט זייער גייסטיגקייט? וואס א חוץ זייער אינערליכער

זיכערקייט אין גאָט, זייער אומצווייפעלהאפט פארטרויען אין אים, אַז ער וועט שיקען זיין משיח צוריק אויפצובויען דאָס בית־המקדש, צו דערהויבען זיי צו דער הארענשאפט איבער די פעלקער? ווי טיפּיש איז זיין אייגענער פּאַטער — זינגענדיג זיך אַזוי רוהיג כאל־דייאיש — אויסערליך אַ היינטיגער פון היינטיגע, אין דער היים אַ למדן און אַ הייליגער! אַ, הלואי וואָלט ער אליין אויך געקענט זיך אָנהאַלטען אָן דעם פעסטען גלויבען! יאָ, זיין נשמה איז געווען איינס מיט דעם פאר׳חלומ׳טען אומבאוועגליכען מזרח. אפילו מיט די מיסטיציזמען פון די בעלי קבלה, מיט דעם טראַנס פונ׳ם אַסקעט, ניין, אפילו מיט דעם פאַנטאַסטישען פון משוגעת געבוירענעם עקס־טאַז פון די דערווישען וואָס ער האָט געזען טאַנצענדיג אין טערקישע מאָשעען, — דאָס פאר׳שכור׳ענדיגע געפיל פון אַ באַפרידיגענדיגען זין אין זאַכען, פון אַן איינקייט מיט דעם זין פון זיין, וואָס מענטשען האָבען אָן צווייפעל געזוכט אין די אוראַלטע עלוזינישע מיסטעריעס, וואָס די מאַהאַטמאַס פון אינדיע האָבען אפשר געפונען, וואָס זייערע טראַדיציעס זענען געלאָפען דורך די יאָרהונדערטען, מיספאַרשטאַנען דורך די מערב־פעלקער, און וואָס אָן זיי וואָלט ער זיך אָפט געקענט צושלאָגען זיין קאָפּ אָן אַ וואַנט, אַזוי ווי אין בוכשטעבליכען אָנ־שלאָגען זיך אָן דער רעטזעלהאַפטער מיסטעריע פון עקזיסטענץ. אָ! אָט דאָ ליגט דאָס גהינום דערפון! זיין נשמה איז פונ׳ם אָריענט, נאָר זיין מח איז פונ׳ם אָקסידענט. זיין אינטעלעקט איז גענערט געוואָרען פון דער ברוסט פון וויסענשאַפט, וואָס האָט אַלץ קלאַסי־פיצירט און גאָרנישט דערקלערט. אָבער דערקלערונג! דאָס וואָרט אַליין איז נוצלאָז! זאַכען זענען. צו דערקלערען זאַכען מיינט צו קאָנסטאַטירען א. אין טערמינען פון ב., און ב. אין טערמינען פון א. ווער וועט דערקלערען די דערקלערונג? אפשר בלויז דורך באַגייס־טערונג קען אימיצער פאַרשטיין וואָס עס ליגט הינטער די דער־שיינונגען. נאָר ווען אפילו אַזוי מוז אויך דאָס וועזען גע׳משפּט ווערען דורך זיינע מאַניפעסטאַציעס, און די מאַניפעסטאַציעס זענען אָפט אומזיניג, אומגערעכט און זינלאָז. ניין, ער קען נישט גלויבען. זיין אינטעלעקט האָט נישט קיין חרטה. וואָס זשע איז אַז ישראל האָט זיך אויפגעהאַלטען? פאַרוואָס זאָל דאָס קעניגרייך פון ווענע־דיג צושטערט ווערען?

ואתא נורא ושרף לחוטרא דהכה לכלבא דנשך לשונרא דאכלה לגדיא דזבין אבא בתרי זוזי, חד גדיא, חד גדיא!

ער האט געטראכט פון דער ענערגיע וואס איז אריינגעגאנגען אויפצובויען די וואונדערליכע שטאט. די טיפע ים־געוויילטע היל־צערנע קופעס וואס זענען געווען באהאלטען אונטען. די אומאויס־שעפליכע קונסט אוצרות — קירכען, בילדער, סקולפטורען — וואס זענען נישט ווייניגער געבויט געווען אויף פינסטערער מענטשליכער ארבעט, כאטש עטליכע פון די אומציילינע טויטע הענט האבען אונ־טערגעשריבען נעמען. וואס פאר אן ענערגיע נישט אויסצומעסטען ליגט פארשטיינערט אין אט די פאלאצען! קארפאטשיא׳ס בילדער זענען געשוואומען פאר אים, און טינטארעטא׳ס — רעקארד פון טויטע דורות. און דאן — דורך זין־פאראייניגונג פון מאס, יענע נאך גרעסערע מאלערייען — אין גוואש — פון ווערמאיען אין ווין: אלטע לאנד־קאמפען מיט פיילענבויגענס, שפיזען, און הוקענביקסען, אלטע ים־קאמפען מיט קעמפענדיגע קריגשיפען. ער האט געטראכט פון שיף־שקלאפען וואס זענען צוגעשמידט מיט קייטען צו זייערע רודערס — פון דעם שוויים, דעם בלוט וואס האבען באפלעקט די געשיכטע. „אזוי בין איך צוריקגעקומען און האב באטראכט אלע אונטערדריקונגען וואס ווערען באגאנגען אונטער דער זון: און זע די טרערען פון די וואס ווערען אונטערדריקט, און זיי האבען נישט קיין טרייסטער". און דערנאך האט ער געטראכט פון א היינטיג בילד מיט א שיינער נאקעטער פרויען־פיגור וואס האט געקאסט דאס גליק פון דער פאמיליע. דער קינסטלער איז איצט טויט און אומ־שטערבליך, די פרוי, וואס איז אמאל געווען רייך און עלעגאנט, איז אויף דער גאס. די נוצלאזיגקייט פון זאכען — ליבע, רום, אומ־שטערבליכקייט! אלע ווענען פירען אין ערגיץ נישט! וואס וועט א מענטשען ארויסקומען פון זיין גאנצער ארבעט אונטער דער זון?

ניין. דאס איז אלץ פלוס — עס איז גארנישט דא חוץ פלוס. די קלוגסטע האבען דאס אלע מאל געזען. די קאץ וואס האט פאר־שלונגען דאס ציגעלע, און דעם הונט וואס האט געביסען די קאץ, און דעם שטעקען וואס האט געשלאגען דעם הונט, און דאס פייער וואס האט פארברענט דעם שטעקען, און אזוי ווייטער אן א סוף. האבען נישט די אויסטייטשערס געזאגט, אז דאס איז געווען דער

זין טאָקע פון דעם משל — דער אונטערגאַנג פון די אַלטע קעניג־
רייכען, מצרים, אשור, פּערסיע, גריכענלאַנד, רוים? אויסטייטשערס!
וואָס פאַר אַ מאָדנע מענטשען! אַ מין מאַכען ביכער אָן אַ סוף!
אין וואָס פאַר אַ מדבר פון פאַרשווענדטער לאָגיק דער אידישער
אינטעלעקט האָט עס געוואַנדערט דורך יאָרהונדערטען! די ענד־
לאָזע ספרים פון דער גמרא און אירע פּאַראַזיטען! די אומצייליגע
געזעצען וואָס זענען שוין איצט פאַרעלטערט, איבער וועלכע טויטע
אויגען זענען בלינד געוואָרען! אַזאַ גרויסע געדולד און אַרבעט־
זאַמקייט ווי די וואָס זענען אַריין אין אויפבויען די ווענעציאַנישע
קונסט, און מיט ווייניגער רעזולטאַטען. דאָס אויסדערוויילטע פאָלק,
אודאי! און זענען זיי אַזוי שטאַרק און געזונט? אַ פיינער געדאַנק
אין זיין מח, ווי־קליך!

ער, אויסגעמאַטערט פון דער גרויסער לאַסט פון די יאָרהונ־
דערטען, אַזאַ לאַנגע איינגעבוירענקייט, אַזוי פיל יאָרהונדערטען פון
פאַרפאָלגונג, אַזוי פיל מאַנירען און שפּראַכען אָנגענומען, אַזוי פיל
נאַציאָנאַליטעטען אָנגענומען! זיין נשמה מוז זיין ווי אַ געמעקט
און געשריבענער פּאַרמעט מיט דער געשיכטע פון פאָלק אויף פאָלק.
עס איז געווען אומהיימליך, אָט דאָס האַלטען זיך אָן לעבען. אַ פאָלק
דאַרף זיין צופרידען אויסצושטאַרבען. און אין אים איז עס אפשר
געוואָרען אַזוי צופרידען. ער האָט פאָראויסגעזען זיין פאָלק'ס פאַר־
צווייפלונג. ער האָט געהאַלטען פון דעם נייערען ישראל, דאָס פאָלק
וואָס איז אַלע מאָל געלאָפען צו עקסטרעמען, וואָס זייענדיג דאָס
ערשטע אין גלויבען, איז עס אויך געווען דאָס ערשטע אין סקעפּ־
טיציזם, שאַרפער דורכצודרינגען צום פוסטען האַרץ פון זאַכען. ווי
אַ פאַר'יתומ'טער ווינט, אָן אַ היים, אַרומקלאָגענדיג אין די פאַר־
לוירענע ערטער פון דער וועלט. צו וויסען אַז אַלץ איז אַ בלענ־
דעניש, אָפּנאַרעריי — אַליין דאָס אָפּגענאַרטסטע פון די פעלקער.
ווייטער גענאַרט צו אַ קאַריערע פון קרבנות און פאַראַכטונג. ווען
ער וואָלט נאָר געקענט אָנהאַלטען די האָפנונג וואָס האָט געהייליגט
זייערע ליידען. אָבער איצט איז עס געווען אָן עקדיש — נישט אַ
געטליכע האָפנונג — וואָס דאָס פאָלק האָט גענערט אין זיין בוזעם.
ער האָט זיך געפילט אַזוי איינזאַם. אַ גרויסע שטרעק פון שוואַרצ־
קייט, אַ פרוכטלאָזע בלויזקייט, אַ הויכער פעלז אויף אַ פאַרפרוי־

רענעם ים, אַ סאַסנע אויף אַ בארג. פאַרטיג ווערען מיט דעם אַלעם — די זיפּצען און די קרעכצען און די טרערען, דאָס האַרץ פאַרזונקען, די טעמפּע שלעפּענדיגע טעג פון דערשלאָגענקייט און די נעכט פון פּיין. ווי אָפט האָט ער אומגעקערט זיין פּנים צו דער וואַנט, באַגערענדיג צו שטאַרבען.

אפשר איז עס געווען אָט די טויטע שטאָט פון שטיינער און דעם ים וואָס האָט אַזוי געווירקט אויף זיין גייסט. טורגעניעוו איז נערעכט געווען. בלויז די יונגע דאַרפען קומען אַהער, נישט די וואָס האָבען מיר ווירגיל'ן געזען די טרערען פון זאכען. און דאַן האָט ער זיך דערמאָנט די שורות פון קאַטולוס — דאָס טרויעריגע מאַיעסטעטישע געוויין פון דער קלאַסישער וועלט, ווי דער דערשטיקטער זיפץ פון אַ שטאַרקען מאַן:

„זונען גייען אונטער און קענען אויפגיין,
אָבער ווען ס'איז אונזער קורצער טאָג פאַרביי,
מוזען מיר שלאָפען אַן אייביגע נאַכט".

דערנאָך האָט ער ווידער געטראַכט פון ווירגיל'ן, און האָט זיך דערמאָנט אַ טאָסקאַנישע לאַנדשאַפט וואָס האָט אים אויסגעדריקט, און שרעגנעם פון ציפּרעסען וואָס האָבען זיך מאַיעסטעטיש באַוועגט אַזוי ווי העקזאַמעטרען. ער האָט געזען די טעראַסע פון אַן אַלטען פּאַלאַץ, און די גראָטעסקע חיות וואָס זענען געווען אויסגעשניצט אויף דער באַלוסטראַדע. דאָס גרינע פלאַקערען פון יאַשטשערקעס אויף דער חושכ'דיגער גאָרטענוואַנט. דעם אַלטוועלטיגען זונזייגער און די גראָטע און דעם מאַרמאָרנעם פאָנטאַן, און די קילע גרינע טונקעלקייט פון דעם ציפּרעסען־וועלדעל מיט זיינע זיסע שפּרענקלען פון שאָטען. אַן אומגעזעענער שוואַרצפויגעל האָט געזונגען איבער'ן קאָפּ. ער איז געגאַנגען איבער דעם גרויסען וועג אונטער די שטיינערנע אויגען פון אויסגעהאַקטע געטער, און האָט אַרויסגעקוקט אויף דער הייסער לאַנדשאַפט נעמענדיג איר נאָכמיטאָג־רו אונטער דעם הייסען בלאָען הימעל — די גרינע זונבאַלויכטענע בערג, די ווייסע נעסטעלדיגע ווילעס, די גראָע איילבירט־בוימער. ווער איז געגאַנגען איבער אָט די קלויסטערישע טעראַסען? מיטעלאַלטערליכע פּרינצעסינס, ליידענשאַפטליכע און פול פאַראַכטונג, איידעל טרעטענדיג,

מיט אַ זיידענער שלעפּ און צאַרטע פּערפומען. ער וואָלט געמאַכט אַ ליד וועגן דעם. אָ, די ליבליכקייט פון לעבען! וואָס האָט עס אַ היגער זינגער דאָ געזונגען אין דעם אַנגענעמען ווייכען ווענעציאַ־נישען דיאַלעקט?

די וועלט איז שיין און הערליך
ווייל זי איז זייער פאַרשידען,
און ווער ס'איז קלוג און ערליך
ווייסט דאָס און איז צופרידען.

יאָ, די וועלט איז באמת וואונדערליך שיין און וואַנדערליך פאַרשידענאַרטיג. טערענץ איז גערעכט געווען: די קאָמעדיע און דער פּאַטאָס פון זאַכען זענען גענוג געווען. מיר זענען אַ געניגענ־דיגער ספּעקטאַקעל איינער פאַר'ן אַנדערען. עפּעס האָט אין אים אויפגעלויכטען. אויף אַ רגע האָט ער באַקומען אַ פעסטען אָנהאַלט אין לעבען, און די אומענדליכע פאַנגפּיס פון זאַכען האָבען זיך אויס־געשטרעקט אים אַרומצופלאַנטערען.

ואָתא מיא וכבה לנורא דשרף לחוטרא דהכה לכלבא דנשך לשונרא דאָכלה לגדיא, דזבין אבא בתרי זוזי, חד גדיא, חד גדיא!

אָבער דער אויפלייכט איז פאַרשוואונדען, און ער האָט זיך צור־ריקגעצויגען טרויעריג און האָפנונגסלאָז. ווייל ער האָט נישט גע־וואוסט וואָס ער האָט געוואָלט. היידענטום וועט נישט גענוג זיין. ער האָט געוואָלט — ער האָט באַגערט — גאָט. דעם גאָט פון זיינע פאָטערס. די דריי־טויזענט יאָר גלויבען האָט מען נישט געקענט אָפּטרייסלען. אַ געפיל פון זיינע אָבות איז עס געווען, וואָס האָט אים געגעבען די פּלוצימדיגע מאָדנע באַגייסטערונג פון גאָט ביים ריח פון אַ רויז, ביים קלאַנג פון אַ קינד'ס געלעכטער, ביים אָנבליק פון אַ שלאָפענדיגער שטאָט. דאָס האָט אים געשיקט אַ וואַרימקייט אין האַרץ אַריין און טרערען אין זיינע אויגען, און אַ געפיל פון דער אומענדליכער שיינקייט און הייליגקייט פון לעבען. אָבער ער האָט נישט געקענט האָבען דעם גאָט פון זיינע פאָטערס. און זיין אייגע־נער גאָט איז געווען ווייט און צווייפעלהאַפט, און קיין זאַך וואָס די מאָדערנע וויסענשאַפט האָט אים געלערענט איז נאָך נישט געווען אָפּגעצייכענט אין זיין אָרגאַניזם. האָט ער עס אפילו געקענט איבער־

געבען צו יורשים? וואָס האָט עס וויסמאַן געזאָגט וועגען אָנגע־נומענע כאַראַקטער־שטריכען? ניין, געוויסע פעלקער האָבען אַרויס־געגעבען געוויסע גלויבענס, און ביז מען האָט נישט אויסגע׳הרג׳עט די פעלקער, האָט מען קיינמאָל נישט געקענט אויס׳הרג׳ענען די גלויבענס. אָ, דאָס איז אַ גרויזאַמע טראַגעדיע, אָט די מערב׳דיגע קולטור, וואָס איז אָנגעטשעפּעט אויף אַ מזרח־פאָלק, וואָס צעשטימט די טענער פון לעבען, צעשטעלט דאָס האַרץ און דעם מח באַזונדער. אָבער די נאַטור איז דאָך גרויזאַם. ער האָט געטראַכט פון דעם פּאַראַיאָריגען וויינשניט וואָס איז חרוב געוואָרען דורך אַ דונער־שטורעם, די שווידערליכע אָרעמקייט פון די פּויערים אונטער דעם דרוק פון די פּריצים. און דערנאָך איז צו אים געקומען די זעאונג פון אַ געפאַנגענעם טינטפיש וואָס ער האָט געזען אָן אָטעם, כמעט מיט אַ מענשליכען הוסט, אויפ׳ן זאַמד און לידאָ. דאָס האָט פאַר־מיאוס׳ט די הערליכקייט פון יענער ליידיגער שטרעק זאַמד און ים, און דער ליבער חן פון די ווייסע זעגלען וואָס האָבען זיך אַזוי ווי געגליטשט איבער די סאַמע שטיינער פון דער ים־וואַנט. זיין נשמה האָט געפאָדערט גערעכטיגקייט פאַר דעם אָרעמען טינטפיש. ער האָט נישט פאַרשטאַנען ווי אַזוי מענטשען קענען לעבען אין אַ זעלבסט־קאָנצענטרירטער גייסטיגער וועלט וואָס שליסט אויס דעם גרעסטען טייל פון דער באַשאַפונג. אויב לײדען האָבען געלייטערט, וואָס פאַר אַ לייטערונג גייען דורך צו שטאַרק געטריבענע פערד, אָדער פאַרהונגערטע קעץ? דער נס פון באַשאַפונג — פאַרוואָס איז ער געטאָן געוואָרען פאַר הינטלאַך וואָס דאַרפען דערטרונקען ווערען? ניין, דער מענש האָט אַרויפגעצויגען מאָראַלישקייט אויף אַן אוממאָראַלישער וועלט, אַנטראָפּאָמאָרפיזירענדיג יעדע זאַך, טראַנספערירענדיג אין דעם גרויסען האַרטהאַרציגען מעכאַניזם אַריין די עטישע אידעאַלען וואָס האָבען רעגירט די אויפפירונג פון מענש צו מענש. רעליגיע, אַזוי ווי קונסט, האָט קאָנצענטרירט די וועלט אַרום דעם מענש, אַן אומוויכטיגען בייפּראָדוקט: דאָס איז געוועזען שלעכטע וויסענשאַפט פאַרוואַנדעלט אין גוטער קונסט. און זיין אייגען פאָלק איז עס געוועזען וואָס האָט אָנגעהויבען די פאַרבלענדע־ניש! „און אברהם האָט געזאָגט צו גאָט: ׳וועט דער שופט פון דער גאַנצער ערד נישט טאָן רעכט׳? אמאָל האָבען די געטער גע־

מיינט מאכט, אָבער דעם מענשענ'ס נשמה האָט אָנגעהויבען צו באַגערען רעכט. פון דער צומישעניש פון דער מענשליכער עקזיס־טענץ האָט דער מענש אויסגעטיילט דעם באַגריף פון גוטסקייט און געמאַכט אַ גאָט דערפון, דערנאָך האָט ער זיך נאַריש אומגע־דרייט און געפרעגט פאַרוואָס ער האָט דערלויבט דאָס שלעכטסקייט וואָס אָן דעם האָט דער באַגריף דערפון קיינמאָל נישט געקענט באַ־שאַפען ווערען. און ווייל גאָט איז געווען גוטסקייט, איז ער דער־פאַר געווען איינזייטיג — האָט ער זיך דערמאָנט קינען'ס שאַרפען אַנאַליז. ניין, דאָס מאָראַלישע געזעץ איז נישט מער דער צענט־ראַלער סוד פון דער וועלט ווי קאָליר און מוזיק. רעליגיע איז באַ־שאַפען געוואָרען פאַר דעם מענשען, נישט דער מענש פאַר רעליגיע. אַפילו גערעכטיגקייט איז געווען אַ זינלאָזער באַגריף אין לעצטען אַנאַליז: וואָס עס איז דאָ, איז דאָ. דעם קינסטלער'ס בליק אויפ'ן לעבען איז דער איינציגער אמת'דיגער: דער קינסטלער וואָס גלויבט אין אַלץ און אין גאָרנישט.

די רעליגיעס האָבען אומבאַוואוסטזיניג יעדע זאַך צודרייט. דאָס לעבען אַליין איז גענוג איינפאַך: אַ ביאָלאָגישע דערשיינונג וואָס האָט איר וואוקס, איר רייפקייט, איר צעפוילונג. דער טויט איז נישט קיין מיסטעריע, ווייטאָג נישט קיין שטראָף, און זינד איז גאָרנישט אַ חוץ דאָס איבערלעבען פון די נידעריגערע אַטריבוטען פון אַ פריערינגער פאַזע פון אַנטוויקלונג, אָדער נישט אומאָפּט דער באַרעכטיגטער פראָטעסט פון דעם נאַטירליכען זעלבסט געגען קינסט־ליכער געזעלשאַפטליכער עטיק. די גלויבענס האָבען עס ארויסגע־פייניגט זאַכען פון זייער עלעמענטאַרער איינפאַכקייט. אָבער אין אים איז נאָך באַשטאַנען דער אַלטער באַגער. דאָס אַליין וועט גע־נוג זיין. גאָט, גאָט — ער איז געווען גאָט־פאַר'שיכור'ט, אָן שפּי־נאָזאַ'ס רואיגקייט אָדער שפּינאָזאַ'ס זיכערקייט. גערעכטיגקייט, רחמנות, ליבע — עפּעס וואָס האָט פאַרשטאַנען. ער האָט גע־וואוסט אַז עס איז בלויז געווען פשוט'ע בלינדע ירושה וואָס האָט אים פאַרשטערט זיין לעבען — אָ, די איראָניע דערפון — און אַז, אויב ער וואָלט געקענט פאַרגעסען זיין געפיל פון נוצלאָזיגקייט, וואָלט ער געקאָנט לעבען שיין פאַר זיך אַליין. די רעדער פון מזל האָבען זיך גוט געדרייט פאַר אים. נאָר זיין נשמה האָט צו־

ריקגעוויזען אַלע לייזונגען און זעלבסט־באַטרעפונגען פון זיינע פריינט — די אַלגעמיינגענדיגקייט פון וויסענשאַפט, פון קונסט, פון פאַרגע־ניגען, פונ׳ם מענשליכען ספעקטאַקעל. ער האָט געזען מיט דער־באַרמלאָזער איינדרינגליכקייט דורך די פאַנטאַזמישע אָפּטימיזמען, זיך נישט געלאָזט פאַרבלענדען מיט פּלאַטאָניזמען און העגעליזמען, האָט פאַרזאָרגט די פּאָזיציעס פון עסטעטען און קינסטלער און זעלבסט־צופרידענע דייטשע חכמים, צוזאַמען מיט די פּאָזיציעס פון קאָנווענציאָנעלע פרעדיגערס, האָט געפאָדערט גערעכטיגקייט פאַר דעם יחיד ביז צום פייגעלע, וואָס צוויי פון זיי האָט מען פאַרקויפט אויפ׳ן מארק פאַר אַ גראָשען, און אַ באַטייטונג און אַ צוועק אין דעם וועלטליכען פאַרנעם פונ׳ם שיקזאַל. דאָך האָט ער די גאַנצע צייט געוואוסט אַז צוועק איז פונקט אַזאַ אַנטראָפּאָמאָרפישער באַ־גריף פון דעם וועזען פון זאַכען ווי גערעכטיגקייט אָדער גוטסקייט. אָבער די וועלט אָן גאָט איז אַ שיינע, הארצלאָזע פרוי — קאַלט, אָן אַן ענטפער. ער האָט באַדאַרפט האָבען דעם אויפלייכט פון נשמה. ער האָט עקספּערימענטירט אין נאַטור — ווי פאַרב, פאָרם, מיסטעריע — אין וואָס האָט ער נישט עקספּערימענטירט? אָבער עס איז געבליבען אַ נויט, אַ פּוסטקייט. ער האָט ליב געהאַט די נאַטור, איז געקומען זייער נאָענט צו געפינען רו אין דער ערד־ליידענשאַפט, אין דעם פאַר׳שיכור׳ענדיגען ריח פון גראָז און בלו־מען, אין דעם ריח און קלאַנג פונ׳ם ים, אין דער באַגייסטערונג פון דורכשלאָגען זיך דורך די קאַלטע, געזאַלצענע כוואַליעס, וואָס האָבען זיך געשליידערט גרין און ווייס־געפּלעקט. דאָס לאָזט זיך פאַר קיין גן־עדן נישט אויסבייטען. אָבער די ליידענשאַפט איז אַלעמאָל אויסגעגאַנגען און דער אַלטער הונגער נאָך גאָט איז צוריק־געקומען.

ער האָט געפונען צייטווייליגע רו מיט שפּינאָזא׳ס גאָט: דאָס אייביגע אומענדליך־זייטיגע וועזען, פון וועלכען אַלע שטערענדיגע אומענדליכקייטען זיינען בלויז געווען איין אָרעמער אויסדרוק, און וואָס צו ליבען עס האָט נאָך נישט געמיינט צוריקגעליבט צו ווערען דערפאַר. ס׳איז געווען וואונדערליך דערהויבען צו ווערען אין פאַר־געטערונג פון אָט דער הימלישער פּראַכט. אָבער די פּראַכט האָט איינגעפרירט, נישט פאַרברענט געוואָרען. ער האָט געוואָלט אַז דאָס

אייביגע וועזען זאָל וויסען פון זיין עקזיסטענץ. נאָך מער, עס זאָל אים שיקען א סוד אין אויער אַז ער איז נישט קיין מעטאפיזישע אויסטראַכטונג. אַנדערש האָט ער איינגעפונען אַז ער זאָגט נאָך וואָס וואָלטער האָט געמאכט שפינאָזא'ן זאָגען: „איך גלויב, צווישען אונז גערעדט, אַז איר עקזיסטירט גאָרנישט". געהאָרכזאַמקייט? פאַרגעטערונג? ער וואָלט געקענט ליגען שעה'ענוויוז אויסגעשטרעקט אויף די שטיינער, אויסרייבען זיינע קני אין תפילה. אַ לוטער, אַ גאַלילעי, שונאים פון דער מענשליכער ראַסע! ווי קלוג עס איז פון דער קירך צו פאַרברענען אומגלויביגע, וואס ווילען פאַרברע־נען די היים פונ'ם גייסט — די היים וואס איז וואַרעם מיט דער ליבע און אוצרות פון דורות — און לאָזען די אָרעמע מענשליכע נשמה נאַקעט און ציטערדיג אין די קאַלטע אומצייליגע וועלטען. אַ נאַפּאָלעאָן, הויפּט־שונא, וואס עפענענדיג די געטאָס, וואו די אי־דען זיינען געקראָכען אין זייער ענגער פרייד איבער דעם שבת, האָט ער אריינגעלאָזט אויף זיי דאָס געוויכט פון דער וועלט.

ואתא תורא ושתא למיא דכבה לנורא דשרף לחוטרא דהכה לכלבא דנשך לשונרא דאכלה לגדיה דזבין אבא בתרי זוזי, חד גדיא, חד גדיא!

אין ווין, פון וואַנען ער איז געקומען, האָט אַ איד, וועלכען די מאָדערנע וועלט האָט געדריקט, נאָך גע'חלום'ט דעם אַלטען חלום פון אַ אידישען שטאַט — אַ מאָדערנעם שטאַט, פאַרקערפּערונג פון די אַלע גרויסע פּרינציפּען וואס זיינען געוואונען געוואָרען מיט דער מאַטערניש פון יאָהרהונדערטען. דער קאַמעלעאָן פון ראַסען דאַרף ווייזען אַ באַשטימטען קאָליר: אַ אידישע קונסט, אַ אידישע אר־ביטעקטור וועט געבוירען ווערען. ווער ווייסט? אָבער ער וואָס האָט געאַרבעט פאַר מאַציני'ן, וועלכער האָט געזען זיין העלד דער־גרייכען דעם גרעסטען פון אַלע דורכפאַלען, זיג, ער האָט געוואוסט. ער האָט געוואוסט וואס עס וועט דערפון אַרויסקומען, אפילו ווען עס זאָל קומען. ער האָט פאַרשטאַנען דעם גורל פון קריסטוס'ן און פון אַלע אידעאַליסטען, וואס זיינען פאַרשאָלטען געווען צו זען זיך פאַרגעטערט און זייערע אידעען אָפּגעוואָרפען אין אַ רעליגיע אָדער אַ שטאַט וואָס איז געגרינדעט געוואָרען ווי אַ נאַציאָנאַלער מאָנו־מענט צו פאַראייביגען זייער דורכפאַל. אָבער דער אידישער שטאַט

וועט אפילו נישט קומען. ער האָט ערשט נעכטען באַגעגענט זיינע ווינער ברידער. אין דער לעאָפּאָלדשטאָט, מיט די פאַרפעצטע קאַפּאָטעס און פּאות פון גאַליציע. אינ׳ם פּראַטער, שיינענדיג מיט חוצפּה אין גלאַנצענדיגע קאַרעטען מיט אויסגעפּוצטע קוטשערם — דאָס אויסטערלישע פאָלק וואָס האָט געקענט אויפבויען שטעט פאַר אַנדערע נאַר קיינמאָל נישט פאַר זיך אליין. וואָס האָט באַהויפּט צו זיין אי אַ רעליגיע אי אַ נאַציאָנאַליטעט, און איז אָפּט נישט געווען קיין איינס פון די ביידע. דער גראָטעסק פון דער געשיכטע! משה, סיני, ארץ ישראל, ישעיה, עזרא, דאָס בית המקדש, קריסטוס, דער גלות, די געטאָס, די מארטירערייען — דאָס אַלץ זאָל געבען די עסטרייכישע וויצבלעטער וויצען וועגען בערזעמעקלערם מיט נעז גרוים גענוג צו טראָגען אויף זיך בינאָקלען וואָס מען דאַרף נישט צוהאַלטען. און ווען מען זאָל אפילו אָננעמען אַז נאָך אַ ניסים׳־דיגער רינג זאָל צוקומען צו דער וואונדערליכער קייט, וואָלטען די גליקליכערע אידען פון דעם נייעם שטאָט אריינגעבוירען געוואָרען אין אים אַזוי ווי קינדער צו אַ רייך־געוואָרענעם מענשען, וואָלטען גאָרנישט געוואוסט פון די קאַמפען, אָנגענומען דעם לוקסוס, און וואָלטען געקראָגען פעטע בייכער און ענגע נשמות. דאָס בית המקדש וואָלט צוריק אויפגעבויט געוואָרען. און דערנאָך? דער ארבי־טעקט וואָלט אריינגעשיקט דעם חשבון. מענשען וואָלטען געגעסען ביים באַנקעט און וואָלטען זיך געטאָרעט איינער דעם אַנדערען אין די ריפּען און וואָלטען זיך דערציילט די אַלטע רויכצימער וויצען. עס וואָלטען געווען פאַבריקאַנטען פון מאָדישע קליידער. די שול וואָלט פאַרפאָלגט יענע וואָס וואָלטען געווען גרעסער פון איר, די פּראָפעסיאָנעלע כהנים וואָלטען געפּלאָפּעלט וועגען גייסטיגקייטען צו אַ וועלט פון חיות וואָס וואָלטען אַפּלאָדירט, די פּרעסע וואָלט געלאָפען אין די אינטערעסען פון קאַפּיטאַליסטען און פּאָליטיקער, די קליינע שרייבערלאַך וואָלטען געטאָן צולהכעים יענע וואָס וואָל־טען זיי נישט גערופען גרויסע, די אונטערנעמערם פונ׳ם נאַציאָנאַלען טעאַטער וואָלטען געגעבען זייערע מעטרעסען ערשטע ראָלען. יאָ, דער אָקס וואָלט געקומען און געטרונקען דאָס וואַסער, און ישורון וואָלט געוואָרען פעט און וואָלט זיך געבריקעט. „ווייל דאָס וואָס איז קרום קען נישט געמאַכט ווערען גלייך״. מענאַנדער׳ס קאָמע־

דיעם זיינען פריש פון דער מינץ, משלי אזוי ניי ווי מודה אני. ניין, ער קען נישט חלומ'ען. זאלען די אינגערע פעלקער חלומ'ען. דאָס עלטסטע פאָלק ווייסט בעסער. דאָס פאָלק וואס איז געווען דאָס ערשטע צו חלומ'ען דעם שיינעם חלום פון א משיח'ס צייט איז דאָס ערשטע דעם חלום צו פארוואַרפען. ניין, איז עס גאָר גע־ ווען א שיינער חלום? יעדער איינער אונטער זיין פייגענבוים, באמת, פעט און שלעפעריג, דער גייסט צופוילט! הכל הבל, אויך דאָס איז הבל.

ואתא השוחט ושחט לתורה דשתה למיא דכבה לנורא דשרף לחוטרא דהכה לכלבא דנשך לשונרא דאכלה לגדיא דזבין אבא בתרי זוזי, חד גדיא, חד גדיא!

חד גדיא! חד גדיא! ער האָט קיינמאָל נישט געטראכט פון דעם טייטש פון די ווערטער, ער האָט זיי בלויז אלעמאָל פאר־ בונדען מיט דעם סוף פונ'ם סדר. „אליך פארביי! אליך פארביי! האָבען זיי אזוי ווי געקלאָגט, און אין דעם מאָדנעם ניגון האָט אזוי ווי געקלונגען א געפיל פון אומענדליכער אנטוישונג, פון אומענדלי־ כער רו. א פארענדיגען, א סוף, זאבען זיינען פארביי און אריבער, א פיבער האָט זיך איינגעשטילט, אן ארבעט פארענדיגט, א רוף זיך בארואיגט, א קלאנג צום געזעגענען זיך, א מין פארלייגען די הענד צום שלאָף.

חד גדיא! חד גדיא! עס איז געווען א געוויין איבער דעם קאמף פאר עקזיסטענץ, די צוועקלאָזע פראָצעסיע פון די יאָרהונ־ דערטען, דאָס פארגיין פון די אוראַלטע קעניגרייכען — ווי די קאָמענטאַטאָרס האָבען אָנגעוויזען — און פון די היינטיגע קעניג־ רייכען וואָס וועלען פארגיין צוזאמען מיט יענע, ביז די ערד אליין — אזוי ווי די וויסענשאפטסלייט האָבען אָנגעוויזען — וועט פאר־ גיין אין קעלט און פינצטערניש. פלום און צוריקפלום, דאָס פייער און דאָס וואסער, דאָס וואסער און דאָס פייער! ער האָט געטראכט פון די אומבארירבארע סקעלעטען וואס מען האָט נאָך באדארפט אויסגראָבען פון פאָמפעי, די איינגעווינדעלטע מומיעס פון די פרעה'ס, דאָס נישט געמינערטע אש פון פארגעסענע ליבהאָבערס אין עטרורישע קברים. עס האָט אין אים אויפגעבליצט א געפיל פון א ריזיגען ספעקטאקעל פונ'ם מיטעלאַלטער — פויפסטען, קע־

ניגען, קרייץ־ציער, מאַנאַכען, בעטלערס, פויערים, געשמיסענע, שול־מענשען. פון דעם ריזיגען מאָדערנעם לעבען אין פּאַריז, ווין, רוים, לאָנדאָן, בערלין, ניו יאָרק, שיקאַגאָ. דאָס פינקלענדיגע לעבען פון די רייכע געגענטען, די פּלאַפּלעריי פון די באָהעמיעס, די ארעמע אין זייערע הינטערגעסלאך, די קראנקע אויף זייערע קראנקענבעטען, די זעלנער, די גאסען־פרויען, די פארשקלאַפטע אין מעבלירטע צימערען, די פארברעכער, די משוגעים. די ריזיגע האָרדעס פון רוסלאַנד, דאָס לעבען וואָס ווערט פארשוועכט אין די שווארמיגע שיפען אויף כי־נעזישע טייכען, דאָס לוסטיגע זומערפויגעל לעבען אין יאפּאן, די אומבאַקאנטע ווילדע פון טיף אפריקע מיט זייערע פעטישען און קריגס־טענץ, די שבטים פון מזרח וואָס שלאָפען אין זייערע בייד־לעך אָדער קערען זיך אומרואיג איבער אויף די הייסע טראַסען פון זייערע הייזער, די נעגערישע ראַסען וואָס ווערען אזא שרעקליך פּראָבלעם אין די פאראייניגטע שטאַטען, און יעדעם פון די אלע פעלקער, ניין, יעדער איינציגער פון יעדען פאָלק, האַלט זיך פאַר דעם צענטער פון דער וועלט, און פון זייער ליבע און זאָרג. דער גורל פון די פעלקער איז נישט קלערער פון דעם גורל פון יעדען איינציגען און נישט געטליכער ווי דאָס לעבען פון די פליגעלעך, און דער גאנצער ריזיגער פארנעם פון דער געשיכטע איז נישט מער ווי א ספּאַזם אין דעם לעבען פון איינער פון די קלענסטע פון פאַרוואָר־פענע גרופּען פון וועלטען, אין אן אומענדלאכקייט פון נאָך גרעסערע שטערען־וועלטען. אָ, דאָס איז צו גרויס! ער האָט נישט געקענט זען דאָס פּנים פון זיין איינענעם גאָט און בלייבען לעבען. אָן די סטערעאָסקאָפּישע אילוזיעס וואָס האָבען באַפעסטיגט זיין פאָטער'ס לעבען, האָט ער נישט געקענט ווייטער עקזיסטירען. זיין שטאַנד־פּונקט איז געווען האָפנונגסלאָז קאָסמיש. יעדע זאַך איז געווען אַלצאַיינס גרויס און מיסטעריעז? יאָ. אָבער יעדע זאך איז געווען אַלצאַיינס קליין און געוויינליך. קאַנט'ס „שטערענדיגער אומענד־ליכער דרויסען?“ בע! בלויז שטיקער בלאָטע וואָס דרייען זיך ארום אין א דרייטאַנץ, און ווערען היים דערפון. נישט מער ווי פּינטעלעך וואָס דרייען זיך אין א טראָפּען שמוציג וואסער. מאָס אָן און פאַר זיך איז גארנישט. עס זיינען פאראַן בערג און ים'ען אין א שטיקעל נאסער בלאָטע, וואָס זיינען בילדליך גענוג פאַר

מיקראָסקאָפּישע טוריסטען. א ביליאָן ביליאָן שטיקלאך נאסע בלאָ־טע מאַכען נישט קיין שטאַרקערען איינדרוק ווי איינס. געאָלאָ־גיע, כעמיע, אסטראָנאָמיע — דאָס איז אַלץ אין דעם בלאָטע־שפּריץ פון א פּאַרבייפאָרענדיגער קארעטע. אומעטום איין געזעץ און איין נוצלאָזיגקייט. די מענשליכע ראסע? אויסטערלישע ים־פּאַרזעענישען קריכען ארום אויפ'ן גרונט פון א לופט־ים, און קענען נישט שווימען ארויף, מאָדנע אויסגעקינצעלט אין די גע'גנב'עטע פעלען פון אַנדערע באַשעפענישען. אזוי אומזיניג, ווען מען באַ־טראַכט זיי אומפּאַרטייאיש, אזוי ווי די מאָדנע באַשעפענישען וואס האָבען זיך חנ'עוודיג צוגעפּאסט צו די טשיקאַווע אומגעבונגען וואס מען האָט געזען אין אַקוואַריום. קאַנט'ס „מאָראַליש געזעץ אינע־ווייניג! וואָס קען אויפגעלייזט ווערען דורך א כאָלערע־באַציל, א טשיקאַווע בלאָע נעץ אונטער'ן מיקראָסקאָפּ, נישט אומענליך צו א מאַפּע פון וועגעדיג. יא, דאָס קאָסמישע און דאָס קאָמישע זיינען איינס. פּאַרוואָס זיך לאָזען איבערשרעקען פון דער שפּינאָזיסטישער מורא? אפשר היינע — אָט דער אַנדערער איד — האָט אמת'ער געזען, און דעם מענשענ'ס לעצטע וואָרט איבער דער וועלט און וועל־כער מען האָט אים ארייגעוואָרפען אומגעפּרעגטערהייט, קען זיין א חוזק איבער דעם וואס האָט פון אים חוזק געמאַכט, א געלעכטער מיט טרערען דערין.

און ער, ער האָט פּאָראויסגעזען די צוקונפט פון אַלע ראסען, אזוי גוט ווי פון זיין אייגענער. זיי וועלען אַלע כסדר קעמפען, ביז זיי וועלען ווערען זעלבסט־באַוואוסט. דאַמאלס, אזוי ווי קינ־דער וואס וואַקסען אויף אין מענשען, ווען די הייטלעך וועלען אראָפּ־פאַלען פון זייערע אויגען, וועלען זיי זיך פּלוצלונג פרעגען וועגען וואס דאָ האָט זיך געהאַנדעלט, און באַגרייפענדיג אז זיי זיינען אויך געוועזן געטריבען פון בלינדע קרעפטען צו אַרבייטען און צו קעמפען און צו שטאַרבען, וועלען זיי אויך פאַרגיין. די גראָבע קינדישע ראסען וועלען זיי פאַרשלינגען, ווייל די נאַטור וועט אויס־גיסען נייע ענערגיעס פון איר אומאויסשעפּליכען קוואַל. ווייל קראַפט איז דאָ אין די אומבאַוואוסטזיניגע, און ווען א פאָלק האָט זיך אָפּגעשטעלט זיך אַליין צו פרעגען צי עס האָט א רעכט אויף קעניגרייך, איז שוין זיין קעניגרייך פאַרגאַנגען. דער אַלטער ארץ

ישראל׳ער איד וואס האָט מקריב געווען זיי שעפעלע צו גאָט, וואס פאר א פיגור פון גראַניט ער איז אין פארגלייך מיט אים, אומענד־ליך פיין און באוועגליך! א יאָרהונדערט אדער צוויי וועט די היינ־טיגע וועלט זיין גליקליך צו זען זיך אָפגעשפיגעלט אין ליטעראַטור און קונסט דורך אירע דעקאַדענטישע גייסטער, אין זייער מיטוויר־ברירען מיט דעם פּאַטאָס און בילדליכקייט פון אַלע צייטען פון דעם מענשען׳ס מיסטעריעזער עקזיסטענץ אויף אָט דעם אויסטערלישען פּלאַנעטעל. אין דער צייט וואָס די אַלטע ערד־צענטערישע עטיק, וואס וועט זיך מאָדנע ווייטער האלטען אָן דער געענדערטער וועלט־באשאפונג, וועט האלטען דאָס לעבען ריין. אָבער דאָס אַלץ וועט אָפּגעווישט ווערען — און דערנאָך דער מבול!

עס האָט אַ בלאָז געטאָן מיט פריילינכער מוזיק פון דרויסען. ער איז אויפגעשטאַנען און איז שטיל צוגעגאנגען צום פענסטער און האָט ארויסגעקוקט אין דער נאַכט אריין. א פולע לבנה האָט געהאנגען אין הימעל, פון אויבען אראָפּ און נידעריג, אזוי אז זי האָט אויסגעזען א זאך פון דער ערד אין פארגלייך מיט די שטע־רען וואס זיינען געווען צעוואָרפען אויבען, גלאָריע הינטער גלאָריע, און אין דער לייכטענדיגער איטאַליענישער אטמאָספערע האָבען זיי אים געמאַכט פילען זיך ווי ער וואָלט געווען פון זייער פינקעלדיגער געזעלשאַפט, דרייענדיג זיך דורך דער אומענדליכער פוסטקייט אויף איינער פון די אומציילינגע וועלטען. א ברייטער זילבער גרינער פּאַס לבנה־ליכט איז געלעגען אויפ׳ן טונקעלען וואסער, און איז אויסגע־שווינדען אין אַ שנירעל טאַנצענדיגע גאָלדשטיקלעך. אראָפּ דעם קאַנאַל זיינען די שווארצע גאָנדאָלעס געלעגען ארום אַ באַרקע וואָס איז געווען באַלויכטען מיט לוסטיג־קאָלירטע לאָמטערנעס, פון וואַנען די מוזיק איז געקומען. פוניקולי, פוניקולא — עס האָט אזוי ווי געטאַנצט מיט דעם סאַמע גייסט פון פריילינקייט. ער האָט געזען אַ יונג פּאָרל זיך האַלטען ביי די הענט. ער האָט גע־וואוסט אז זיי זיינען ענגלענדער, דאָס מאָדנע, גליקליכע, פעסטע, זיגערישע פאָלק. עפּעס האָט אין אים געציטערט. ער האָט גע־טראַכט פון חתנים, יוגענט, קראַפט. אָבער עס איז געווען אזוי ווי דער פוסטער ווידערקלאַנג פון אַ ווייטען באדויער, עפּעס אָן אומ־קלאָרער זונאויפגאַנג פון גאָלד איבער בערג פון חלום. דאַמאַלס

האָט אַ שיינע טענאָרשטים אָנגעהויבען זינגען שובערט'ס סערענאַ־דע. עס איז געווען אַזוי ווי די שטים פון האָפענונגסלאָזער ליידענ־שאַפט אליין. דער באַגער פון אַ מילב נאָך אַ שטערן, פונ'ם מענש נאָך גאָט. טויט, טויט, פאַר יעדען פרייז, טויט צו ענדיגען דאָס לאַנגע שוידערליכע ארומקריכען איבער די הינטערוועגען פון לע־בען. לעבען אפילו אויף איין רגע לענגער, לעבען אָן גאָט, האָט אויסגעוויזען אומערטרעגליך. ער וועט געפינען רו אויפ'ן בוזעם פון אָט יענעם שוואַרצען וואַסער. ער וועט איצט שטיל אַראָפּ אונטען, וועט קיין וואָרט נישט אויסרייידען.

ואתא מלאך המות ושחט לשוחט דשחט לתורא דשתה למיא דכבה לנורא דשרף לחוטרא דהכה לכלבא דנשך לשונרא דאכלה לגדיא דזבין אבא בתרי זוזי, חד גדיא, חד גדיא!

ווען מען זאָל אים געפינען צופעליג דערטרונקען, ווי וואָלט עס די וועלט געקאָנט פאַרשטיין, די וועלט וואָס איז נאָך קיינ־מאָל נישט געווען הינטערשטעליג אים צו משפט'ן אַז אַ מענטש מיט יוגענט, געזונט, רייכקייט, און אַ געוויסער מאָס באַרימט־קייט זאָל זיך נעמען דאָס לעבען. וואָלטען אפשר די זייניגע גע־טראַכט אַז אַ גייסט איז עס געזעסען ביי סדר אַזוי שטיל און שוויי־גענדיג. און באמת וואָס, אַ חוץ אַ גייסט? מען דאַרף נישט שטאַרבען כדי ארומצושוועבען אינדרויסען פון דעם וואַרעמען קרייז פון לעבען, אויסצושטרעקען פוסטע אָרעמס. אַ גייסט? ער איז אַלעמאָל געווען אַ גייסט. פון קינדהייט אָן זיינען אָט די מאָדנע פעסטע מענשען געקומען און געגאַנגען און האָבען גערעדט מיט אים, און ער איז אומגעגאַנגען צווישען זיי, אַן אומרעאַלער גייסט, וועלכען זיי האָבען צוגעשריבען פלייש און בלוט מאַטיווען אַזוי ווי זייערע אייגענע. אלס קינד האָט אים טויט אויסגעוויזען שרעקליך. רויטע ווערים קריכענדיג איבער ווייס פלייש. איצט האָבען זיך זיינע געדאַנקען אַלעמאָל אָפּגעשטעלט ביי דעם גליקליכען מאָמענט פון אויפגעבען דעם גייסט. נאָך לעבענס נאָכ'ן קבר? אָ, די וועלט איז נישט גרוים גענוג פאַר איין לעבען. עס מוז זיך כסדר איבער־חזר'ן. ביכער, צייטונגען, וואָס פאַר אַ לאַנגווייליגקייט! עטליכע געדאַנקען וואָס זיינען געשיקט צוזאַמענגעשטעלט. ווייל עס איז נישטאָ קיין שום נייס אונטער דער זון. דאָס לעבען אַזוי ווי אַ

מעשה דערציילט פון א אידיאָט, פול מיט קלאַנג און ווילדקייט, און עס מיינט גאָרנישט. שעקספיר האָט געפונען דעם העכסטען אויסדרוק דערפאַר ווי פאַר אַלץ וואָס איז דאָ דערין.

ער האָט זיך שטיל אַרויסגעגנב'עט דורך דער האלב־אָפענער טיר, איז דורכגעגאַנגען דאָס ריזיגע פּאָדערצימער, פול מיט טעפּי־כער און פיגורען פון אַלטע ווענעציאַנער אין פּאַנצערס, אראָפּ די ברייטע טרעפּ, אַרויס אויפ'ן גרויסען הויף וואָס האָט אויסגעזען מאָדנע און קבר'דיג ווען ער האָט אָנגעריבען א שוועבעלע צו גע־פינען דאָס טירעל צום וואַסער, און האָט דערזען זיין שאָטען וואָס האָט זיך אויסטערליש נעדרייט איבער דעם געקאַרבטען דאַך, און האָט קרום געקוקט אויף דער פרייער פינסטערניש. ער האָט שטיל געעפענט די גרויסע טירען, און איז אַרויסגעקומען אין דער פיינער פרילינגס־נאַכט־לופט. אַלץ איז איצט שטיל געווען. דער שמאָ־לער זייטען־קאַנאַל האָט געהאַט א שימער פון לבנה־ליכט, דער פּאַ־לאַץ אַנטקעגען איז געווען שוואַרץ, מיט איין פלעק פון ליכט וואו א פענסטער האָט געשיינט: איבער'ן קאָפּ אין דעם שמאָלען פּאַס טונקעל בלאָען הימעל איז געפלויגען א סטאַיע שטערען ווי ליכטיגע פייגעל דורך דער פיינער סאַמעטענער פינסטערניש. דאָס וואַסער האָט טרויעריג געפּלעסקעט אָן די מאַרמאָרנע טרעפּ, און א גאָנדאָלע איז געלעגען געאַנקערט צו די סלופּעס, און האָט צערטליך צוגע־שאָקעלט צו איר שוואַרצען שאָטען אויפ'ן וואַסער.

ער איז צוגעגאַנגען דאָרט וואו דאָס וואַסער־געסעל האָט באַגע־געגנט דעם טיפערען גראַנד קאַנאַל, און האָט זיך אַראָפּגעגליטשט מיט א שטילען איינגעהאַלטענעם פליוך. ער האָט זיך אַרומגעזען אַז ער קעמפט, אָבער ער האָט באַזיגט דעם אינסטינקטיווען ווילען צו לעבען.

נאָר ווי ער איז געזונקען צום לעצטען מאָל, האָט זיך די מיס־טעריע פון דער נאַכט און די שטערען און טויט געמישט מיט א מאָדנעם ווירבעל פון קינדישע זכרונות וואָס האָבען אינסטינקטיוו געטראָגען דעם וואונדער פון לעבען, און די אומפאַרגעסליכע לשון קודש'דיגע ווערטער פון דעם שטאַרבענדיגען אידען האָבען זיך אַרויסגעשלאָגען פון זיין כאָרכלענדיגען האַלז: „שמע ישראל יהוה אלהינו יהוה אחד".

פון דער אָפענער טיר האָבען אראָפּגעפלאָסען די לעצטע ווער־טער פונ׳ם ליד און פונ׳ם סדר:

ואתא הקדוש ברוך הוא ושחט למלאך המות דשחט לשוחט דשחט לתורה דשתה למיא דכבא לנורא דשרף לחוטרא דהכה לכלבא דנשך לשונרא דאכלה לגדיא דזבין אבא בתרי זוזי, חד גדיא, חד גדיא!

### עפּילאָג

# אַ הײנטיגער סופר אין ירושלים

## I

אינדרויסען פאַר די װענט פון ירושלים, אויפ׳ן װיסטען נישט־געפּלאַסטערטען װעג צום הר הזתים, אין אַנבליק פון די דאַמען און מינאַרעטען פון דער הייליגער שטאָט, און קוקענדיג צו אַמאַר׳ם מאָשע חוצפה׳דיג פינקלענדיג אויפ׳ן אָרט פון שלמה׳ס בית־המקדש — ליגט צווישען די שווארצע, נאַקעטע פעלזען אַ קאָלאָניע פון אַראַבישע אידען פון תימן.

אָט די כמעט הייל־איינוואוינערס, שמוציגע געשטאַלטען אין קאַפּטאַנעס, מיט פאַרשוואַרצטע פנים׳ער, קויל־שוואַרצע פאות, און הונגעריגע אויגען, האָבען זייער איינציגען עפענטליכען אוצר אַ שול, וואָס באַשטייט פון אַ קליין צימערל, מיט בלויז אַן ארון קודש, און אפילו אָן בענקלאַך.

אין דעם צימערל איז אַ הײנטיגער סופר, דער אָרעמסטער אין ישראל, אָבער באַשאָנקען מיט זעאונג, געשטאַנען און געבלע־טערט די עטליכע אַלטע ספרים וואָס זיינען אַרומגעלעגען, אַן אויס־טערליש אַרויסשליידעריץ פון די גרויסע וועלט־שטראָמען וואָס האָ־בען געטריבען ישראל׳ן אַהין און אַהער. און צו אים בשעת ער איז געשטאַנען אָנגעבויגען איבער דעם זוהר, — דאָס גרויסע קבלה־ספר פון דרייצענטען יאָרהונדערט, וואָס אַ איד פון שפּאַניע האָט אויסגעשמידט אין כאַלדייאיש, וואָס האָט אויסגעפּלאַסטערט דעם וועג פאַר דעם טערקישען משיח — האָט מען געבראַכט אַ קליין קינד.

אַ קליין אינגעלע אין זיין פאָטער׳ס אָרעמס, אַ בילד פון אים אין מיניאַטור, מיט אַ מיניאַטורען שמוציגען קאַפּטאַן און מיניי־טורע קויל־שוואַרצע פאה׳לאך הינטער זיין קליין שוואַרץ קאַפּעלע.

א מענשליכע קוריאָזיטעט געבראכט צו פאראינטערעסירען דעם פרעמדען און צו פארגרעסערען זיין באקשיש.

ווייל זע! דאָס אינגעלע האָט געהאט זעקס פינגער אויף זיין רעכטער האנט! דאָס אינגעלע האָט עס געהאלטען א פאר־שעמטער אין א פויסטעל, נאָר דער פאָטער האָט מיט כח צונומען די פינגער צו באווייזען זיי.

און דאָס קינד האָט דערהויבען זיין קול און זיך ביטער צע־וויינט.

און אזוי, אָפטמאָל אין שפּעטערע טעג ווען דער סופר האָט געטראכט פון ירושלים, איז עס נישט געוועזען דאָס וואָס מען האָט אים געזאָגט אז ער וועט טראכטען. נישט פון נביאים און מלאכים און קרייץ־ציערס — נאָר פון דעם געוויין פון דעם זעקס־פינגער־דיגען אידישען קינד, וואָס די גרויסע כוואַליעס פון דער מענשלי־כער געשיכטע האָבען ארויסגעשווענקט אויף די שווארצע פעלזען כמעט צופוסענס פון דעם הר הזתים.

II

ירושלים — דער צענטער פון פילגרימען פון דריי גרויסע רעליגיעס — די אומהייליגסטע שטאָט אונטער דער זון!

„כי מציון תצא תורה ודבר יהוה מירושלים". באמת ארוים־נעגאנגען, האָט דער סופר געטראכט, איבערלאָזענדיג אין ירושלים אליין בלויז די שווינבלענדיגע סעקטעס ארום דעם קערפּער פון רעליגיע.

נישט קיין נביא'ישער צענטער, דאָס ציון, אפילו פאר ישראל. בלויז די אָפּגעשטאַנענע, אלצאייניגע טעטיגקייט פון רבנים וואָס לייגען אריין אין חרם, און דאָס פארשפּרייטען ווי אזוי עס גלוסט זיך די פאראליזירענדיגע חלוקה, וואָס לאָזט א שוידערליכע פיל־פארשפרייטע אָרעמקייט גוסס'ענדיג אין די משופע'דיגע פארשמור־ציגטע געסלעך. דאָס קוים באוועגען זיך פון נייעם לעבען, דער שוואכער באגער פון דעם יונגען ישראל זיך גלייך אויפצולעבען אויף דער ארץ ישראל'ער ערד, דער הויכער פאטריאָטיזם פון אי־מיגראנטען טרוימערס וואָס זיינען נאָך נישט בכח בייצוקומען דעם לאנגען לעטארגישען שלאָף פון הייליגען לערנען און פון תפילות

אויף רעגען. אַ שטאָט וואוהין מענשען פאָרען שטאַרבען, אָבער נישט צו לעבען.

אַ פאַרשאָלטענע שטאָט, פאַרפעסטעט מיט גלחים און פאַרבעטלערט מיט קאַליקעס וואָס שלעפּען זיך אַרום איבער אירע טעמפּלען און קרעציגע וואָס גראָבען זיך איין ביי די טויערען פון ציון. אָבער אַ שטאָט וואָס איז אומענדליך פּאַטעטיש, אומענדליך ראָמאַנטיש מיט דעם אַלעם, אַ צענטער דורך וועלכען עס גייען דורך אַלע גרויסע פעדים פון דער געשיכטע, אַלטער און מיטעלאַלטערליכער, און וועלכע ציטערט איצטער ענדליך מיט דעם טעלעגראַפישען פאָדעם פון דער הייניגער, וועלכער איז אָבער דערפאַר נאָך מער אָנגעלאָדען מיט דעם פּאַטאָס פון דער פאַרגאַנגענהייט און מיט די טרערען פון אַלעם. אַ סימבאָל נישט נאָר פון דער טראַגעדיע פון קריסטוס'ן, נאָר פון דער טראַגעדיע פון זיין פאָלק, ניין, פון דער גרויסער וועלט־טראַגעדיע.

III

ערב פסח, איז דער סופר אָנגעקומען אינדרויסען הינטער דעם פאַרביג־געקליידטען, באַשטריימעלטען עולם וואָס האָט זיך געטרייסעלט אין אַ ליידענשאַפטליכער געיאָמעריי פאַר דעם ריזיגען איבערבלייבאכץ פון דער כותל מערבי, וואָס איז דאָס אייניציגע הייליגע איבערבלייבעניש פון ישראל'ס פאָלקס־גרויסקייט. רעוועוודיגע כוואַליעס פון היסטערישער תפילה שלאָגען זיך אָן אָן די ריזיגע, סימעטרישע שטיינער, וואָס שלמה המלך'ס משרתים האָבען אויסגעהאַקט און די קושען פון דורות האָבען אויסגעגלעט. אַ פאָטערלאַנד פאַרלוירען מיט אכצעהנהונדערט יאָר צוריק, און דאָך האָט נאָך אַליץ דאָס מאָדנע אומבאַזיגבאַרע פאָלק ווייטער געהאָפט!

„אייל דיך, אייל דיך, אויסלייזער פון ציון".

און פון צווישען די קלאָגערס, האָט איין הויכע, מאַיעסטעטישע געשטאַלט, געקליידט אין פורפור סאַמעט, געווענדט דאָס פנים צום סופר און געזאָגט, מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט און מיט אַ קול פון אומאויסזאָגליכער ליבשאַפט —

„שלום עליכם".

און דער סופר האָט אויפגעשווידערט, ווייל זע! דאָס איז געווע־
זען קריסטוס׳עס פנים.

VI

האָט ער עס ארומגעוואנדערט ארום דער כותל מערבי, און גע־
טיילט מיט זיינע ברידער זייער פיין? ווייל אין דער קירך פונ׳ם
הייליגען קבר האָט אים דער סופר נישט געפונען.

V

דער סופר האָט זיך אריינגעשמוגעלט האלב־פארשטעלט: ווייל קיין
איד איז נישט דערלויבט געווען אריינצוקומען אין הויף אדער אין
דער אומגעבונג פון דעם הייליגען אָרט. זיין ערשטער אָפענער
פרואוו איז צושטערט געווארען דורך די טערקישע סאָלדאטען וואָס
האָבען באוואכט דעם שמאָלען צוגאנג צום הויף. „ריה! עמשי!״
האָבען זיי ווילד געשריען, און ווען דער סופר האָט זיך אן אומבא־
קימערטער נישט געוואָלט אומדרייען האָבען זיי אים מיט כח פאר־
יאָגט. דאָס איז אַ פארשטעלט ברכה, האָבען אים זיינע פריינט
געזאָגט, ווייל ווען די פאנאטיקער פון דער גריכישער קירך וואָלטען
זיך דערוואוסט פון אים, וואָלט ער נאָך אומגעקומען אין אַ מיניא־
טורען הייליגען קריג. און ווען ער האָט זיך דורכגעקעמפט זיין וועג
דורך דער מאסע צו געפינען שוץ אונטער אַ באַלקאָן, האָט ער
ווירקליך געפילט אַז איין פאסקודנער לויף וואָלט גענוג געווען אים
צו דערדריקען.

IV

אין דער קבר׳דיגער ווייררויך־באַלאָדענער האלב־פינסטערקייט
פון דער זעלטזאמער קירך, אין דעם רעליגיעזען חושך באפינטעלט
דורך דעם דורכדרינגליכען פינקלען פון אַ טויזענט הענגענדיגע זיל־
בערנע לאָמפען, איז געווען צונויפגעדריקט און אויסגעמישט אַ שטי־
קענדיגע מאסע פון פאַלמען־טראָגענדיגער מענשהייט פון אַלע פעל־
קער און ראסען, די רייך־געקליידטע און די אין שמאטעס, די גע־
זונטע און די קראנקע. די רעגענבויגען־פארבען פונ׳ם מזרח דער־
לייכטערט פון דער ווייסקייט פון די ווייס־געקליידטע פרויען, איינ־
געשטילט דורך דער פינסטערער אָפגעריסענקייט פון די רוסישע מו־

זשיקעם און פּויערטעם, און דורכגעשפּיזט דורך אַ לעבעדיגער קיי־לעכדיגער ליניע פון רויטע טורבאַנעם אויף די אומאַנטבלויזטע, אומ־היילִיגע קעפּ פונ'ם טערקישען רעגימענט וואָס האָט געהאַלטען אָרד־נונג צווישען די דריקענדיגע אייפערזוכטען פונ'ם קריסטענטום, וואָס זיינע קאָנקורירענדיגע קירכען שוויבלען אַרום דער מאָדנער, פינקלענדיגער, מיט ליכט־באַלויכטענער ראָטונדע וואָס פאַרדעקט קריסטוס'עם קבר. נישטאָ אין ערגעץ קיין איינציגער צאָל פון פּרייען אָרט אונטער דעם שאָטען פון גאָלגאָטאַ: אָן אייביג שווינ־גען אָהין און אָהער פון מענשליכע כוואַליעס, וואָס קאָכט מיט זיפ־צען און מיט קריגערייען. וואָס פליסט אַריין אין דעם פּלאַנלאָזען פּלאָנטער פון קאַפּעלן און קירכען פון אַלע צייטען און אַרכיטעק־טורען, וואָס זיינען געשטאַנען אויף פעלזען אָדער אויסגעהאַקט אין זייער שימעלדיגער פינסטערניש, הערליך מיט קירכען־אוצרות נישט אויסצודערציילען, אַרמענישע, סירישע, קאָפּטישע, לאַטיינישע, גרי־כישע, אַביסינישע — און דער אָפּקלאַנג פון זייערע ספּעציעלע היילִיגקייטען און די באַדריקונג פון זייערע פערזענליכע האַרליכ־קייטען פון קלייד און צערעמאָניע צו דער אָנגעלאָדענער אַטמאָס־פערע וואָס האָט געציטערט מיט באַגייסטערונג און תפילה און מיסטישער גלאָקען־קלינגעריי. פאַרשפּרייטענדיג די זיבענאונדרייסיג היילִיגע ערטער, און אַריינרינענדיג אין די היילִיגסטע פון היילִיג־קייטען אַליין, צו יענעם אומדורכדרינגליכען מירמעלשטיין, דעם ציעל פון דער וועלט'ס באַגער אין דעם פלאַם פון די אייביג ברע־נענדיגע לאָמפּען. און איבערפליסענדיג אין דעם שרייענדיגען הויף אַריין, צווישען די פלאַכשטיין בענק פון קאַפּעלען און צלמים און געשניצטע שאָלען, און דעם רויבגיריגען פעבל פון קאַליקעס און הענדלערס.

און צווישען דער וואַנזיניגער דריקעניש און קריגעניש, איז מיט אַ נס געמאַכט געוואָרען אַ וועג פאַר אַ גלענצענדער פּראָצעסיע פון דער איינציגער אָרטאָדאָקסישער קירך, וואָס האָט זיך מאַיעס־טעטיש באַוועגט אַרום און אַרום, צום זיסען קלאַנג פון אומגעזע־הענע זינגער־אינגלעך און פּאַראַוים פון אַ געטראָגענעם איילבירט־בוים. זיבעציג גלחים אין באַבלומטען דאַמאַסק, טראָגענדיג פּאַלמעס אָדער שווינגענדיג ווייררויך, אינגלעך אין גרין, טראָגענדיג זיידענע

פאָנען, רייך באַהאָפטען מיט הייליגע סצענעס, ארכימאנדריטען באַגלייט פון דיאַקאָנעס, און טראָגענדיג סימבאָלישע טריניטארישע לייכטערס, בישאָפען מיט זייערע הייליגע קאַסקעס, און צום לעצ־טען און הערליכסטען פון אַלע, דער פּאַטריאַרך מיט'ן סצעפּטער וואָס בויגט זיך צו דער קליינינקער קאָפּטישער קירך אין ווינקעל, ווען זיינע גלחים דרייען און שווינגען זייער ווייראוך אהין — דער גאַנצער אויסגעפּיינטער באַדימענטער ריטואל וואָס עם האָבען אויסגעארבייט די פרעמדע פעלקער פון דעם פּשוט'ען לעבען און לערע פון ישו פון נצרת.

„אָ, יעזוס, ברודער אין ישראל, אפשר נאָר די וואָס זיינען אויסגעשלאָסען פון אָט דער הייליגקייט דיינער קענען דיך פאַר־שטיין!”

VII

אזוי האָט געטראַכט דער סופר, ווען ער האָט פון דער פאַר־העלטניסמעסיגער זיכערקייט פון אן אויבערשטען מאָנאסטיר וואו קיין אידישער פוס האָט קיינמאָל נישט געטראָטען, אראָפּגעקוקט אויף דער גלינעדיגער, בוואַליענדיגער מאסע. דאָס ריכטיגע געפיל איז צו אים נישט געקומען. ער איז געווען אויפגערעגט. דער געדאַנק פון אריינגיין אין אזא היסטאָרישער און אידישער הייליג־קייט בלויז אויף דער געפאַר פון זיין לעבען, האָט אים דערמאָנט די לאַנגע אומטאָלעראַנץ פון דעם מיטעלאלטערליכען קריסטענטום, די פינסטערע צייטען פון די געטאָס. זיין פאַנטאַזיע האָט אים אויפגע'כשופ'ט א איראָנישע זעאונג פון זיך אליין אלס דאָס שפּיל פון אָט דער קאָכענדיגער מאסע, ער האָט געזען ווי ער זוכט א לעצטען אָפּדאַך אין דעם הייליגען געצעלט, און ווי ער פאַלט טויט איבער דעם הייליגען קבר. און דאַן די פאַרשטיקטע לופט אָנגעפּילט מיט די אַלע אָטעמס און ליכט און ווייראוך, די ברי־ליאַנטענע פּראָצעסיע וואָס האָט אויפגעפּלאַטערט אין דער שטאָט פון גויט און הונגער, די מיליטערישע רייע פאַרעכטליכע מוסול־מאַנער וואָס האָבען פאַרפּלאָנטערט די געגענזייטיגע פאַראַכטונג פון די קריסטליכע סעקטעס, וואָס האָבען אים דערמאָנט אָן דער פליכט אויף דעם נייעם אידישען שטאָט, אויב ער זאָל אמאָל קומען, אָפּצו־היטען אָט די הייליגע מערקווירדיגקייטען. די גראָטעסקע סתירה

פֿון דעם אַלעם אַרום דעם קבר פֿון דעם פּרינץ פֿון פּרידען, דאָס קבר אַליין פֿון צווייפֿעלהאַפֿטער באַשטימטקייט, שוין נישט צו רעדען פֿון די זעקסאונדרייסיג פּאַראַזיטישע הייליגקייטען! ...

ער האָט געטראַכט פֿון דער נאָך מער טומעלדיגער סצענע וואָס דאַרף זיך ערשט דאָ אָפּשפּילען אין דעם טאָג פֿון דעם גריכישען פייער: ווען אין דער שרעקליכער פינסטערניש פֿון אויסגעלאָשענע לאָמפּען, ווען פֿון א שפּאַלט אין דעם הייליגען געצעלט וואו דער פּאַטריאַרך האָט אין איינזאַמקייט און פינסטערניש תּפֿילה געטאָן, אַרויסשיסען אַ צונג פֿון הימלישען פֿלאַם, גאָט׳ס יעדליכער באַוויז אויף דער איינציגער ריכטיגקייט פֿון דער גריכישער קירך, און די אָרימע וואַנדערער מיט די געשוואָלענע פיס, ווילד פֿון עקסטאַז, וועלען שפּרינגען איינער איבער דעם אַנדערען אָנצוצינדען זייערע ליכט און שטורקאַצען אָן דעם, און אַ שיף וואָס שטייט איצט געאַנקערט וועט זיך איילען מיט איר פּראַכט פֿון הייליגען פֿלאַם אָנצוצינדען די קירכען־לאָמפּען פֿון הייליגען רוסלאַנד.

און דערנאָך האָט זיך פֿאַר אים פֿאַרבייגעטראָגען די לאַנגע היסטאָרישע טראַגי־קאָמעדיע פֿון קריגערישע סעקטעס, די גריכישע קירך באַטראַכטענדיג די רוימישע אַלס פֿאַרבלאָנדזשעטע אין די סאַקראַמענטען פֿון באַפּטיזם און דעם האַר׳ס מאָלצייט. אייניג מיט דער פּראָטעסטאַנטישער בלויז אין נישט בעטען צו דער יונג־פֿרוי. און יעדעס נייע שלעכטע אויסטייטשען פֿון מענשליכע טעקסטען איז גענוג געוועז אָנצוהויבען אַ נייע אפיקורסות.

## VIII

ער האָט געהאַסט פּאַלעסטינע: דעם ירדן, דעם הר הזתים, די הייליגע באַזאַרען, די געאָגראַפישע הייליגקייט פֿון טעמפּלען און ערדען, די לאַנגע מאַטערניש פֿון נביא׳ישע טעקסטען און אַפּאָקאַ־ליפּטישע אויסטייטשונגען, די אַלע פֿרומע פּרעפּלערייען פֿון דעם נאַר און דעם פיליסטער. ער וואָלט פֿאַרבאָטען די ביבעל אויף אַ יאָהרהונדערט אָדער צוויי, ביז די מענשהייט זאָל זי קענען לייענען מיט אַ פרישען בליק און מיט אמת׳ען געווין. ער האָט באַגערט הלואי וואָלט קריסטוס געקרייציגט די אידען און וואָלט נידערגע־שלאָגען דעם פּלאַן פֿאַר דער וועלט׳ס דערלייזונג. אַ, גליקליכער

קריסטוס, וואס איז געשטאָרבען איידער ער האָט געזען די קרייצ־צוגען אָדער די אינקוויזיציע!

IX

די אויפרעגונג איז אריבער אין אן אומענדליכען רחמנות פאר דער מענשהייט, וואָס איז געקרייציגט אויפ'ן קרייץ וואָס זיינע גלידער זענען צייט און רוים. אָט די אָרימע רוסישע וואנדערער וואָס גייען מיט געשוואָלענע פיס איבער די גרויסע געפרוירענע פעלדער, געצויגען דורך אָט דעם מיראזש פון געבענטשטקייט, שלאָפענדיג אויף די וועגען, און טיילמאָל שוין נישט אויפשטייענדיג! אָרימע מענשהייט, ווי אַ בלינדער אָריענטאַלישער בעטלער אויפ'ן פארלאָזטען וועג שרייט באַקשיש צו אַ ליידיגען הימעל, וואָס פון זיין הוילען און ליידיגען רוים פליסט אראָפּ דאָס איינציגע וואָרט: מאפיש — „עס איז גאָר נישטאָ". לאָמיר וויינינגסטענס קענען פארדעקען דאָס אָרימסטע לעבען מיט יענער מענשליכער ליבע און רחמנות וואָס איז גאָט'ס פארטרעטער אויף דער ערד, און עס צערטליך איבערגעבען אין דעם אומבאַוואוסטען.

X

נאָר אזוי ווי דאָס קריסטענטום האָט שוין צוגעדעקט אָט די אָרימע לעבענס מיט ליבע און רחמנות, טאָ זאָלען זיי לעבען אין דער שיינער אילוזיע, אזוי לאַנג ווי די מיאוס'ע פאקטען ברעכען זיך נישט דורך. וואָס מאכט עס אוים אויב די אַלע זעאונגען זענען אמת צי פאלש — די גלויבענדיגע נשמה האָט זי אמת גע־מאכט. אַלע די שטיינער זענען הייליג, ווען אפילו בלויז מיט די טרערען פון דורות. דאָס גריכישע פייער מעג זיך זיין אַ שאַנד־לאָזער שווינדעל, אָבער דער אמת'ער הימלישער פלאַם איז געווען דער גלויבען אין דעם. די קריסטוס געשיכטע מעג זיך זיין פאלש, אָבער זי האָט אידעאַליזירט די אורשפּרינגליכע זאכען — ליבע, רחמנות, זעלבסט־אָפּפערונג, ריינקייט, מוטערשאַפט. און אויב אַ וואָסער עס איז געטליכע קראַפט ארבייט דורך דער געשיכטע דאַן מוזען אַלע גרויסע אַלגעמיינע אילוזיעס פון דער מענשהייט

אויך זיין געטליך. און אין א וועלט — וואָס איז אַליין אַן אילוזיע — וואָס פאר אַן אמת׳ען קענען זיין א חוץ די אַמת׳ען וואָס אר־בייטען, באגרינדעט דורך א נאטירליכען אויסוואַל אין דער גייס־טיגער וועלט, פארשידען פאר פארשידענע ראסען, און וואָס האַל־טען זיך אויף דורך צופאסען זיך צו די געענדערטע נויטען פונ׳ם גייסט?

## XI

אבסאָלוטער רעליגיעזער אמת? ווי קען דען זיין אזא זאך? עס איז פונקט ווי מען זאָל זאָגען אז דייטש איז אמת׳ער פון פראנצויזיש, אָדער אז גריכיש איז ענדגילטיגער פון אראביש. זיין רעליגיע ווי זיין שפראך איז געווען דער וועג ווי די טיפסטע אינ־סטינקטען פון א פאָלק האָבען געפונען אויסדרוק, און פונקט ווי א שפראך איז רעליגיע געווען טויט ווען זי האָט זיך אויפגעהערט צו ענדערען. יעדע רעליגיע האָט געגעבען דער מענשליכער נשמה עפּעס גרויס צו ליבען, מיט וואס צו לעבען, און פארוואָס צו שטארבען. און דער וואָס האָט געלעבט אין א פריידיגער אונטערטעטיגקייט צו עפּעס א גרויסקייט וואס איז אינדרויסען פון אים אליין האָט געהאט רעליגיע, כאָטש די וועלט האָט אים גערופען אטעאיסט. די פיינסטע נשמות האָבען צו לייכט אויפגעגעבען די בעסטע ווערטער צו די דומסטע מענשען.

די צייט איז געקומען פאר א נייעם רעליגיעזען אויסדרוק, א נייע שפראך פאר די אַלטע אייביגע געפילען, אין טערמינען פון דעם היינטיגען קאָסמאָס. א רעליגיע וואָס זאָל נישט ווידערשפּרעכען קיין פאקט און נישט אָהאַלטען קיין נאָכפרעגען. אזוי אז קינדער זאָלען ווידער אויפוואקסען אָן א שטערענדיגער שיידונג פון זייערע עלטערען און זייער פארגאנגענהייט, אָן אַן איבעררייס אין די זיסע הייליג־קייטען פון קינדהייט, וואָס טראָגען אריבער צו די אַלטע יאָרען עפּעס פון דער פרישקייט פון די ערשטע געפילען, און זענען א קוואַל פון טרערען אין דער וויסטעניש פון לעבען.

דער אייביג לעבענדיגער, פינסטער ארבייטענדיגער אידישער גייסט פון ליבע און שטרעבונג צו גערעכטיגקייט, דער הייליגער גייסט וואָס האָט באגייסטערט אידענטום און קריסטענטום, און האָט

אויך אזוי באוויגען דעם מאכמעדאניזם און דעם פּראָטעסטאַנטיזם, מוז זיך איצטער צואיילען און ארויסברענגען די נייע לערע, וואָס ליגט נאָך טויט און פרעמד, אינדרויסען פון דער מענשהייט.

XII

אויב עוואָלוציע איז אן אמת, וואָס פאר א מיסטישע קראַפט ארבייט אין לעבען! פון דעם טייוועלספיש וואָס גנב'ט זיך אונטער צו זיין רויב ביז דעם קריסט וואָס ליגט אוועק זיין לעבען פאר זיין חבר, און זאָגט זיך אָפּ פון דער באלוינונג פון דעם שטארקערען. פון דעם הארצקלאפּענדיגען זעקעל — וואָס איז אינגאנצען מאָגען — פון עמבריאָנישען לעבען ביז דעם פּאָעט, דעם מוזיקער, דעם גרויסען דענקער. די טירישקייט פון דער דורכשניטליכער מענשהייט האָט גיכער געטריבען צו האָפענונג ווי צו פארצווייפלונג, ווען מען האָט אין זינען געהאט פון וואָס דאָס האָט זיך אנטוויקעלט. דער מענש אין אָט דעם ארבייטענדיגען קאָסמאָס דאַרף זיך פאראייניגען מיט דעם שטראָם וואָס ווירקט צו גוטסקייט און שיינקייט.

XIII

איז געקומען צו אים א ליד פון דעם אמת'דיגען גאָט, וואָס זיין נאָמען איז איינס מיט דער פארגאנגענהייט, געגענווארט און צוקונפט.

## י ה ו ה

איך זינג דעם אויפשוואונג און די דערהויבונג,
איך זינג די בענקשאפט צו דער זון,
און דעם בלינדען ים וואָס הויבט ווייסע הענט פון תפילה.
איך זינג דעם ווילדען קאמפסרוף פון קריגערס און דאָס
זיסע מורמלען פון פארליבטע,
דאָס טויטע ווארט פון היימישען פייער און פון מזבח,
שטרעבונג, באגייסטערונג, פארגיטיגונג,
גאָט!

דאָס שפיל פון שיינקייט הינטער די טריבע שטעט,
די אייביגע געזעצען וואָס רייניגען און מעקען אָפּ,
דאָס רחמנות דורך דער ווילדקייט פון נאטור,
די ליבע וואס באלוינט פאר די בראָדעלן,
דעם מייסטער קינסטלער הינטער זיינע טראגעדיעס,
באשאפער, צושטערער, לייטערער, נוקם,
גאָט!

קום אריין אין קרייז פון ליבע און גערעכטיגקייט,
קום אריין אין דער ברודערשאפט פון רחמנות,
פון הייליגקייט און געזונט!
שטרעק אויס גליקליבע גלידער אויף די זוניגע וואסערען,
אָדער ווער אראָפּגעשלעפּט אין דעם פוילענדיגען ווילדגראָז,
די אייטערדיגע קערפּערס.
דערלייז די נשמה פון זאמדיגער טרוקענקייט,
לאָז זי בליען מיט רויזען און שטראלען מיט די
לעבעדיגע וואסערען.

באַשולדיג נישט, און טראַכט נישט פון דיין פאַרגאַנגענהייט,
און דערקלער ניט אים דיין איינגעבוירענע שוואַכקייט,
נאָר קום, ווייל ער איז גרויזאַם,
רוף אים אומגערעכט, נאָר קום,
חוזק נישט און רוף אים נישט אַרוים, ווייל ער וועט זיגען.
ער באַטראַכט נישט דיך, ער האָט פאַרשלונגען די
וועלטען און די פעלקער,
ער האָט הומאָר אויך: קראַנקהייט און טויט פאַר
די צופרידענע גבירים.

ווייל אַזוי איז דאָס געזעץ, שטרענג, אומענדערליך,
שיינענדיג.
מאַכט מיסט פון נשמות און נשמות פון מיסט.
ציטערט אויף דעם שטויב צום הייליגען, שיינעם גייסט,
און קערט צוריק דעם גייסט צו שטויב.
קומט און איר וועט וויסען רו און פרייד.
זאָל דאָס וואָס איר פאַרלאַנגט פון דער וועלט אייך
דורכדרינגען.
און אמת זאָל זיין דאָס געזעץ פון אייער מויל.
זאָל ליבשאַפט, גוטסקייט און רחמנות דורכגיין אייך,
ווייל אַזוי זענט איר קאַנאַלען פונ׳ם געטליכען ים,
וואָס טאָר נישט פאַרפלייצען די ערד נאָר בלויז
אַריינ׳גנב׳ענען זיך
דורך שפּאַלטען אין אייערע נשמות.

סוף

פאַרלאַג

# מאַקס יאַנקאָוויטץ

## 179 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק.

---

| | | |
|---|---|---|
| THE FLIRT (אין ענגליש) — — — — — — — | | .25 |
| ליטעראַרישער דעקלאַמאַטאָר און פאָרלעזער — | .30 | .70 |
| **א בוך צום לאַכען:** | | |
| הומאָריסטישע פאָרלעזונגען — — — — | | 1.50 |
| **חיים שוים:** | | |
| די גרויסע אידישע געשיכטע, 4 בענדער | | 10.00 |
| **לאָרד בייראָן:** | | |
| אידישע מעלאָדיעס — — — — — — — — | | .40 |
| **ראָמאַן ראָלאַן:** | | |
| שוועסטער אַנעט און סילוויא — — — — | | 1.75 |
| זומער (פאַרכישופטע נשמה) ראָמאַן אין 3 טיילען — — — — — — — | | 2.25 |
| מוטער און זון, ראָמאַן אין 3 טיילען — — | | 2.25 |
| **ישראל זאַנגוויל:** | | |
| טרוימער פון דער גהעטא אין 2 בענדער — | | 4.50 |
| **ראָבערט אינגערסאָל:** | | |
| טעות'ן פון משה רבנו — — — — — — | .40 | .75 |
| **אַרטור שאָפּענהויער:** | | |
| די חכמה פון לעבען און אנדערע עסייען — | | 2.00 |
| **דר. מוזיקאַנט:** | | |
| דאָס נייע אָפּערא בוך מיט 40 אָפּעראָס — | | 2.25 |
| **ברוך שפינאָזא:** | | |
| טעאָלאָגיש-פּאָליטישער טראַקטאַט — — | | 2.25 |
| **אנאַטאָל פראַנס:** | | |
| דער אויפשטאַנד פון די מלאכים — — — — | | 2.00 |
| **אָסקאַר ווײלד:** | | |
| דאָס בילד פון דאָריאַן גרעי — — — — — | | 1.50 |
| **מ. אַרציבאַשעוו:** | | |
| סאַנין — — — — — — — — — — | | 1.50 |
| מיליאָנען — — — — — — — — — — | | 1.20 |
| פרויען — — — — — — — — — — | | 1.00 |
| אייפערזוכט — — — — — — — — — | .50 | 1.00 |
| דער לעצטער שטריך (אין 2 בענדער) — | | 3.50 |

**לאה קאַפּילאָוויטש האָפּמאַן:**

| | |
|---|---|
| אין קינדער לאַנד, פאַר קינדער צו דעקלאַמירען — — — — — — — — — — | 2.00 |

**לעאָניד אַנדרעיעוו:**

| | | |
|---|---|---|
| דער רויטער געלעכטער — — — — — — — — | .40 | .70 |

**פ. דאָסטאָיעווסקי:**

| | |
|---|---|
| אָרימע מענשען — — — — — — — — | 1.00 |
| ערנידעריגטע און באַליידיגטע (אין 2 בענד) | 3.00 |
| פאַרברעכען און שטראָף (אין 2 בענד) — | 3.50 |
| אידיאָט (אין 2 בענד, 1,000 זייטען) — — | 5.00 |

**טאָמאַס פּיין:**

| | |
|---|---|
| די צייט פון פאַרשטאַנד — — — — — — — | 2.00 |

**ווינטשענקאָ:**

| | |
|---|---|
| ערליך צו זיך אליין — — — — — — — — | 2.00 |

**וויקטאָר הוגאָ:**

| | |
|---|---|
| דער מענש וואָס לאַכט (אין 2 בענדער) — | 3.00 |

**אויגוסט סטרינבערג:**

| | |
|---|---|
| דאָס רויטע צימער, ראָמאַן — — — — — — | 1.50 |
| געזאַמעלטע דראַמען (אין 2 בענדער) — | 3.00 |
| „די פאַרברעכער" דראַמע — — — — — — | .25 |

**פּראָפ. א. פּאָרעל:**

| | |
|---|---|
| געשלעכטס פראַגע פולשטענדיג אין 2 ב. — | 4.00 |

**ס. פּשיבישעווסקי:**

| | |
|---|---|
| דעם טייוועלס קינדער — — — — — — — | 1.50 |

**מאַרק אָרענשטיין:**

| | |
|---|---|
| מיין ווייב'ס משוגעת, קאָמעדיע — — — — | .20 |

**ה. געלבוים:**

| | |
|---|---|
| מרדכי עטינגער, ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקאַ — — — — — — | 2.50 |

**פעטער אַלטענבערג:**

| | |
|---|---|
| ווי איך זעה עס — — — — — — — — — | 1.75 |

**ז. לעווין:**

| | |
|---|---|
| אין לעבען — — — — — — — — — — | 1.50 |

**ראובן לודוויג:**

| | |
|---|---|
| שריפטען — — — — — — — — — — | 2.00 |

**179 EAST BROADWAY, NEW YORK, N. Y.**
Telephone Dry Dock 7695